ישראל וו. מאַרקוס

# געקליבענע פּערל

## פון אונזער קולטור־אוצר



באנד 2

במדבר • דברים •
ימים טובים • מגילות

פאַרלאַג "אום", נויאָרק

גרייט צום דרוק:

דריטער באַנד „געקליבענע פערל"—

„וואָס דער נביא זאָגט" . . .



אַ האַרציקן דאַנק צו די אַלע פריינט
וועלכע האָבן דערמעגלעכט די אוים־
גאַבע פון דעם בוך.

**רבקה מאַרקוס.**

# במדבר

## דער מדבר אַלס וויגעלע פון אידישער תורה־קולטור — די ראָמאַנטיק פון דעם מדבר אין אונזער נבואה און אגדה

„כיצד היתה נסיעתם של ישראל במדבר? סמן היה למשה בענן אימתי היה מסתלק, כיון שהיה רואה שמסתלק, היה אומר: „קומה ד׳ ויפוצו אויביך״...

„כשהיו ישראל נוסעים, היה הארון מוקדם לפניהם, והיו שני ניצוצות של אש יוצאים מתוך בדי הארון ושורפים לפניהם את הנחשים ואת העקרבים והורגים שונאיהם של ישראל...

(תנחומא)

„איש על דגלו באותות״ — זה שאמר הכתוב (דברים ל״ב) „מצאוהו בארץ מדבר״ — מציאה גדולה מצא הקדוש ברוך הוא את ישראל, כשאדם הולך במדבר, והוא מוצא ענבים, כך מצא הקב״ה את ישראל, שנאמר (הושע ט׳) „כענבים במדבר מצאתי ישראל״, לכך נאמר: (דברים ל״ב) „ימצאהו בארץ מדבר ובתהו יליל ישימון״ — לילה היה העולם עד שלא קבלו ישראל את התורה, וכיון שבאו להר סיני וקבלו את התורה האיר העולם...

(ילקוט שמעוני)

**„וידבר ד׳ אל משה במדבר סיני...״**

**במדבר — אין דעם ווילדן, וויסטן זאַמדיקן מדבר, וואו דאָס יונג אידיש פאָלק האָט אַזוי איבערמענשלעך־גבורה׳דיק פאַרבראַכט זיין פרייע יונג־בחור׳שאַפט, וואַנדערנדיק אויף זיין וועג צו ארץ אבות...**

דער מדבר... **ווי נאָענט און אינטים לעבט נאָך אין דעם געמיט פון אידישן פאָלק יענע ווייטע, פּרימיטיווע ברענענדיק וויסטעניש, מיט אירע גליענדיקע זאַמדן, און ברענענדיקע הימלען, מיט אירע שלאַנגען און עקדישן, וואָס גלאַנצן און צישן צווישן די אָנגעהייצטע זאַמד בערג און די ווילדע אָדלערס, וואָס פליען אונטער איר פייערדיקן זון. ווי טיף זיינען איינגעקריצט אין אונדזער פאָלקס־נשמה די אַלע פּונקטן, סטאַנציעס און פּאַסירונגען, וואָס די אידן האָבן דורכגעמאַכט אויף זייערע מדבר וואַנדערונגען און קודם כל, דער צענטער פון אַלע פּונקטן — דער באַרג סיני — מיט זיין גרעסטער וועלט־היסטאָרישער פּאַסירונג — קבלת התורה!...**

**און פון די דריי וויכטיקסטע געאָגראַפישע רינגען, וואָס האָבן אויסגעפורעמט אונדזער נאַציאָנאַלן כאַראַקטער אין דעם אוניווערסאַלן מהות פון אונדזער קולטור — מצרים, מדבר און ארץ ישראל — איז, אפשר, דער מדבר געווען דער גרעסטער און שטאַרקסטער...**

**דער מדבר איז פריי און הפקר׳דיק, דעריבער, זאָגן אונדזערע בעלי אגדה, איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּלאַץ פאַר מתן תורה, וועלכע איז אויך פריי און**

הפקר׳דיק פאַר אַלעמען, „כל הרוצה ליטול יבוא ויטול״ . . .

דער מדבר איז פרימיטיוו און בראשית׳דיק . . . ער איז ניט איינגעשמידט אין מענשלעכע גרעניצן און ענג־נאַציאָנאַלע צוימען . . . ער איז דער פּאַסיקסטער פלאַץ פאַר ג—ט אַנטפּלעקונג מיט אַ וועלט־און מענש־דערלייזנדיקער תורה . . .

שוין אברהם אבינו האָט געמאַכט זיין ערשטע ריינע ג—ט דערקענטניש אין דעם פאַרלאָזענעם איינזאַמען מדבר . . .אין דער ווילדער אומגעצוימטער וויסטעניש האָט דער ערשטער פאָטער פון אידישן פאָלק דערקענט זיין בורא און דאָ האָט ער דער־פילט די גערעכטיקייט פון ג—ט און די פאַרברידערונג פון מענשן . . .

אין דעם מדבר האָט דער יונגער יצחק אבינו באַקומען די גבורה פון קדוש־השם, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה צו זיינע קינדער . . .

אין דעם מדבר האָט יעקב אבינו געזען זיין וואונדער־חלום פון דעם לייטער מיט די מלאכים, וואָס גייען אַרויף און אַראָפּ . . .

און, שליסלעך, אין דעם מדבר האָט זיך ג—ט צוערשט באַוויזן צו משה רבנו, אים באַשטימענדיק אַלס גואל פון דעם פאַרשקלאַפטן אידישן פאָלק.

אָט די פאַרגייסטיקטע ראָלע, וואָס דער מדבר האָט געשפּילט אין דעם יונג־בחור׳ישן לעבן פון אידישן פאָלק, האָט אַנגעצונדן די פאַנטאַזיע פון אונדזערע נביאים און חכמים, וועלכע האָבן געמאָלן מיט אַזעלכע קאָלירפולע פאַרבן דעם מדבר־לעבן פון די אידן, וואָס זיי האָבן באַזונגען אַלס אַ וואונדערלעכע ראָמאַנטיק צווישן די אידן און זייער ג—ט . . .

ווי שיין און האַרציק עס קלינגט נאָך היינט די נבואה פון ירמיהו הנביא, אַרויסברייננגענדיק אין זכרון די מדבר־וואַנדערונגען פון די אידן:

„הלוך וקראת באזני ירושלים״ —

גיי און זאָלסט רופן אין די אויערן פון ירושלים, אַזוי צו זאָגן:

איך געדיינק דיר די גינציקייט פון דיין יוגנט;

„די ליבשאַפט פון דיין כלה־צייט;

„דיין גיין נאָך מיר אין דעם מדבר;

„אין אַ לאַנד ניט געזייט״ . . .

דער ווילדער זאַמדיקער מדבר, מיט זיינע ברענענדיקע יסורים פון דורשט און הונגער, מיט זיינע שלאַנגען און עקדישן, האָט ניט צוריקגעהאַלטן דעם ביז אי־בער די אויערן פאַרליבטן יונגן אידישן פאָלק פון נאָכצופאָלגן ג—ט . . .

אין דעם מדבר,ביים באַרג סיני איז דאָס פאַרליבטע פּאָרל פאַר׳קנס׳ט גע־וואָרן אויף אייביק . . .

און דער נביא הושע בויט טאַקע זיין גאַנצע נבואה אויף דעם ראָמאַנטישן מאָטיוו . . .

פילע נביאים באַטראַכטן די מדבר־יאָרן פון דעם אידישן פאָלק אַלס די שענס־טע און הערליכסטע פון זיין אַמאָליקער געשיכטע.

ניט זייענדיק צוגעבונדן צו קיין גרעניצן און צו קיין לענדער מיט זייערע פאַר־

דאַרבעגע פּאַגאַנישע ציוויליזאַציעס, האָבן די אידן אין דעם מדבר אַנטוויקלט זייער אייגענעם אָריגינעלן ג—ט־באַגריף, וואָס איז געווען ריין פון געצנדינערישע איינ־פלוסן, ווי קרבנות, למשל, אויף וועלכע די נביאים האָבן געקוקט מיט ווידערווילן.

ירמיהו הנביא למשל, זאָגט אַז ג—ט האָט קיינמאָל ניט געהייסן די אידן ברייגנען עולות וזבחים ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים: „כי לא דברתי את אבותיכם ולא צויתים ביום הוציאי אותם מארץ מצרים על דברי עולה וזבח״. (ירמיהו ז׳ כ״ב).

דער נביא עמוס שטורעמט געגן דעם קרבנות קולט, וואָס איז פאַרדאַרבן גע־וואָרן, פּרעגנדיק „הזבחים ומנחה הגשתם לי במדבר ארבעים שנה, בית ישראל?״ — האָט איר מיר שלאַכט־אָפּער און שפּייז־אָפּער געבראַכט אין דעם מדבר פאַר די פערציק יאָר, איר הויז פון ישראל?

און אַזוי אַנדערע נביאים וועלכע האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז די אידן וואָס האָבן אין דעם מדבר געהערט די שטימע פון ג—ט און ניט געשטאַנען אונ־טער פרעמדע איינפלוסן, זאָלן ניט האָבן די ריינע עטישע און פאַרגייסטיקטע ג—ט דערקענטעניש.

די וואונדערלעכע באַגעגעניש און פאַרליבן זיך „ביים ערשטן בליק״ פון דעם אידישן פאָלק מיט זיין ג—ט אין דעם וויסטן מדבר ווערט באַזונגען פון משה רבנו אַליין אין זיין וואונדער־געזאַנג פאַר זיין אָפּשייד פון דער ערדישער וועלט, וואו ער זאָגט דאָרט:

„ימצאהו בארץ מדבר״ — ער האָט אים געפונען אין אַ מדבר לאַנד — „ובתהו יליל ישימון״ און אין אַ פוסטער נאַכט־וויסטעניש —

זאָגט אויף דעם דער מדרש וואָס ווערט געבראַכט אין ילקוט שמעוני:

„ לילה היה העולם עד שלא קבלו את התורה וכיון שבאו להר סיני, וקבלו את התורה האיר העולם״ — עס איז געווען נאַכט אויף דער וועלט ביז די אידן האָבן ניט מקבל געווען די תורה, און אַזוי שנעל ווי זיי זיינען געקומען צום באַרג סיני און מקבל געווען די תורה, איז די וועלט ליכטיק געוואָרן . . .

דער מדרש פאַרבינדט דעמדאָזיקן געדאַנק מיט דעם פסוק פון דער היינטי־קער סידרה „במדבר״, וואו עס ווערט באַשריבן ווי אַזוי די אידישע וואַנדערנדיקע מחנה׳ס זאָלן האָבן יעדע אירע דגלים, פאָנען, הייסט עס, און יעדער שבט זאָל האָבן זיין צייכן און זיין פאַרב אויף זיין דגל.

„איש על דגלו באותות״ — זה שאמר הכתוב (דברים ל״ב): „ימצאהו בארץ מדבר״ — מציאה גדולה מצא הקדוש ברוך הוא את ישראל, כאדם שהוא מהלך במדבר והוא מוצא שם ענבים, כך מצא הקדוש ברוך הוא אז ישראל״. — דער הייליקער גע־בענשט איז ער, האָט געפונען אַ גרויסע מציאה אין דעם מדבר, אַזוי ווי אַ מענש וואָס גייט אין דער וויסטעניש הונגעריק און דורשטיק און ער געפינט וויינטרויבן, וואָס שטילן זיין הונגער און זיין דורשט, ווי דער נביא הושע זאָגט: ״כענבים במדבר מצאתי ישראל״ . . .

און פונקט ווי משה רבנו איז געשטאַנען דערשטוינט און פאַרגאַפּט פאַר דעם ברענענדיקן דאָרן, אַזוי זיינען אונדזערע נביאים און חכמים געשטאַנען פאַר דער גוואַלדיקער דערשיינונג פון „ישראל במדבר״ . . .

עס זיינען שוין געווען גרויסע ציוויליזאַציעס אויף דער וועלט, ווי די עגיפּ־טישע און באַבילאָנישע און אַנדערע געצנדינערישע פעלקער, וועלכע האָבן געהאַט באַ־גרעניצטע לענדער, אַרמייען, באַפעסטיקטע שטעט און געוויסע קולטורן. אָבער דאָך איז די וועלט געווען פינסטער . . . נאַכט האָט געהערשט אין די הערצער פון די פעל־קער און פאַגאַנישע ווילדקייט אין זייערע נשמות . . . די עגיפּטישע ציוויליזאַציע מיט אירע אַלע חכמים און חרטומים זיינען געווען איינגעוואָרצלט אין נאַכט. זייער חכמה איז געווען באַזירט אויף דעם טויט . . . זייער ציוויליזאַציע איז געווען אַ מתים ציווי־ליזאַציע.

די באַבילאָנישע קולטור, ווידער איז געווען אָפּהייננגיק פון די שטערן און מזלות פון די טויטע הימלישע קערפּער. און גלויבנדיק אין די דאָזיקע בלינדע „אותות השמים״ זיינען זיי געווען בלינד צום לעבן. אין דיביידע אַלע ציוויליזאַציעס האָט געהערשט אַ שטאָק־פינסטערע נאַכט, אין וועלכע די ברוטאַלע פינסטערע כוחות פון דער נאַטור פירן אַ קאַמף אָן אַ גערעכטע השגחה . . .

זיינען געקומען די אידן און האָבן אָנגעצונדן די וועלט מיט זייער תורה־ליכט און פאַרטריבן די פינסטערע נאַכט, און וואו האָבן זיי דאָס געטאָן? אין וועלכן פלאַץ האָבן זיי זיך אַזוי דערהויבן? אין דעם ווילדן, פרייען, זאַמדיקן מדבר, צווישן עקדישן און שלאַנגען, אונטער אַ ברענענדיקער זון.

דאָ האָט ג—ט, כביכול, און זיין וועלט באַקומען אַ תיקון! . . .

איצט פאַרשטייען מיר וואָרום דער מדבר מיט אַלע זיינע ווידער־שפּעניקייטן, ווערט באַטראַכט פאַר אַ דור דעה פון מעכטיקע ריזן, וועלכע האָבן זיך דערהויבן צו ג—ט, געזען די אומנאַטירלעכע קולות ביים באַרג סיני, און דאָך זיך פאַרמאָסטן צו קריגן אויף אים . . .

איצט פאַרשטייען מיר וואָרום דער מדבר איז אַזוי סובלימירט געוואָרן אין די אויגן פון אונדזערע נביאים און חכמים.

ליגן זיי איצט נאָך עד היום, לויט דער לעגענדע פון רבה בר בר חנה (אין בבא בתרא ע״ב), פאַרשאָטן אונטער די הייסע זאַמד בערג פון דעם מדבר און זייערע קערפּערס זיינען נאָך פריש און שטאַרק, ווי עס זיינען געווען פריש און שטאַרק זייערע נשמות ביים לעבן . . .

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די „מתי מדבר״ האָבן פאַראינטריגירט אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער, חיים נחמן ביאַליק, וועלכער האָט, אין דעם גייסט פון דער אגדה, אָנגעשריבן זיין גוואַלדיקע קלאַסישע פּאָעמע „מתי מדבר״, וואָס רופט אַרויס אין אונדז אַ געפיל פון טיפער ערפורכט צו די אידישע מדבר־ריזן . . .

אין די אגדות פון די מדרשים ווערט אויך דער מדבר פאַרגעשטעלט אַלס אַ סימ־

באַל פאַר דעם איצטיקן גלות, וואו מיר וואַנדערן צווישן שלאַנגען און עקדישן — די שונאי ישראל, וואָס זוכן אונדז אומצוברייננגען.

„כיצד היתה נסיעתם של ישראל במדבר"? — ווי אַזוי איז צוגעגאַנגען די אידישע וואַנדערונג אין דעם מדבר? משה האָט געהאַט אַ סימן אין דעם וואָלקן. ווען דער וואָלקן איז געשטאַנען, האָבן אידן גערוט, ווען דער וואָלקן האָט זיך אָפּגעטאָן, האָט ער געזאָגט: "קומה ד' ויפוצו אויביך" — שטיי אויף, ג—ט, און זאָלן דיינע פיינט זיך צושפּרייטן . . .

לויט די וואָלקנס אויף אונדזערע וואַנדערונגען פון גלות האָבן מיר געוואוסט, ווען צו גיין פאָרוועדטס ווען צו שטיין אויף אַן אָרט . . . ווען די פינסטערע וואָלקנס האָבן זיך אָפּגעטאָן און עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, דאַן פלעגן מיר אַרויסגיין מיט מוט און קעמפן געגן אונדזערע שונאים . . . אָבער ווען שווערע וואָלקנס פון האַס און פאַרפאָלגונגען זיינען געהאַנגען איבער דעם הימל, דאַן זיינען מיר אַריין אין אונדזערע „טרענטשעס", אין אונדזערע בתי מדרשים און שולן און מיר האָבן איבערגעוואַרט, „עד יעבור זעם"

„. . . וכשהיו ישראל נוסעים", און אַז די אידן האָבן געוואַנדערט פון פלאַץ צו פלאַץ אין דעם לאַנגען מדבר־גלות — ווי אַזוי האָבן זיי געקענט בייקומען זייערע בלוטיקע שונאים, די גיפטיקע שלאַנגען און עקדישן פון דעם מדבר? — וואָס איז געווען דער כח וועלכער האָט זיי דורכגעפירט דורך די אַלע „ויסעו־ויחנו'ס" אין דעם מדבר? — דאַרויף ענטפערט דער מדרש תנחומא: „היה הארון מקדים לפניהם והיו שני ניצוצות של אש יוצאים מתוך בגדיו ושורפים לפניהם את הנחשים ואת העקרבים והורגים שונאיהם של ישראל" —

דער אידישער כח איז באַשטאַנען אין דעם וואָס דער ארון הקודש, ד. ה. די תורה איז געגאַנגען פאַראויס אויף אַלע אידישע וואַנדערונגען. די אידן האָבן זיך פאַרפאַנצערט מיט זייער ג—ט און זייער תורה, וועלכע זיינען געטראָגן געוואָרן פון זייערע גייסטיקע פירער, און די פייערדיקע פונקען פון דעם ליכטיקן אידנטום פלעגן פאַרברענען אַלע אידישע שונאים, בעת דאָס אידיש פאָלק איז תמיד געבליבן גאַנץ מיט זיין ג—ט און זיין תורה . . . .

אָבער, ניט קוקנדיק, וואָס דער מדבר לעבן איז געווען פול מיט נסים, האָט דאָך ג—ט ניט געהייסן, אַז מען זאָל זיך פאַרלאָזן אויף קיין איבערנאַטירלעכע וואונדער, און זיך צוגרייטן פאַר דעם קאַמף פאַר דעם אידישן היימלאַנד, גראדע אין דעם מדבר.

און ג—ט האָט געהייסן ציילן אַלע מלחמה־פעאיקע מענער לויט זייערע שבטים און משפחות. דאָס אידיש פאָלק מוז אָרגאַניזירט ווערן. די יונגע כוחות מוזן מאָביליזירט ווערן . . .

דאָס היימלאַנד איז באַזעצט מיט פרעמדע שכנים. אויפן וועג אין דעם מדבר, געפינען זיך נאָך פינסטערע פאַגאַנישע פעלקער, ווי עמלק'ישע נאַציס אין רפידים,

און בלק מלך מואב מיט זיין פראָפּאַגאַנדע מיניסטער בלעם, וועלכע זוכן צו פאַרניכטן דאָס אידישע פאָלק.

די אידן וועלן זיין געצוואונגען דורכצוקעמפן אַ וועג צו זייער היים און צו דעראָבערן דאָס לאַנד מיט שווערד און בויגן . . .

און אַ פאָלק, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט בלוטיקע שונאים, מוז קודם כל זיין אָרגאַניזירט און פאַראייניקט . . .

און כדי צו אָרגאַניזירן דעם גאַנצן אידישן פאָלק, האָט ג—ט געהייסן משה׳ן מאַכן אַ צענזוס פון אַלע קאַמפּס־פעאיקע אידן אין עלטער פון צוואַנציק יאָר און העכער, ציילן יעדן שבט באַזונדער און באַשטימען עלטסטע און פירער פאַר יעדן שטאַם מיט באַזונדערע פאָנען און באַזונדערע פאַרבן פאַר יעדער מחנה פון די צוועלף שבטים, וועלכע זאָלן אָבער אַלע קאָאָרדינירט און פאַראייניקט ווערן אַרום דעם „ארון העדות" אַרום דעם לעבנסצענטער פונם אידנטום.

# נשא

## דאָס אידנטום אַנטהאַלט אַ ראַציאָנאַלע לעבנס־פילאָזאָפיע, האָבן מיר ניט דעריבער קיין אינסטיטוציע פאַר נזירים און אַסקעטן

„כי יפליא" — יפריש או יעשה דבר פלא, כי רוב העולם הולכים אחרי תאותם וכו' . . .

(אבן עזרא)

„נזיר להזיר לד'" — שמעון הצדיק אמר: מימי לא אכלתי אשם הנזיר אלא אחד, פעם אחת עלה אלי אחד מן הדרום ואמרתי לו: כמותך ירבו עושי רצון המקום בישראל . . .

(במדבר רבה פ' י').

תניא ר' אלעזר הקפר ברבי אומר: „וכפר עליו מאשר חטא על הנפש" — וכי באיזה נפש חטא זה? אלא שציער עצמו מן היין נקרא חוטא, המצער מכל דבר, מכאן על אחת כמה וכמה: כל היושב בתענית נקרא חוטא . . .

(נדרים י')

**אין דער סדרה „נשא" געפינען מיר דעם גאָלדענעם שליסל צו דער אידישער** געזונטער, ניכטערער און ראַציאָנאַלער לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס אונדזערע גרויסע חכמים פון תלמוד און מדרש די אויסטייטשערס פון אונדזער תורה, האָבן אויסגעפורמט פאַר דעם אידנטום פון אַלע דורות.

און לערנענדיק מיט דעם מענשן ווי אַזוי ער קען און זאָל זיך אויסלייטערן און דערגרייכן די טיפסטע לעבנס־פרייד און די העכסטע גליקזעליקייט דורך פאַרגייסטיקן זיך מיט ג—ט און גיין אין זיינע וועגן פון גוטסקייט, ליבשאַפט, רחמנות און גערעכטיקייט, וואָס זיינען די לעבנס־יסודות פון מענש און פאָלק — האָט דאָך אונדזער תורה געוואוסט, אַז „לא בשמים היא", אַז זי איז ניט געגעבן געוואָרן צו די מלאכים אין די הימלען . . . אַז זי איז געגעבן געוואָרן צו בשר ודם'ס, צו ילוד אשה'ס, וואָס לעבן אויף דער ערד, און אַז זיי האָבן, דעריבער, אַ רעכט צו זייערע ערדישע לעבנס־פריידן און ערדישע גליקן . . .

ווען דער מענש דערגרייכט צו דער טיפער און פאַרפיינערטער דערקענטניש, אַז ג—ט איז דער באַשאַפער פון גאַנצן אומענדלעכן קאָסמאָס, און אַז ער איז דער אייב־ציקער כח פון אַלע לעבנס — פון דעם קלענסטן מילבעלע ביזן גרעסטן וויזל־טיר; פון דעם נידעריקסטן גרעזעלע ביז די העכסטע צעדער־בוימער; פון דעם אַטאָמישן שטוי־

בעלע ביז די גרעסטע מיליאמיליאסן שטערן און פלאנעטן, וואס דרייען זיך אויף זייערע גלגלים און זונען סיסטעמעס אין דעם אומענדלעכן חלל־העולם — ווען דער מענש פילט און לעבט מיט אָט־דער דערקענטניש — דאַן מוז ער אויך פילן אַ טיפע ליבשאַפט צו דער גאַנצער יצירה און אַ יראת הכבוד צו אַלץ, וואָס לעבט אין איר בחסד עליון! . . .

און די גאַנצע הערלעכע און ג—ט געבענשטע נאַטור דערשיינט פאַר דעם רעליגיעזן מענשן אין איר פולער דערהויבנקייט און שיינקייט — הוד החיים און קדושת החיים! . . .

אונדזער תורה שיידט ניט אָפּ דעם מענשן פון לעבן, ווי דאָס איז די טענדענץ פון אַנדערע רעליגיעס, נאָר, פאַרקערט, זי באַהעפט אים מיטן לעבן און אַזוי־אַרום דערהויבט זי דעם לעבן צום מענשן . . .

דעריבער טאָר אַ איד ניט פאַראַכטן דאָס לעבן און זיך ניט אָפּשיידן פון די געזונטע לעבנס־פריידן, ווי פון אַן אומווירדיקער זאַך . . .

אויב אַ מענש אַנטלויפט פון דער ציכטיקער און געבענשטער לעבנס־פרייד, וואָס ג—ט האָט אים געגעבן, איז ער אַ „חוטא", אַ זינדיקער, הייסט עס . . .

אַלץ וואָס די תורה וויל איז, אַז מיר זאָלן מיט איר און דורך איר זיך אויסלייטערן אונדזערע חיה'שע אינסטינקטן, איינצאַמען אונדזערע ווילדע ליידנשאַפטן, און פאַר־גייסטיקן אונדזער ערדיש לעבן אין קדושה און טהרה, ליבשאַפט צו ג—ט, מענש און נאַטור . . .

דעריבער דאַרפן מיר, מיט דער טיפסטער דאַנקבאַרקייט צום באַשאַפער, אָנ־נעמען אַלע זיינע מתנות פון דער יצירה און מאַכן אַ ברכה אויף אַלע געזונטע הנאות און ריינע תענוגים, וואָס אונדזער גוף געניסט דורך אונדזערע חושים — צי דאָס איז די הנאה פון אַ זיסער פרישער פרי, צי דאָס איז דער אַראָמאַטישער גענוס פון אַ שמעקנ־דיקער בלום; אָדער גאָר ווען מיר ווערן פאַרכאַפּט מיט עסטעטישער אַנטציקונג דער־זעענדיק די ברויזנדיקע כוואַליעס פון אומענדלעכן ים, אָדער דעם מאַיעסטעטישן קאָ־לירפולן זונאויפגאַנג און זונאונטערגאַנג . . .

זאָגט טאַקע די גמרא (ברכות מ"ג.), אַז מ'דאַרף מאַכן אַ ברכה אויף אַלע הנאות וואָס דער מענש האָט פון דער נאַטור, אפילו ווען מען שמעקט דעם זיסן פאַרפיום פון אַ בלום אָדער ווען מען פילט דעם אנגענעמען ריח פון אַן אתרוג, דאַרף מען דאַנקען ג—ט פאַר דעם גוטן ריח, וואָס ער האָט אַריינגעגעבן אין פירות: „ברוך שנתן ריח טוב בפירות".

און רב יהודה זאָגט דאָרט: „האי מאן דנפיק ביומי ניסן וחזי אילני דקא מלבלבי" — ווער עס גייט אַרויס אין די טעג פון דעם פרילינג־חודש ניסן און זעט די די בוימער בליען, דאַרף ער זאָגן: „ברוך שלא חסר בעולמו כלום וברא בו בריות טו־בות להתגאות בהם בני אדם" — געלויבט איז ער, וואָס האָט קיין זאַך ניט פאַרפעלט אין זיין וועלט און וואָס האָט באַשאַפן אין איר אַזעלכע שיינע באַשעפענישן און גוטע בוימער פאַר דער הנאה פון די מענשן . . .

ווי זוייט די „טויטע" און שטומע נאַטור איז אויפגעהויבן און באַלעבט געוואָרן מיט אַ נשמה אין דער רעליגיעזער פילאָזאָפיע פון אונדזערע חכמים, קען מען זען פון דעם העכסט פּאָעטישן מאמר אין מדרש (בראשית רבה פ' י"ג) אויף דעם פסוק "וכל שיח השדה":

„כל האילנות כאלו משיחים אלו עם אלו, כל האילנות כאלו להנאתן של בריות נבראו" — אַלע בוימער זיינען אַזוי ווי זיי וואָלטן ריידן איינער מיט דעם אַנ־דערן; אַלע בוימער ריידן צו די מענטשן: אַלע בוימער זיינען פאַר דעם גענוס פון די מענטשן באַשאַפן געוואָרן . . .

אַזוי איז די שטומע נאַטור ריידנדיק געוואָרן דורך דער תורה, וועלכע האָט איר עטישע נשמה אויך אין די פלאַנצן אַריינגעהויכט . . .

עס זיינען אָבער, דאָ מענטשן, וואָס גייען אַוועק אין זייער רעליגיעזער פרישות אַזוי וויט, אַז זיי פאַראַכטן דאָס לעבן און פאַרמיאוס'ן זיינע ג—ט־געבענשטע מתנות . . . און זיי ווייסן גאָר ניט, אַז זיי זיינען „חוטאים" געגן דעם ריינעם ליכטיקן און לויטערן גייסט פון דעם תורה־אידנטום . . .

אַזעלכע מענטשן זיינען, ערשטנס, גרויסע פּחדנים, פייגלינגע, וואָס האָבן מורא פאַר די נסיונות און פאַרזוכונגען פון לעבן . . צווייטנס, טונקלע אין זייערע נשמות אַ פּאַגאַנישער אָבערגלויבן, אַז כדי צו זיין נעענטער צו ג—ט, מוזן זיי זיך דערווייטערן פון לעבן, און זיי פאַרגעסן, אָדער ווייסן גאָר ניט, אַז כבודו מלא עולם . . .

און דריטנס, פאַרגעסן זיי, אַז דער מענש טראָגט אַ גרויסע אחריות, אַלס לע־בעדיקער שעפערישער מיטגליד פון דער מענשלעכער געזעלשאַפט, מיט הייליקע פאַר־פליכטונגען צום יחיד ווי צום כלל — און ער קען אָט־די אויפגאַבע זיינע ניט דערפילן אין „פרומער" פרישות און „הייליקער אָפּגעזונדערטקייט פון וועלט און לעבן . . .

דאָך קען מען ניט פאַרדענקען דעם מענטשן, וואָס פילט זיך שוואַך צו קעמפן מיט זיינע אייגענע ליידנשאַפטן אָדער געגן די פאַרדאָרבנקייטן פון זיינע מיטמענטשן, וועלכע פאַרפּאַסקודעווען דעם לעבן, אַז ער אַנטלויפט פון זיין סביבה און פון זיך אַליין, זוכנדיק גייסטיקע אַנטרינונג אין פרישות און נזירות.

זיך רעכענענדיק מיט יענע שוואַכע און שרעקנדיקע מענטשן, האָט די תורה, אין איר גרויס חסד, ניט פאַרבאָטן די אינסטיטוציע פון נזירות, וואָס איז בעצם ניט לפי רוחה, אַזוי ווי זי האָט ניט אָפּגעשאַפט דעם גאַנצן קרבנות־קולט, ווייל זי האָט זיך גערעכנט מיט מענשלעכע שוואַכקייטן.

ווען אַ מענש פילט זיך אַזוי שוואַך, אַז ער האָט מורא פאַר זיך אַליין; ווען אַ בן אדם פילט, אַז ער וועט ניט קענען ביישטיין די נסיונות פון לעבן, און באַשליסט, דעריבער, זיך איינצושמידן אין די קייטן פון נזירות, האָט אים די תורה געזאָגט אַז ער מעג עס טאָן, אָבער ער דאַרף וויסן, אַז ער באַגייט אַ זינד זיך אָפּזאָגנדיק פון די תענוגים און הנאות פון לעבן . . .

דעריבער הייבט אָן די תורה צו ריידן וועגן דעם ענין „נזיר" מיט דעמזעל־

ביקן טאָן, וואָס זי הייבט אָן צו ריידן וועגן קרבנות „אדם כי יקריב" — וואָס דריקט אויס פריוויליקייט, און אויך דאָ זאָגט די תורה: „איש או אשה כי יפליא לנדר נדר נזיר להזיר לד'" — אַז אַ מאַן אָדער אַ פרוי וועלן זיך אָפּשיידן אַ נדר צו טאָן דעם נדר פון אַ נזיר צו ג—ט אויבּ אַ מענש פילט אַזאַ באַדערפעניש אַרויסצוגעמען אויף זיך נזירות, מעג ער עס טאָן . . .

אָבער פונקט ווי ביי קרבנות האָט די תורה געזוכט אַרויסצוהייבן דעם קולט פון זיין פּאַגאַנישן גייסט, אַזוי האָט זי אויך געזוכט אַרויסצוהייבן די אינסטיטוציע פון איר פּאַגאַנישן אינהאַלט און איר באַזעלן מיט דעם לויטערן גייסט פון דעם ביכטער־ן, ראַציאָנאַלן אידנטום.

„כי יפליא" — טייטשט דער אבן עזרא: „יפריש או יעשה דבר פלא, כי רוב העולם הולכים אחרי תאותם" — וועט זיך אָפּשיידן אָדער טאָן אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך (פון לשון „פלא"), ווארום דער רוב מנין פון דער וועלט פאָלגן נאָך זייערע ליידנ־שאַפטן און ער, דער נזיר, זוכט איינצוצאַמען זיינע תאות דורך אָפּשיידן־זיך פון לעבן . . .

אַז די תורה האָט געדולדעט די אינסטיטוציע פון נזירות בלויז פאַר אַזעלכע מענשן, וואָס האָבן זיך געפילט שוואַך געגן זייער יצר הרע, קען מען זען פון דער מעשה, וואָס שמעון הצדיק, וועלכער איז געווען אַליין אַ כהן, האָט דערציילט, אַז ער האָט קיינ־מאָל ניט געגעסן פון דעם קרבן אשם, וואָס אַ נזיר דאַרף ברענגען, ווייל ער האָט ניט געגלייבט קיין נזירים . . .

„בלויז איינמאָל" — האָט שמעון הצדיק דערציילט — „האָב איך געגעסן פון דעם קרבן אשם פון אַ נזיר, און פּאַסירט האָט עס אַמאָל, ווען צו מיר איז געקומען אַ יונגערמאַן פון דרום ארץ ישראל און ער איז געווען אַזאַ שיינער מיט אַ ראַזיקן פּנים, שיינע אויגן און זיינע האָר געקרייזלט אין לאָקן. האָב איך אים געפרעגט: ווארום האָס־טו פאַרדאָרבן דיינע שיינע האָר? (ווייל אַ נזיר מוז זיך אָפּשניידן די האָר). האָט ער מיר געזאָגט: איך בין געווען אַ פּאַסטוך, רבי, אין מיין שטעטל און איך בין געגאַנגען אָנשעפּן מיין עמער מיט וואַסער פון קוואַל, דאַן האָב איך דערזען מיין געשטאַלט אין וואַסער און מיין יצר הרע האָט מיר אָנגענומען און מיר געוואָלט פון דער וועלט אומ־ברענגען, האָב איך זיך אַליין געזאָגט: רשע, וואָס ביסטו אַזוי גרויס ביי זיך מיט אַ זאַך וואָס איז ניט דיינס, מיט אַ זאַך וואָס וועט ווערן ערד און ווערים! . . . איך וועל דיר אָפּגעבן צום הימל און דיינע האָר אָפּגאָלן צום הימל . . .

„האָב איך איינגעבויגן מיין קאָפּ" — דערציילט שמעון הצדיק — „און אים געקושט און געזאָגט צו אים: אַזעלכע ווי דו, וואָס קעמפן מיט זיך צו טאָן ג—ט'ס ווילן, זאָלן זיך מערן צווישן אידן. אויף דיר האָט דער פסוק געזאָגט: „להזיר לד'" (במדבר רבה פ' י').

מיר זעען, אַלזאָ, אַז ריידנדיק וועגן נזירות, האָט די תורה געהאַט אין זינען אַזעלכע מענשן, וואָס פילן זיך שוואַך צו קעמפן געגן זייערע תאוות אָן די וואָפן פון פרישות און אַסקעטיזם . . .

אויב נזירות קען זיי העלפן צו ווערן בעסערע מענשן, איז מהיכי תיתי און זאָלן זיי געבענשט זיין, אָבער ווייסן זאָלן זיי, אַז סתם נזירות איז בלויז פאַר דרייסיק טעג און אַפילו דאָס אויך איז ניט אין איינקלאַנג מיט דעם לויטערן גייסט פון אונדזער תורת חיים און דער וואָס נעמט אַרויף אויף זיך נזירות, איז אַ „חוטא", ווי די גמרא (נדרים י'), דרינגט עס פון דעם פסוק „וכפר עליו מאשר חטא על הנפש" — און ער וועט אים פאַרגעבן פאַר דער זינד וואָס ער איז באַגאַנגען אויף דער נשמה —

פרעגט די גמרא „וכי באיזה נפש חטא זה. אלא שצער עצמו מן היין" — וועגן וועלכער נשמה האָט דאָ דער נזיר געזינדיקט? אלא מוז איך זאָגן, אַז זיין זינד איז געווען, וואָס ער האָט מצער געווען זיין גוף פון וויין, איז דאָך אַ קל וחומר: מה דאָך דער נזיר, וואָס האָט זיך מצער געווען בלויז פון וויין אַליין, ווערט אָנגערופן אַ זינדער, אַ פשיטא שוין דער, וואָס איז זיך מצער פון יעדער זאַך, איז דאָך אודאי ווערט אָנגערופן צו ווערן אַ זינדער, דערפון איז געדרונגען, אַז דער וואָס זיצט אין תענית איז אַ זינדער . . .

אָט פון דעם מאמר שטראַלט אַרויס די געזונטע, ליכטיקע, ניכטערע און ראַציאָנאַלע וועלט־אָנשויאונג פון דעם אידנטום!

דאָס איז דערפאַר, וואָס דאָס אידנטום איז אין זיין מהות אַ סאָציאַלע לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס קוועלט אַרויס פון דער טיפער עטישער ג—ט־דערקענטניש, און דעריבער איז אים פרעמד דער אַסקעטיזם, וואָס איז אין זיין תוך פּאַגאַניש און אַבער־גלויביש . . .

מיר האָבן ניט קיין אינסטיטוציע פאַר נזירים און פליכטלינגע פון לעבן, ווי אַנדערע פעלקער. די גאַנצע קריסטלעכע וועלט איז פאַרפלייצט מיט מאָנאַסטירן און קאָנווענטן, וועלכע דינען אַלס צופלוכט־פלעצער פאַר אַלע פאַנאַטישע „פליכטלינגע פון לעבן" וועלכע האָבן געוואָרפן אַ האַס אויף דער מענשלעכער געזעלשאַפט און אויף נאַטור און לעבן . . .

מיר, אידן, האָבן קיינמאָל ניט געהאַט אַזעלכע אינסטיטוציעס פאַר אַסקעטן און נזירים, ווייל דער היסטאָרישער גאַנג פון דער אידישער קולטור איז תמיד געווען אויף דעם גאָלדענעם מיטל־וועג, וואָס איז אויפגעפלאַסטערט און אויסגעטראָטן געוואָרן פון אונדזערע נביאים און חכמים — די אויסטייטשער און אויספורמער פונם היסטאָרישן אידנטום . . .

עס זיינען אַמאָל געווען ביי אידן עקסטרעמע סעקטן, וועלכע האָבן געזוכט אַראָפּפירן דעם גאַנג פון אידנטום פון דעם דרך המלך און אים פאַרקירעווען אויף מאָדנע אומראַציאָנאַלע, טונקעלע, הינטער־וועגן, ווי די „בני רכב" אָדער די „ראַכאַביטן", וועלכע האָבן געהאַסט די שטאָטישע ציוויליזאַציעס און גערופן אידן צוריק צום מד־בר. שפּעטער האָבן זיך אַנטוויקלט צוויי עקסטרעמע סעקטעס ביי אידן: די צדוקים, וועלכע זיינען געווען עקסטרעם וועלטלעך און צו ערדיש, און די "איסיים", וועלכע האָבן געזוכט צו אַנטלויפן פון דער וועלטלעכקייט. צווישן זיי זיינען געווען די "פרושים" —

יענע ליכטיקע, גייסטיקע ריזן, וועלכע האָבן אונדז געפירט אין דעם גאָלדענעם מיטל־
וועג און אויסגעפורמט פאַר אונדז די לעבנס־חכמה און פילאָזאָפיע פון דעם אידנטום
פאַר אַלע דורות און אַלע צייטן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# בהעלותך

## דער מהות פון דער אידישער קולטור, ווערט סימבאָליזירט אין דער מנורה מיט די זיבן ליכט

„בהעלותך את הנרות" — אמר ישראל לפני הקב"ה: רבונו של עולם, לנו אתה אומר שנאיר לפניך? . . אתה הוא אורו של עולם והאורה דרה אצלך דכתיב (דניאל ב'): „ונהורא עמית שרא" — ואתה אומר: „אל מול פני המנורה . . . אמר להם הקב"ה לא שאני צריך לכם אלא שתאירו לי בדרך שהארתי לכם, למה? לעלות אתכם בפני אומות, שיהיו אומרים: ראו, האיך ישראל מאירין למי שהוא מאיר לכל העולם . . .

(במדבר רבה ט"ו).

„אל מול פני המנורה יאירו" — מלמד שמצדד פניהם כלפי נר מערבי ונר מערבי כלפי שכינה . . .

(מגילה כ"א).

אין דער סדרה „בהעלותך" געפינען מיר דעם שליסל צו דעם היכל פון אונדזער תורה־קולטור, וואָס איז באַלויכטן פון דעם מקור האורה, דעם ליכט קוואַל פון דער וועלט, וועלכער שטראַמט מיט ליכטיקייט און קדושה, מיט חכמה און חסד, מיט גבורה און שיינקייט, מיט גליקזעליקייט פאַרן יחיד און וועלט־דערלייזונג פאַרן כלל, זינט דער אנכי האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז אין זיין גאַנצן אין־סוף׳יקן פראַכט ביי באַרג סיני . . .

און ווען מיר ווילן אַריינבליקן אין דעם סאַמע מהות פון דער אידישער תורה־קולטור, וואָס שיידט איר אויס פון די קולטורן פון אַנדערע פעלקער זאָלן מיר זיך אָפּשטעלן ביי דער מנורה, וואָס האָט געברענט אין דעם אידישן בית המקדש, סימבאָליזירנדיק מיט אירע זיבן ליכטער די מנורה פון דער וועלט, אין וועלכער עס ברענען און לייכטן די אַזוי גערופענע "שבע חכמות" פון דער מענשלעכער קולטור, וואָס ג—ט האָט משפּיע געווען אויף זיין בחיר היצירה, ער זאָל קענען גיין אַלץ העכער און העכער אויף דעם לייטער פון אַנטוויקלונג צו אַלץ העכערע פולקאָמענהייטן — מיר וועלן דאָן דערזען ווי די אידישע קולטור האָט זיך פון אין אורשפּרונג אָן פאַרוואָרצלט און פאַרפלאָכטן אין דעם מקור־האורה, און ווי דער אורו של עולם האָט זיך קאָנצענטרירט ווי די זון אין אַ ברענגלאָז, אין די גייסטיקע אויסשטראַלונגען פון דעם היסטאָרישן אידנטום . . .

**די תורה זאָגט:**

„בהעלותך את הנרות אל מול פני המנורה יאירו את שבעת הנרות" — אַז דו וועסט אַרויפברייגגען די ליכטער, זאָלן אַלע זיבן ליכטער לייכטן צום פּנים, צום צענטער פון דער מנורה. דאָס הייסט: אַז אַלע זיבן רערן פון דער מנורה דאַרפן זיין גענייגט צום מיטלפונקט, צו דער האַרץ פון דער מנורה . . .

און די האַרץ פון דער מנורה סימבאַליזירט די שכינה, ווי די בריתא אין דער גמרא (מגילה כ"א) זאָגט עס גאַנץ דייטלעך:

"אל מול פני המנורה יאירו" — מלמד שמצדד פניהם כלפי נר מערבי ונר מערבי כלפי שכינה — „אנטקעגן דעם פּנים פון דער מנורה" מיינט אַז די ליכט דאַרפן זיין גענייגט צו דער זייט פון דער מערב־ליכט און דאָס מערב־ליכט אין דער ריכטונג פון דער שכינה.

אָט אַזוי דאַרף זיין דאָס געבוי פון דער אידישער קולטור . . .

אַזוי דאַרף לייכטן דער אידישער גייסט אויף דער וועלט . . .

אַלע זיבן לייכטער פון דער אידישער קולטור דאַרפן ברענען און לייכטן "כלפי שכינה" . . .

און דאָס איז דער סוד פון „אני ד' אלקיכם אשר הבדלתי אתכם מן העמים". (ויקרא ב').

דאָס איז דער טיפער אונטערשייד צווישן דער אידישער תורה און די קולטורן פון אַנדערע פעלקער . . .

מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז אויך ביי אַנדערע פעלקער ברענט אַ שיינע ליכטיקע מנורה מיט זיבן ליכט — די זיבן חכמות, מיט וועלכע ג—ט האָט, אין זיין גרויס חסד, באַשאָנקען די גאַנצע מענשהייט. דאָס זיינען די חכמות פון פאַרשידענע וויסנשאַפטן פון נאַטור, פילאָזאָפיע, די פּלאַסטישע און מאַלערישע קונסטן, ליטעראַטור, מוזיק, מאַטעמאַטיק און די פיינע ג—טלעכע אינטואיציע פון ג—ט־באַקענטניש, וואָס וועקט, נערט און באַפרוכפּערט דעם מענשלעכן אינטעלעקט מיט דעם עטישן באַוואוסטזיין פון ליבשאַפט און גערעכטיקייט צו אַלע באַשעפענישן . . .

אָט דאָס גרויסע ליכט פון טיפער עטישער ג—ט־עמפינדונג, וואָס פאַרגייסטיקט און לייטערט אויס דעם מענשן צו דער העכסטער און לויטערסטער אהבת השם און אהבת הבריות, איז דער „פני המנורה", דער מיטלפונקט פון דער גאַנצער מנורה — די שכינה, ווי די גמרא רופט עס — צו וועלכער אַלע חכמות פון דעם מענשלעכן אינטעלעקט דאַרפן זיין גענייגט . . .

אַלע פילאָזאָפיעס, אַלע וויסנשאַפטן, אַלע קונסטן און דערפינדונגען פון דעם מענשלעכן זשעני מוזן לייכטן צו דעם מיטלסטן ליכט, וואָס איז די האַרץ פון דער וועלט . . .

אַלע זיבן ליכט פון דער קולטור־מנורה דאַרפן זיין גענייגט און אונטערגעוואָרפן „כלפי שכינה" . . .

די מענשלעכע קולטור, מיט אַלע אירע זיבן חכמות, דאַרף זיין באַלויכטן פון דער עטישער ג—ט דערקענטניש, מוז שטיין אין דינסט פון ג—ט און מענש. אויב ניט, איז זי ניט קיין מענשלעכע קולטור, נאָר אַ קולטור פון ראָבאָטס, פון געבילדעטע חיות...

אויב די ליכט פון דער מנורה זיינען אָפּגעקערט פון דעם צענטער, פון דער שכינה, הייסט עס, און יעדער איז פאַרדרייט אַן אַ זייט און שיינט פאַר זיך אַליין — אַזאַ מנורה איז פּסול פאַר דעם משכן... אַזאַ קולטור־מנורה קען ווערן אַן אומגליק פאַר דעם מענשלעכן לעבן....

די ליכט פון אַזאַ ג—טלאָזע מנורה ברענגען ניט קיין גליק פאַר די מענשן, נאָר אומגליק און חורבן...

אָט האָט אונדזער דור דערגרייכט צו אַ ריזיקער טעכנישער ציוויליזאַציע. דער מענשלעכער זשעני האָט אויפגעטאָן ממש וואונדער אויף אַלע געביטן פון די וויסנ־שאַפטן און קונסטן. מיר שטייען היינט אויף דער העכסטער מדרגה פון טעכנישער אַנט־וויקלונג. מיר האָבן דעראָבערט די לופט דורך עראָפּלאַנען, ראַדיאָ און דראַטלאָזע טע־לעגראַפיע; מיר האָבן אַ שלל מיט כעמישע אַנטדעקונגען און טעכנישע דערפינדונגען, און מיר קענען איינשפּאַנען די כחות פון דער נאַטור, וועלכע טוען פאַר אונדז די אַר־בעט אין פעלד און שטאָט, אין הויז, אין אָפיס, אין פאַבריק, אויף דער יבשה און אויף די ימים — האָבן מיר דאָך געדאַרפט גליקלעך זיין; האָבן דאָך מענשן און פעלקער גע־קענט לעבן אין שלום און פרייד, האָט דאָך אונדזער ערד געדאַרפט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גן־עדן!

וואָרום וואַרפט זיך אָט־די מאַמע־ערד אין אַזעלכע מורא׳דיקע קאָנוואולסיעס פון מלחמה, טויט, האַס און חורבן, וואָס ווערן געבראַכט אויף דער וועלט מיט דעם כח פון יענע „שבע חכמות" וועלכע דאַרפן ברענגען גליק און ליכט צו דעם מענשן?!...

איז, אָבער, די צרה, וואָס אָט־די ליכט פון דער מענשלעכער קולטור ברענען ניט „אל מול פני המנורה"... זייער ליכט איז ניט געלייטערט פון דעם „אורו של עולם" — פון דער שכינה, וואָס איז די האַרץ פון דער וועלט...

באַלייכט ניט זייער מנורה די מענשלעכע אויגן, נאָר פאַרדרויכערט זיי און פאַרבלענדט זיי מיט האַס און פינסטערניש, און פאַרטשאַדעט זייערע קעפּ ביז משוגעת.

זיצן זייערע פילאָזאָפן און דענקען אויס טעאָריעס פון שנאה און רציחה צווישן מענש און פאָלק... זיצן זייערע וויסנשאַפטלער אין די לאַבאָראַטאָריעס און אַנטדעקן נייע נאַטור־סודות צו פאַבריצירן אויפרייס שטאָפן, באָמבעס, גיפטיקע גאַזן און אַנדערע טייוולשע משחיתים צו פאַרניכטן די מענשהייט דורך האַס און מלחמות...

און דער מענש, דער „האָמאָ סאַפּיענס", דער גרויסער בעל שכל, איז מיט זיין גאַנצער קולטור, געבליבן אין זיין ווילדן פרימיטיוון צושטאַנד... אַלץ וואָס ער האָט דערגרייכט מיט זיין „ציוויליזאַציע" איז, וואָס ער איז געוואָרן אַ געבילדעטע חיה און איז, דעריבער, נאָך געפערלעכער פאַר דער געזעלשאַפט ווי דער דזשאַנגל־בושמען...

אַט־זעט: אַפילו די פרידלעכע גליק־ברייננגענדיקע דערפינדונגען און נייע מאַ־שינעס צו פאַרלייכטערן דעם מענשן אין זיין קאַמף מיט די רויע נאַטור־כוחות, זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קללה פאַר דער אַרבעטנדיקער מענשהייט . . .

וואָס מער מאַשינעס עס ווערן דערפונדן, אַלץ מער לוין־אַרבעטער ווערן אַרויסגעוואָרפען פון זייערע פּאָזיציעס, ווייל אין דער מאָדערנער וועלט פון אינדוסטריע און מסחר איז די מנורה אינגאַנצן אַ פּסול׳ע . . .

אַט אַזוי ברענען די „מנורות״ אין די קולטורן פון די פעלקער, וואו אַנשטאַט ליכט און גליק, ברייננגען זיי פינסטערניש און אומגליק . . .

ניט אַזוי, אָבער ברענט און לייכט די מנורה פון תורה־און נבואה־קולטור אין דעם היסטאָרישן אידנטום. אַלע ליכט זיינען געניגט אל מול פני המנורה, צו דעם פּנים פון דער שכינה כביכול, וואָס איז דער עטישער ליכט־קוואַל פון דער וועלט.

פון אברהם אבינו ביז משה רבנו, ביז אויף אַלע נביאים, תנאים, אמוראים, חכמים, פילאָזאָפן, דיכטער, קינסטלער און דענקער, וועלכע האָבן אויסגעשפּונען דעם הערלעכן אידישן קולטור־געוועב פון אונדזער מנורה — האָבן זייערע אַלע ליכטיקע שאַפונגען זיך געטובל׳ט אין דעם ליכט־שטראָם פון דעם „אורו של עולם״, וואָס איז די האַרץ פון דער אידישער מנורה . . .

די אידישע קולטור־שאַפונגען זיינען תמיד מאָטיווירט און באַלעבט געוואָרן פון דער טיפער ריינער ג—ט־דערקענטניש און האָבן געאָטעמט מיט זיינע אַטריבוטן, מידות הייסט עס, פון אהבה,חסד, רחמים, קדושה, הוד, תפארת און גבורה . . .

„בהעלותך את הנרות״ — אמרו ישראל לפני הקדוש ברוך הוא: רבונו של עולם לנו אתה אומר שנאיר לפניך? — אתה הוא אורה של עולם והאורה אצלך — האָבן די אידן געזאָגט צו דעם הקדוש ברוך הוא: אונדז זאָגסטו, אַז מיר זאָלן דיר באַלויכטן? דו ביסט דאָך אַליין דאָס ליכט פון דער וועלט און דער קוואַל פון ליכט איז דאָך ביי דיר, ווי עס שטייט געשריבן (דניאל ב׳): ״ונהורא עמיה שרא״ — און דו זאָגסט גאָר „אל מול פני המנורה?״ עס שטייט דאָך געשריבן: „כי אתה תאיר וכו׳ ״ — דו אַליין צינדסט־אָן מיין ליכט . . .

„ אמר להם הקדוש ברוך הוא: לא שאני צריך לכם, אלא שתאירו לי בדרך שהארתי לכם״ — האָט זיי הקדוש ברוך הוא געזאָגט: ניט ווייל איך דאַרף האָבן אייער ליכט, האָב איך אייך געהייסן אָנצינדן אַ מנורה ווענעס ליכט עס דאַרפן זיין געניגט „ אל מול פני המנורה״, נאָר איך וויל, אַז איר זאָלט מיר באַלייכטן אַזוי ווי איך האָב אייך באַלויכטן . . . אייער ליכט זאָל ברענען מיט מיינע אויסשטראַלונגען . . .

און ווייסט איר פאַרוואָס?

„כדי להעלות אתכם בפני אומות העולם שיהיו אומרים: ראו האיך מאירין למי שהוא מאיר לכל העולם״ (במדבר רבה ט״ו) — כדי אייך צו דערהויבן אין די אויגן פון די פעלקער פון דער וועלט, זיי זאָלן זאָגן זעט ווי די אידן באַלייכטן דעם, וועלכער באַלייכט די גאַנצע וועלט . . . .

דער מדרש דריקט דאָ אויס דעם טיפֿן אונטערשייד צווישן דער אידישער תורה־קולטור און די קולטור פון אַנדערע פעלקער. דאָס ליכט פון דער אידישער קול־טור וואָס איז געניגט כלפּי שכינה.

די אידישע תורה־קולטור, ווי זי ווערט סימבאָליזירט אין די מנורה איז, אַלזאָ, אַן עליה, וואָס דערהויבט דעם אידישן פאָלק פון אַלע פעלקער, און דאָס איז דער סוד פון „בהעלותך" . . .

„וזה מעשה המנורה מקשה זהב עד ירכה עד פרחה מקשה היא" — און דאָס איז די פונקציע פון דער אידישער מנורה, וואָס איז אויסגעהאַקט פון איין שטיק גאָלד פון אונטן ביז אויבן (אַ רמז אויפן אחד . . .) מיט אַלע אירע בליאונגען און באַפּוצונגען — דאָס איז דער מהות פון אונדזער ליכטיקער תורה־קולטור, וואָס איז אויסגעהאַקט און אויסגעשמידט געוואָרן פאַר אַלע צייטן און אַלע דורות . . .

און דאָס דאַרפן האָבן אין זינען אונדזערע אַזוי גערופענע קולטור־שאַפער און קולטור־טוער פון אַלע ריכטונגען, וועלכע זיינען איצט אַזוי באַזאָרגט געוואָרן פאַר דעם קיום פון אונדזער קולטור . . .

זאָלן אונדזערע קולטור־שאַפונגען זיך ניט אָפּרייסן פון דער אידישער מנורה; זאָלן די שעפערישע ליכט פון אונדזערע מאָדערנע דענקער און דיכטער זיין גענייגט „אל מול פני המנורה", וועלן זייערע שאַפונגען האָבן אַ קיום און ברענגען גליק פאַר דער וועלט . . .

און דאָס איז דער נביאות׳דיקער רעיון פון מדרש, וואָס זאָגט אויף דעם פסוק „אל מול פני המנורה", אַז ג—ט האָט געזאָגט צו די אידן: ניט איך דאַרף אייער ליכט, נאָר איר זאָלט מיר באַלויכטן אַזוי ווי איך האָב אייך באַלויכטן מיט די אויסשטראַלונגען פון מיין אין־סופיקן ליכט־קוואַל, כדי איר זאָלט זיך אַרויסהויבן פון די אַנדערע פעל־קער און באַקומען אַן עליה דורך אייער אייגנאַרטיקע תורה־ונבואה־ליכט, וואָס וועט דאָך אַמאָל דורכדרינגען די שווערע וואָלקנס וועלכע באַדעקן דעם הימל פון די פעלקער, און זיי באַלויכטן מיט זיין ליכט פון וועלט דערלייזונג, ווי דער נביא זאָגט פאַראויס: „והלכו גויים לאורך" —

# שלח

## די מרגלים — דער קלאַסישער מוסטער פון דעפיטיסטן און אַפּיזערס אין יעדן קאַמף פאַר פרייהייט. — די מאָדערנע "יהושעס" און "כלביס" אין איצטיקן קאַמף קעגן וועלט טיראַנען. — די צוויי כחות וואָס האָבן געראַטעוועט דעם אידנטום פון "עצת המרגלים"

„שלח לך" — אמר ריש לקיש: מדעתך . . . חיינו דכתיב (דברים א') „ויטב בעיני הדבר" — אמר ריש לקיש בעיני, ולא בעיניו של מקום. (סוטה ל"ד).

„ויקרא משה להושע בן נון יהושע אמר: יה יושיעך מעצת המרגלים (שם).

„ויעלו בנגב ויבא" — „ויבאו" מבעי ליה? אמר רבא מלמד שפרש כלב מעצת מרגלים והלך ונשתטח על קברי אבות. אמר להם: אבותי, בקשו רחמים עלי! יהושע כבר בקש משה עליו רחמים, שנאמר: ויקרא משה להושע יהושע־יה יושיעך מעצת מרגלים . . . (שם).

„וילכו ויבאו"" — אמר ר' יוחנן משום ר' שמעון בן יוחאי: מקיש הליכה לביאה, מה ביאה בעצה רעה אף הליכה בעצה רעה . . . (שם ל"ה).

„עמלק יושב בארץ הנגב" — מה ראו לפתות בעמלק? משל לתינוק שסרח ולקה ברצועה וכשמבקשין להפחידו, מזכירין לו הרצועה שלקה בה. כך היה עמלק רצועה רעה לישראל. (במד־בר רבה, פ' ט"ז).

„ויבכו העם בלילה ההוא" — אמר רבה אמר ר' יוחנן: אותו הלילה ליל תשעה באב היה, אמר להם הקב"ה: אתם בכיתם בכיה של חנם ואני קובע לכם בכיה לדורות. (תענית כ"ט).

מרגלים! . . . דעפיטיסטן . . .

שוואַרץ־זעער און „פינפטע־קאָלומניקעס" מכל המינים, וועלכע זוכן איינצו־שרעקן און אָפּשוואַכן די כחות פון פאָלק גראָדע ווען עס שטייט פאַר אַ שווערן קאַמף קעגן אַ גרויזאַמען, מעכטיקן שונא, זיינען תמיד געווען די קללה און די שאַנד פון די פעלקער . . .

און ווייסט ג—ט, וואָס דער גורל פון דער מענשהייט וואָלט געווען, ווען

אין די טאָמע קריטישע מאָמענטן פון קאַמף פאַר פרייהייט און מענשלעכער חשיבות, וואָלטן זיך ניט באַוויזן אויף דער סצענע יענע מוטיקע און העלדישע „יהושע בן נון'ס" און „כלב בן יפונה'ס" וואָס זיינען בכח צוצושטערן די „עצת המרגלים", פאַראייניקן דאָס פאָלק און פירן אים צו נצחון און פרייהייט . . .

דאָס איז אייגנטלעך דער זין און דער צוועק פון דער גאַנצער „מעשה המרגלים", ווי די תורה דערציילט עס אַזוי באַדייטפול און אַזוי גורל'דיק אין דער סדרה „שלח", און פון דעם דראַמאַטישן און פסיכאָלאָגישן בילד וואָס אונדזערע חכמים פון תלמוד און מדרש האָבן אַרום דעם מרגלים־עפּיזאָד געשאַפן.

איך האָב שוין, אין איינעם פון אונדזערע פריערדיקע דיסקוסיעס, אַמאָל באַ־מערקט, אַז כדי צו פאַרשטיין און אָפּשאַצן די געשעענישן, פּאַסירונגען און עפּיזאָדן פון דער תורה, מוזן מיר זיי באַטראַכטן אונטער דער ליכט פון דער אייביקייט . . . מיר מוזן זיי אויסברייטערן אַרטלעך און צייטלעך . . .

אַזוי האָבן אונדזערע גרויסע חכמים, זכרונם לברכה, פאַרשטאַנען די תורה, און אַזוי דאַרפן מיר אויך זוכן צו פאַרשטיין אונדזערע חכמים . . .

עס איז אַזוי ווי אַ שטיין, וואָס ווערט אַריינגעוואָרפן אין אַ טייך. צוערשט ווערט אַ קליינער בולט'ער קרייז אַרום דעם פּלאַץ, וואו דער שטיין איז געפאַלן. דאַן פאָלגן אַלץ גרעסערע קרייזן אַרום דעם ערשטן רינג, וואו דער שטיין איז געפאַלן. די קרייזן ברייטערן זיך אַלץ ווייטער אויס איבער דעם גאַנצן טייך און מאַכן וויב־רירן דאָס וואַסער, ביז צו זיינע ברעגעס. מיר זעען דאַן, ווי די גאַנצע וואַסער־פלאַך איז געזעצט געוואָרן אין באַוועגונג פון דעם שטיין וואָס איז געפאַלן אין דעם וואַסער.

אַזוי זיינען די דערציילונגען, עפּיזאָדן און פּאַסירונגען, וואָס ווערן איבערגע־געבן אין דער תורה. זייער ערשטער ווערט איז נאַטירלעך פון צייטלעכן און לאָקאַלן באַדייט, אָבער צוליב זייער צייטלעכן באַדייט, וואָלט זיי די תורה ניט אַריינ־געשריבן. מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז דער געשיכטלעכער טייל פון חומש איז לחלו־טין ניט די גאַנצע געשיכטע פון אידישן פאָלק. עס זיינען געווען פיל מער פּאַסירונגען מיט די אבות און מיט די ערשטע אידן, וועלכע די תורה האָט ניט פאַרצייכנט, ווייל זיי זיינען ניט געווען פון אייביקן אָדער קאָסמישן ווערט. אַזעלכע געשעענישן מיט אונדזערע אבות, מיט די שבטים, אין מצרים און דעם מדבר, וועלכע זיינען געווען בלויז פון אַ צייטלעכן און לאָקאַלן כאַראַקטער, האָט די תורה ניט פאַרשריבן. יענע ניט־פאַר־צייכנטע פּאַסירונגען האָבן בלויז געמאַכט אין קליינעם קרייז אויף דער אויבערפלאַך פון דאַמאָלסדיקן אידישן לעבן. קיין נייע גרעסערע קרייזן זיינען פון זיי ניט אויסגע־ברייטערט געוואָרן . . . עס איז אין זיי ניט געלעגן קיין תורה און קיין חכמה לדורות — האָט די תורה דעריבער זיי ניט אַריינגענומען . . .

ווארום די אויפגאַבע פון דער תורה איז ניט געווען צו שרייבן געשיכטע. איר צוועק איז געווען צו שרייבן אַ תורת חיים, אייביקע געזעצן פאַרן לעבן און פון דעם לעבן . . .

די געשיכטעס און מעשיות, וואָס מיר געפינען אין דער תורה זיינען, דערי־בער, פונקט אַזוי אייביק און אַנטהאַלטן דיזעלביקע אין־סופ׳יקע חכמה, ווי אירע גע־זעצן און דינים, וועלכע זיינען „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם" — פאַר דעם גליק פון יחיד, פון פאָלק און פון דער גאַנצער מענשהייט.

אין דעם ליכט האָבן אונדזערע חכמים אויפגעפאַסט דעם טרויעריקן עפּיזאָד פון די מרגלים, באַשאַפנדיק אַ גוואַלדיקע דראַמע, אין וועלכע עס שפּיגלען זיך אָפּ די מענשלעכע מאַסן־כחות און זייער שוואַכקייט און עלנטקייט, ווי אין זייער שטאַרקייט און מוטיקייט . . .

און ווען מיר באַטראַכטן דעם גורל׳דיקן דראַמאַטישן בילד, וואָס אונדזערע חז״ל האָבן באַשאַפן אַרום דער מעשה המרגלים, געפינען מיר דעם אַנווייז אויף די היס־טאָרישע צוויי וועגן, וואָס האָבן אונדז געפירט דורך ימים בלוט און טייכן טרערן, דורך פינסטערע שטורמס און גזירות און שמד פון אויסווייניק און פון צעפוילטער שקלאַ־פישער אַסימילאַציע פון אונדזערע „מרגלים", דעפיטיסטן און „פינפטע קאָלומניקעס" פון אינווייניק — יענע צוויי וועגן, וואָס לויפן פּאַראַלעל דורכן היסטאָרישן אידנטום און וועמעס ברעגעס עס גיסן זיך צוזאַמען אין אונדזער נאַציאָנאַלער האָפנונג — אין ארץ־ישראל . . .

ווען נים יענע צוויי טיפע מיסטעריעזע כחות, וואָס האָבן געקרעפטיקט, דער־פרישט און באַלעבט דעם אידישן פאָלק אויף זיין לאַנגן בלוטיקן דערנער־וועג, וואָלטן מיר, חלילה, היינט נים דערלעבט צו פאַרנעמען דעם הילכיקן און האָפנונגספולן עכאָ פון די „רגלי המבשר", וואָס טראָגט זיך איצט דורך בלוט און פייער, דורך באַמבעס און קאַנאָנען, פון די בליענדיקע שטעט און דערפער אויף די הרי יהודה . . .

און ווען מיר ברייטערן אויס דאָס מרגלים בילד אויף אַן אוניווערסאַלן הינ־טערגרונט, דערזעען מיר, ווי די זעלביקע טראַגעדיע, די זעלביקע „בכיה לדורות" שפּילט זיך אָפּ אין דעם לעבן און קאַמף פון אַנדערע פעלקער, וועלכע זיינען פאַרפירט און פאַר־ראַטן געוואָרן פון זייערע „מרגלים", דעפיטיסטן און „פינפטע קאָלומניקעס", און ווייסט ג־ט, וואָס עס וואָלט פּאַסירט מיט דעם היינטיקן קאַמף קעגן די מאָדערנע פּאַגאַנישע דיקטאַטאָרן און שונאים פון דער מענשהייט, ווען מיר וואָלטן נים געהאַט אַזעלכע צוויי מוטיקע, נאָבעלע, ווייטזעענדיקע מאָדערנע יהושע בן נון׳ס און כלב בן יפונה׳ס אין די פּערזאָנען פון פרענקלין ד. רוזוועלט און ווינסטאָן טשוירטשיל, וועלכע האָבן באַזיגט די מאָדערנע מרגלים־אַפּיזערס און דערמוטיקט די פעלקער מיט דער פאַרזיכערונג, אַז דער קאַמף קעגן היטלעריזם איז אַ געוואונענער, אַז „כי יכול נוכל לו" . . .

און פונקט ווי יהושע און כלב האָבן דערמוטיקט זייער פאָלק און געשטאַרקט זיין האָפנונג, וועקנדיק מוט און גלויבן פאַר דעם קאַמף קעגן די ווילדע פּאַגאַניסטן פון זיי־ער היימלאַנד, אַזוי אויך האָבן טשוירטשיל און רוזוועלט דערמוטיקט די גאַנצע מענש־הייט מיט זייער הילכיקן רוף צום קאַמף קעגן די וועלט־גענגסטערס און בעסטיעס, וועל־כע האָבן געזוכט צו פאַרשקלאַפן די גאַנצע מענשהייט . . .

און די חכמים לאָזן אונדז הערן, אַז שוין ביים אָנהויב פון דער מרגלים געשיכטע איז ניט געווען לויט דעם רצון פון ג—ט. וואָרום ג—ט וויל אַז מענשן זאָלן קעמפן עקשנות׳דיק פאַר זייער פרייהייט. עס דאַרף ניט זיין קיין פראַגע פון „אַפּיזמענט״ מיט טיראַנען . . .

און דעריבער גיט די גמרא אַ קנייטש דעם „שלח לך״ פון דער תורה: „מדעתך״ — פון דיין אייגענעם ווילן. און ווען די תורה זאָגט (אין דברים א׳) ויטב בעיני הדבר״ און מיר איז די זאַך פון שיקן מרגלים געפעליק געוואָרן—זאָגט ריש לקיש „בעיני ולא בעיניו של מקום״ משה רבנו האָט עס גוטגעהייסן אָבער ניט דער אויבערשטער. ג—ט גלייכט ניט אַז מענשן האָבן ניט קיין גלויבן און בטחון און ווילן ניט גיין אין קאַמף, ביז מען זאָל זיי ניט דערלאַנגען פאַראויס דעם זיג אויף אַ זילבערנעם טאַץ . . . דאָס איז דער באַדייט פון דער מרגלים געשיכטע אין איר ברייטן וועלט געדאַנק . . .

אַ טיפערן אַריינבליק אין די היסטאָרישע כחות פון נאַציאָנאַלן אידנטום געפינען מיר אין דער פאָלגנדיקער מיסטישער אגדה פון דער גמרא אין צוזאַמענהאַנג מיט די מרגלים:

די תורה זאָגט: „ויעלו בנגב ויבא עד חברון״ — און זיי, די מרגלים זיינען אויפגעגאַנגען אין דרום און ער איז געקומען ביז חברון און דאָרטן האָבן זיי באַגעגנט די ריזנקינדער פון „ענק״.

שטעלט זיך די גמרא אויף דעם פסוק, וואָס הויבט זיך אָן מיט אַ לשון רבים — „ויעלו בנגב — און זיי זיינען אויפגעגאַנגען אין דעם נגב — און ענדיקט אין אַ לשון יחיד — „ויבא עד חברון״ — און ער איז געקומען ביז חברון — ״ויבאו מבעי ליה?״ עס האָט דאָך געדאַרפט שטיין און זיי זיינען געקומען.

„אמר רבא מלמד שפרש כלב מעצת מרגלים״ — זאָגט רבא: דער פסוק לערנט אונדז, אַז כלב האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער מרגלים׳ס עצה, פון זייער קאָנספּיראַציע, הייסט עס, און איז געגאַנגען און זיך אויסגעצויגן אויף די קברים פון די אבות און ער האָט געזאָגט צו זיי: פאָטערס מיינע, בעט רחמים אויף מיר, איך זאָל געראַטעוועט ווערן פון די מרגלים׳ס עצה . . . יהושע איז שוין אַ געהאָלפענער . . . פאַר אים האָט שוין משה געבעטן רחמים, ווי עס ווערט געזאָגט, אַז משה האָט גערופן הושע בן נון יהושע — דאָס הייסט ער האָט אים צוגעלייגט אַ יוד צו זיין נאָמען, וואָס איז פריהער געווען הושע און איצט איז יהושע וואָס דאָס מיינט יה יושיעך — גאָט זאָל דיר העלפן פון דער מרגלים׳ס עצה, און דאָס שטימט מיט דעם פסוק וואו ג—ט זאָגט ״ועבדי כלב עקב היתה רוח אחרת עמו״ — און וויל מיין קנעכט כלב האָט געהאַט אַן אַנדער גייסט, וויל איך אים ברענגען קיין ארץ ישראל און זיינע קינדער וועלן עס אַרבן . . .

דער גרויסער אַמורא רבא וויזט אונדז דאָ אָן אויף די צוויי היסטאָרישע כחות וועלכע האָבן געראַטעוועט דעם אידישן פאָלק פון די מרגלים און אַפּיזערס פון אַלע צייטן, וועלכע זיינען געקומען בעצה רעה און זיינען אָוועקגעגאַנגען בעצה רעה, ווי ר׳ יוחנן זאָגט דאָרט אין נאָמען פון רבי שמעון בן יוחאי: „וילכו ויבאו״ —

מקיש הליכה לביאה: מה ביאה בעצה רעה אף הליכה בעצה רעה. (סוטה לה).

די מרגלים זיינען פון אנהויב אן געווען דעפיטיסטן און אפיזערס . . . זיי האבן זיך תמיד געשראקן פאר דעם קאמף, וואס דאס אידנטום האט אונטערגענומען אויף דער וועלט . . .

די מרגלים זיינען פון אנהויב אן געווען דעפיטיסטן און אפיזערס... זיי האבן תמיד געזוכט איינצושרעקן די מאסן און אונטערצוגראבן זייער גלויבן, ווי דער מדרש דריקט עס אויס אויף זיין כאראקטעריסטישן קורצן אופן:

„עמלק יושב בארץ הנגב"—קומענדיק צוריק האבן די מרגלים אנגעהויבן זייער באריכט מיט דעם פאקט, אז עמלק זיצט אין דעם נגב—פרעגט דער מדרש: וואָרום האבן זיי געעפנט זייער באריכט מיט עמלק'ן? און דער מדרש דערקלערט עס מיט א משל:

דאס איז געגליכן צו א קינד וואס ווען עס האט זיך פארזינדיקט, האט עס באקומען שמיץ מיט זיין טאטנס רימען, און ווען נאר מ'וויל אים איינשרעקן, דערמאנט מען אים די רצועה, דעם רימען, מיט וועלכן ער האט באקומען שמיץ. כך אזוי איז געווען עמלק א רצועה לישראל. און ווען די מרגלים האבן געוואלט איינשרעקן די אידן, האבן זיי, זיי דערמאנט עמלק'ן, וועלכער זיצט נאך אין ארץ ישראל.

דאס איז שוין די עובדא פון אלע דעפיטיסטן און די, וועלכע שפילן באוואוסטזיניק אדער אומבאוואוסט, די ראלע פון פאררעטער און „פינפטע קאלומניקעס"...

וויפיל מאל זיינען מיר שוין ניט געווען אין דער סכנה ארונטערצעפאלן אונטער דער השפעה פון אונדזערע אינערלעכע פאררעטער, מהרסים און מחריבים, אלערליי „מה־יפית־אידן", דעפיטיסטן, אסימילאטארישע רעפארמער, הפקר'דיקע קאמוניסטן וואס האבן געזוכט אפצורייסן פון דער אידישער געשיכטע מיט דער אפלייקענונג פון זייער פאלקס זיגרייכער צוקונפט!...

בלויז צוויי ליכטיקע שטארקע כחות זיינען געשטאנען, און שטייען נאך היינט, ווי א פעסטונג קעגן יענע מרגלים און זייערע דעפיטיסטישע עצות. דאס איז, אין דער ערשטער ליניע, דער רעליגיעזער כח וואס ציט זיך פון משה רבנו, און דער נאציאנאלער כח, וואס ציט זיך דורך אונדזער געשיכטע פון אונדזערע אבות...

דער רעליגיעזער כח ווערט סימבאליזירט אין יהושע בן נון, דער תלמיד פון משה רבנו, וועלכער איז געגאנגען קיין ארץ ישראל מיט זיין טיפן ג—ט גלויבן... יהושע, וועמען משה האט געזאגט: „יה יושיעך"...

און אונדזער געשיכטע האט באוויזן ווי שטארק און אומבאזיגבאר עס איז געווען אט דער רעליגיעזער כח קעגן די עצות פון די פארשידענע מרגלים אין דעם אידישן לעבן...

דער צווייטער שטארקער כח, וואס האט זיך געשטעלט אנטקעגן אונדזערע אלטע און מאדערנע מרגלים, איז געווען כלב בן יפונה, וועלכער האט געהאט א „רוח

אחרת" און ווייסט איר, פון וועלכן קוואל כלב בן יפונה האט געשעפט זיין „רוח אחרת", וואס האט אים געהאלפן ער זאל זיך ניט לאזן פארפירן פון דער אסימילאציע פון די אלערליי, מרגלים, בוגדים און שונאי ציון? — דאס דערקלערט אונדז די וואונדערלעכע אגדה פון דער גמרא — ער, כלב, האט זיך אפגעטיילט פון זיי און איז געגאנגען קיין חברון. דארטן ליגן דא אונדזערע טייערע און הייליקע אבות.

זיי זיינען דאך דארט באהאלטן אלס משכנות פאר דעם אידישן היימלאנד. זיי היטן דאך דעם באדן פאר אונדזער צוקונפט. ציט זיך דאך פון זיי, פון די אבות אונדזערע, די צנתרא דרהבא, די גאלדענע קייט פון נאציאנאלן אידנטום...

פון זיי האט כלב בן יפונה געשעפט זיין „אנדער גייסט".

און ניט נאר פון די אבות פון דער מערת המכפלה אין חברון, נאר פון אונדזערע הייליקע אבות פון אונדזער גאנצער געשיכטע, וועלכע זיינען געטריבן געווארן פון רעליגיעזן גלויבן צו שטארבן אין ארץ ישראל און האבן אזוי ארום, מיט זייערע קברים געהאלטן דעם באדן פון אונדזער נאציאנאלער היים פאר אונדזער באפרייטן פאלק אין דער צוקונפט...

די „יהושע׳ס", די תלמידים פון משה רבנו, בויטיקן זיך ניט אין קיין אנדער הילף גובר צו זיין די „עצת מרגלים", די אסימילאציע פון אונדזערע דעפיטיסטן. זיי האט שוין משה רבנו געהאלפן. ער האט צוגעשטעלט צו זיי א יוד. און דאס „פינטעלע איד" ברענט אין זייערע הערצער מיט א הייליקן אומפארלעשבארן פייער...

אבער די כלב׳ס, וועלכע האבן א „רוח אחרת"—האבן אויך געהאט א גרויסן כח, וואס האט זיי געראטעוועט פון דער „מרגלים עצה"... זיי זיינען געגאנגען און זיך אויסגעצויגן אויף די קברים פון אונדזערע אבות. זיי האבן געשעפט זייער נאציאנאלע גבורה פון דער אידישער געשיכטע צו באקעמפן די מרגלים.

זיך פארטיפנדיק אין דעם אידישן עבר, האבן זיי דערזען דעם זיגרייכן אידישן עתיד און דעם זין פון אידישן לעבן אין דער קעגנווארט.

און אזוי האבן זיך כלב און יהושע ווידער באגעגנט און זיך פאראייניקט אין אין קאמף קעגן די אידישע מרגלים: משה העס מיט ר׳ צבי הירש קאלישער, ז"ל, אחד העם מיט ר׳ שמואל מאהילעווער ז"ל, משה ליב לילינבלום מיט ר׳ יצחק יעקב ריינעס ז"ל, חיים נחמן ביאליק מיט הרב קוק ז"ל, און חיים וויצמאן מיט הרב הראשי הערצאג זאלן געזונט זיין.

אין אט די צוויי כחות ליגט דער זיג פון היסטארישן אידנטום איבער זיינע מאדערנע מרגלים מכל המינים און דער סוד פון אונדזער רעליגיעז-נאציאנאלער ווידערגעבורט אין א באפרייטער ארץ ישראל — — — — — — — — — — — — —

# קרח

## קרח, דער פּראָטאָטיפּ פון דעמאַגאָגן און פאָלקס פאַרפירער. — רבה בר בר חנהס פאַנטאַסטיש מעשהילע וועגן די "בלועי קרח" — די קרח־עפּאָכן פון דער אידישער געשיכטע און זייער גורל . . .

„ויקח קרח" — אמר ריש לקיש: שלקח מקח רע לעצמו... (סנהדרין ק"ט).

„ויקח קרח" — אין ויקח אלא לשון משיכת דברים רבים שמשך כל גדולי ישראל, והסנהדראות אחריו (במדבר רבה י"ח).

קרח ליצן היה והיה מתלוצץ על משה ואהרן. מה עשה? כינס עליהם כל הקהל. התחיל לומר לפניהם דברי ליצנות. אמר להם: אלמנה אחת היתה בשכנותי ועמה שתי נערות יתומות, וכ"ו. (שוחר טוב. ילקוט שמעוני).

„ויקח קרח" — לקח טליתו והלך ליטול עצה מאשתו. (תנחומא).

„ויקח קרח"—מה כתיב למעלה מן הענין: ועשו להם ציצית — קפץ קרח ואמר למשה: טלית שכולה תכלת, מהו שתהא פטורת מן הציצית? . . . (במדבר רבה פ' י"ח).

אמר רב: און בן פלת, אשתו הצילתו. אמרה ליה: מאי נפקא לך מניה? אי מר רבה אנת תלמידא ואי מר רבה אנת תלמידא... (סנהדרין ק"ט).

אמר רבה בר בר חנא: זימנא חדא הוא קאזלינא באורחא. אמר לי ההוא טייעא: תא ואחוי לך בלועי דקרח וכו' אמר ליה: אציית מאי שמעת? ושמעית דהב קאמרי חסו: „משה ותורתו אמת והן בדאין... (בבא בתרא ע"ד. סנהדרין ק"י).

קרח — דער קלאַסישער מוסטער פון אַלע דעמאַגאָגן און ביטערע פאָלקס־פאַר־פירער, וועלכע וויקלען זיך איין אין א „טלית שכולה תכלת", אונטער א מאַסקע פון פאָלקס־ליבע און דעמאָקראַטיע, וואַרפנדיק זיך מיט פראַזן פון „גערעכטיקייט" און „יושר", כדי די נאַאיווע מאַסן זאָלן ניט דערזען זייערע געמיינע פערזענלעכע אַמביציעס.

עדת קרח . . . קרח'ס געזינדל, זיינען אַנהענגער און שטיצער — די „אנשי שם" און די דתן ואבירם'ס, די פיינע אָנגעזעענע לייט אויף וועלכע די קרח'ס זוכן זיך צו באַרופן, און די פּראָסטע יונגאַטשעס, פּראָפעסיאָנעלע מחלוקת'ניקעס, טראַבל מאַכערס, וועלכע האָבן זיך ליב צו קאָכן און צו טומלען, גלאַט אַזוי, און אויך אַלע אומצופרידענע עלעמענטן, מענשן וואָס פילן זיך געקריוודעט, גלויבנדיק אַז די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג

איז שולדיק אין זייערע צרות, און וואָס זיינען גוטער מאַטעריאַל פאַר ווילדע העצעס און טייוולאָנישע פאַרלוימדונגען...

מחלוקת קרח. אַ כאַראַקטעריסטישערביישפּיל פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קריי־געריי, צאַנקערייען און פון פּאָליטישע רייסערייען און בונטן, וועלכע זיינען ניט לשם שמים, נאָר ווערן געטריבן פון פערזענלעכע קליינלעכע און אומריינע אינטערעסן, פון תאוה צו מאַכט און גדולה, פון קנאה און כבוד־זוכעריי.

קרח׳ס מפּלה — אַ מוסר השכל און אַ וואַרנונג צו אַלע פינסטערע דעמאַגאָגן און מענשנפיינטלעכע פאָלקס פאַרפירער, אַז ניט אויף לאַנג איז זייער טריאומף, אַז ניט אויף לאַנג וועלן זיי קאָנען האַלטן די מאַסן פאַרבלענדט און פאַרפירט, אַז זיי, די פאָלקס־פאַרפירער און דעמאַגאָגן, וועלן מוזן אונטערגיין און וועלן אפילו קיין תחית המתים ניט אויפשטיין...

זיי קענען פאַר אַ ווייל אָנהאַלטן זייער מאַכט און אָנפירן מיט די „מחתות״, אָבער זייער גורל איז פאַרזיגלט, זיי וועלן דאָך מוזן אונטערגיין. די „מחתות״ אַליין וועלן זיי פאַרצערן. וואַרום מען קען ניט אויף לאַנג אָנפירן מיט דער כהונה, מיט דער הערשאַפט, הייסט עס, צו וועלכער מען איז ניט באַרעכטיקט.

און דערציילנדיק וועגן דעם ערשטן ג—טלאָזן פאָלקס־פיינטלעכן אויפשטאַנד קעגן דעם ערלעכסטן און געטרייסטן פירער און לערער, וואָס איז געשטאַנען אין דינסט פון ג—ט און פאָלק, האָט די תורה אָנגעצייכנט די גרונט שטריכן פון די אַלע אומ־ערלעכע מחלוקת׳ן, דורך ליגן און פאַלשקייט, געהעצטע אויפשטאַנדן, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט אַלע געזעלשאַפטלעכע רייבונגען, צרות, מגפות און נאַציאָנאַלע אומגליקן אין דער מענשלעכער געשיכטע ביז אויף היינט צו טאָג.

קרח איז טאַקע איינגעזונקען געוואָרן, אָבער „בני קרח לא מתו״ — זיינע בנים לעבן נאָך. זיינע דעמאַגאָגישע יורשים פירן נאָך אָן מיט זייער צושטערערישער אַרבעט...

און לייענענדיק די קרח־געשיכטע מיט אירע דערקלערונגען און אויסבעסע־רונגען פון אונדזערע חכמים, וועלכע האָבן מיט אַזאַ טיפן פּסיכאָלאָגישן אַריינדרינג געשילדערט די באַזונדערע טיפּן און כאַראַקטערס פון דער קרח־דראַמע, דערזעען מיר דאָס אוניווערסאַל אייביק ליכט, וואָס אונדזער תורה וואַרפט אויף אַלע פאַלשע פירער, און אומגערעכטע קינסטלעך אויפגעהעצטע „פאָלקס־באַוועגונגען״, וועלכע זיינען אויפ־געבלאָזן געוואָרן פון דורכגעטריבענע דעמאַגאָגן אין אַלע עפּאָכן פון דער מענשלעכער געשיכטע.

עפּעס אַזוי ווי די תורה וואָלט מיט דער גאַנצער קרח־געשיכטע געוואָלט אַרונ־טעררייסן די מאַסקע פון די פאָלקס־פאַרפירער און דעמאַגאָגן און זיי אויסטאָן נאַקעט כדי די תמימות׳דיקע מאַסן זאָלן זיך היטן פאַר זייערע זיסע פאַרפירערישע ריידעלעך...

און ניט נאָר דאָס פאָלק, נאָר אויך די קלוגע לייט, די אינטעליגענץ, איז ניט

**באוואָרנט קעגן די דעמאַגאָגישע** קרח׳ס:

„ויקח קרח״ — **אין ויקח אלא לשון משיכת דברים רבים, שמשך כל גדולי ישראל והסנהדראות אחריו** (במדבר רבה פ׳ י״ח) — **וואָרט „ויקח״ מיינט איינגע**־מען מיט זיסע רייד, מיט וועלכע ער האָט צוגעצויגן הינטער זיך אַלע גדולי ישראל. **און אפילו** מיטגלידער פון סנהדרין זיינען געפאַלן קרבנות פון זיין דעמאַגאָגיע. קיינער איז ניט אויסגעהיט פון דעם נעץ וואָס אַ פּייאיקער טייוולשער דעמאַגאָג שפּרייט אויס פאַר אים.

דעריבער איז קיין וואונדער ניט, ווען מיר הערן, ווי אַזוי גרויסע דענקער און קינסטלער האָבן נאָכגעפאָלגט פירער, וועלכע האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אַלס פאַרפירער...

דאָס איז די טייוולשע גבורה פון דעמאַגאָגיע.

און דער ערשטער כאַראַקטעריסטישער אַרויסטריט פון דעם דעמאַגאָג, איז **רעדן אין נאָמען פון פאָלקס־אינטערעסן, זיך אָננעמען די קריוודע פון די מאַסן... ער** דער געמיינער מאַכט־זוכער, וואָס וויל באַהערשן דעם פאָלק, רעדט פון דעמאָקראַטיע... **„כל העדה כלם קדושים ובתוכם ד׳ ומדוע תתנשאו על עם ד׳ ״ — זאָגט דער מדרש: קרח האָט איינגעזאַמלט אַלע אידן פאַר משה׳ן און אהרנ׳ען און האָט זיי געזאָגט: די גאַנ־צע געמיינדע איז הייליק און אַלע האָבן געהערט ביים באַרג סיני דעם „אנכי ד׳ אלקיך״, — טאָ וואַרום גרויסט איר זיך אַזוי איבער ג—ט׳ס קהל? ווען איר אַליין וואָלט בלויז געהערט און זיי וואָלטן ניט געהערט, וואָלט איר געקענט זאָגן אַז איר זייט בעסערע מענשן, אָבער איצט, ווען אַלע האָבן געהערט, מדוע תתנשאו? — איז משה באַלד גע־וואָרן פאַרציטערט. ער האָט געזען די וואָפן, מיט וועלכע דער דעמאַגאָג איז געקומען קעמפן קעגן אים און ער האָט מורא געקראָגן פאַרן פאָלק. עס זאָל זיך ווידער ניט באַ־נאַרישן — „שכבר היה בידן סירחן רביעי״ — דאָס איז שוין געווען די פערטע באַנאַ־רעשונג.** (במדבר רבה י״ח).

„קרח ליצן היה״ — **קרח איז געווען אַ לץ, אַ דעמאַגאָג, הייסט עס, אין דעם לשון פון מדרש, און ער האָט געטריבן זיין דעמאַגאָגיע איבער משה׳ן און אהרנ׳ען. ער האָט איינגעזאַמלט אַלע אידן און האָט אָנגעהויבן רעדן פאַר זיי העצערישע רייד, דער־ציילנדיק זיי אַ מעשה** וועגן אַן אָרימער אלמנה מיט טעכטער יתומות, וועלכע זיינען דערפירט געוואָרן צו דער גרעסטער אָרימקייט און דאַן צו זעלבסטמאָרד צוליב די שווערע **„בלוטזויגנדיקע״ געזעצן פון תרומה, מעשר, לקט, שכחה און פאה און אַנדערע דינים, וועלכע האָבן פאַראומגליקט די אָרימע פאַמיליע** (זע מדרש שוחר טוב, ילקוט שמעוני).

**אָט די אַלע געזעצן זיינען, נאַטירלעך, געמאַכט געוואָרן פאַר דעם גליק פון דער געזעלשאַפט און פאַר דעם שוץ פון אָרימאַן, און קרח האָט עס געוואוסט, אָבער ער האָט געדאַרפט שיטן זאַמד אין די אויגן, האָט ער געמאַכט אַ דעמאַגאָגישע אַטאַקע אויף דער תורה.**

אָדער, ער האָט אָנגעווענדט אַן אַנדער טייוולישע מעטאָדע, צו געווינען די מאַסן אויף זיין זייט. ער האָט געזוכט צו מאַכן קליין דעם ג—ט־געבענטשטן תורה־גע־בער און ווייזן אַז זיינע דינים האַלטן ניט אויס קיין לאָגיק. און ער קומט בפני כל עם ועדה צו משה'ן און פרעגט, צי אַ טלית שכולה תכלת דאַרף האָבן ציצית אָדער ניט? אָדער צי אַ הויז וואָס איז אָנגעפילט מיט ספרים דאַרף האָבן אַ מזוזה? ווען משה רבנו ענטפערט אים אַז יאָ, דרייט זיך קרח אום צום פאָלק און זאָגט: איצט זעט איר שוין ווי אייער תורה־געבער איז ניט אויסגעהאַלטן... (במדבר רבה י״ח).

אונדזערע חכמים ווייסן אויך פון דעם כלל „שערש לא פעם״. און איידער די מאָדערנע פסיכאָלאָגן האָבן אויסגעפונען דעם כח פון דער פרוי און איר איינפלוס, צום גוטן אָדער צום שלעכטן, אויף דעם יחיד און אויף דער געזעלשאַפט, האָבן שוין אונד־זערע אַלטע חכמים געמאַכט די פרוי מיט־פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם קרח־אויפשטאַנד.

פונקט ווי די גמרא (סנהדרין ק״ט) ווייל האָבן, אַז עס איז געווען אַ קלוגע פרוי פון און בן פלת, וועלכע האָט אים געראַטעוועט פון פאַרשלעפּט ווערן מיט קרח'ס גע־זינדל.

און בן פלת איז געווען אַ פּראָסטער פאָלקס מענש, וועלכער האָט קיין שום אינטערעס ניט געהאַט אין דער גאַנצער קריגעריי, נאָר ער איז מיטגעשלעפּט געוואָרן אונטער דער השפעה פון בלינדער מאַסן־פסיכאָלאָגיע. זיין פרוי איז אָבער געווען אַ קלוגע, פּראַקטישע פאָלקס־פרוי, ווען זי האָט געזען, ווי ער קאָכט זיך אַזוי, האָט זי אים געזאָגט: שוטה דו איינער, וואָס קאָכסטו זיך אַזוי, וואָס אַרט דיר ווער עס וועט זיין דער האַר, צי משה אָדער אהרן — דו וועסט סײַ ווי סײַ בלייבן אַ תלמיד.

אָט אַזוי האָבן אונדזערע חכמים געשילדערט די פאַרשידענע טיפּן און כאַ־ראַקטערס, וועלכע באַטייליקן זיך געוויינלעך אין אַ געזעלשאַפטלעכער אויפרודערונג, וואָס איז ניט לשם שמים...

נאַטירלעך, ניט אַלע מחלוקת'ן און קריגערייען ווערן געטריבן פון אומערלעכע און ג—טלאָזע מאָטיוון. עס זיינען געווען פּאַרטייען, וועלכע האָבן זיך באַקעמפט איינע די אַנדערע, ווייל יעדער האָט געגלויבט, אַז איר מיינונג איז באַזירט אויף אמת. אַזעלכע מחלוקת'ן זיינען גראַדע געזונט און קאָנסטרוקטיוו פאַר דעם גאַנצן פאָלק. דורך אַזעלכע גייסטיקע קריגערייען ווערט באַרייכערט די גאַנצע פאָלקס־קולטור, און אַזעלכע פּאַרטייען זיינען אַ ברכה פאַר דער געזעלשאַפט, ווייל זיי זיינען לשם שמים.

דעריבער איז: „כל מחלוקת שהיא לשם שמים סופה להתקים, ושאינה לשם שמים אין סופה להתקיים — איזו היא מחלוקת לשם שמים? זו מחלוקת הלל ושמאי; ושאינה לשם שמים? — זו מחלוקת קרח ועדתו״ (פּרקי אבות ה׳).

אַזעלכע גייסטיקע קאַמפן, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון די הייזער פון הלל און שמאי, איז דער קלאַסישער מוסטער פון ריינע קאָנסטרוקטיווע, דערהויבנדיקע קולטור־קאַמפן, וועלכע זיינען אומבאַדינגט געזונט פאַר דעם מענשלעכן געראַנגל פאַר קולטור און פּראָגרעס.

ניט אַזוי איז אָבער געווען דער קאַמף פון קרח׳ן און זיין געזינדל קעגן דעם „בייעם דיל״, וואָס משה רבנו האָט געבראַכט אויף דער וועלט... ער איז ניט געווען לשם שמים. אַזאַ מחלוקה איז אַ קללה פאַר׳ן פאָלק, און זי קען דעריבער קיין תקומה ניט האָבן. און דאָס איז די וואָרנונג צו אַלע קרח׳ס פון דער מענשלעכער געשיכטע — „אין סופה להתקיים״. זיי קענען זיך לאַנג ניט האַלטן. זיי מוזן אויפגעדעקט ווערן און דאַן קומט אויף זיי די שווערע נקמה.

„וירדו הם וכל אשר להם חיים שאולה ותכם עלהם הארץ ויאבדו מתוך הקהל״ — און זיי זיינען איינגעזונקען געוואָרן לעבעדיקערהייט אין גרוב, און די ערד האָט זיי צוגעדעקט. און זיי זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען פון דעם גאַנצן קהל.

דערפון דרינגט די גמרא (סנהדרין ק״ט) אַז „עדת קרח אין להם חלק לעולם הבא״ — קרח׳ס געזינדל האָט ניט קיין חלק אין דער שיינער צוקונפטיקער וועלט, וואָס דאַרף נאָך קומען... אין יעדער אויסגע׳חלומ׳טער און אויסגעקעמפטער וועלט, אין דעם „עולם שכולו טוב״, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזעלכע דעמאַגאָגישע פאַרשוינען . . .

*
**

די אידישע געשיכטע קען אָנווייזן אויף אַ צאָל קריטישע קרח־עפּאָכן און גע־פּערלעכע דתן ואבירם באַוועגונגען, וועלכע זיינען אַמאָל אויפגעשטאַנען מיט גרויס חוצפה און טומל, געוואָלט שפּאַלטן דעם אידנטום און אים אָפּברעכן פון זיין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן קולטור־היסטאָרישן גאַנג, אָבער זיי זיינען שפּעטער אַליין איינגעזונקען גע־וואָרן אונטער זייער אייגענער ערד און פאַרשוואונדן געוואָרן מתוך הקהל...

אין אַט דעם ליכט פאַרשטייען מיר דאָס פאַנטאַסטישע מעשה׳לע פון דעם מיסטישן אמורא און וואונדער־וואַנדערער, רבה בר בר חנה, וועלכער האָט אין זיינע געדאַנקענרייכע סימבאָלישע מעשות און טיפזיניקע אַלעגאָריעס דורכגעדרונגען די הויכ־קייט פון די הימלען, די טיפקייט פון די ימים, און די מיסטעריעס פון וועלט און לעבן.

דערציילט רבה בר בר חנה (אין דער מסכת בבא בתרא ע״ד) און אין (סנהדרין ק״י):

„זימנא חדא הוה קאזילינא באורחא״ — איינמאָל בין איך מיר געגאַנגען אין וועג — „ואמר לי ההוא טייעא: תא ואחזי לך בלועי דקרח״ — האָט מיך געזאָגט יענער אַראַבער, אָדער, ווי רש״י פאַרטייטשט: „סוחר ישמעאל״: קום איך וועל די ווייזן קרח׳ס פאַרשלונגענע. בין איך געגאַנגען און געקומען צו אַן אָרט, וואו עס זיינען געווען צוויי שפּאַלטן אין דער ערד און אַ רויך האָט געזעצט פון זיי. האָב איך גענומען אַ בינטל וואָל, איינגעטונקט עס אין וואַסער און אַרויפגעשטעקט אויף דעם שפּיץ פון אַ שפּיז און דאָס אַריינגעלייגט אין די שפּאַלטן, און ווען איך האָב עס צוריק אַרויסגעצויגן, איז עס געווען פאַרסמאַליעט. זאָגט צו מיר יענער אַראַבער: לייג צו דיין אויער און זאָג, וואָס הערסטו דאָרט. האָב איך געהערט ווי זיי שרייען: „משה ותורתו אמת והן בדאין״ — משה און

זיין תורה איז אמת און זיי זיינען ליגנער . . .

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז אַט די וואונדער־מעשה׳לע פֿון דעם וואונדער־מאַן, רבה בר בר חנה, אַנטהאַלט אַ טיפֿע אַלעגאָריע. וואָס וויל דאָ דער פֿאַנטאַסטישער אַמורא אונדז לאָזן הערן?

ווער איז דער „ההוא טייעא" — יענער מיסטעריעזער אַראַבער? און וואָס מיינט דאָס בינטל וואָל איינגעטונקט אין וואַסער אויף דעם שפּיץ פֿון אַ שפּיז?

אין רבה בר בר חנה׳ס צייט האָט שוין רוים געהאַט אַנגענומען דעם קריסטנ־טום און די פּאַגאַניש־קריסטלעכע מלוכה האָט פֿאַרפֿאָלגט די אידן מיט פֿייער און שווערד . . . רבה בר בר חנה האָט, ווי אַ סך פֿון זיינע חברים, די אמוראים, קריטיקירט דעם פּאַגאַנישן קריסטנטום און די רוימישע מלוכה אין אַלעגאָרישע מעשה׳לעך, און דאָס ציטירטע מעשה׳לע געהערט צו יענע פֿילאָזאָפֿישע, פּאָליטישע און קולטור־היס־טאָרישע שמועסן, וועלכע זיינען געפֿירט געוואָרן אין אַלעגאָריעס.

רבה בר בר חנה האָט זיך פֿאַרטראַכט אין דער געשיכטע פֿון דעם קרח־אויפֿ־שטאַנד, און זיין אספּקלריה המאירה האָט אים אַוועקגעטראָגן אויף אַ שפּאַציר אין דער אידישער געשיכטע, וואו די מעשה־קרח האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט אין פֿאַרשידענע עפּאָכעס.

זאָגט רבה בר בר חנה:

איינמאָל האָב איך געמאַכט אַ שפּאַציר אין דעם וועג פֿון דער אידישער גע־שיכטע, זאָגט צו מיר „ההוא טייעא", יענער מיסטעריעזער וואַנדערער, וואָס איז פֿול אומעטום — דער צייט גייסט פֿון דער וועלט — קום איך וועל דיר ווייזן, וואו עס ליגן די אַלע פֿאַרזונקענע קרח׳ס, וועלכע האָבן פֿאַרזוכט צו צוטיילן דעם אידישן פֿאָלק און פֿאַרכאַפּן די פֿירערשאַפֿט, די כהונה, הייסט עס . . . עס גייט היינט אַ רויך פֿון זיי . . .

און וואַרפֿנדיק אַ בליק אויף די אידישע נאָכפֿאָלגער פֿון „אותו האיש" מיט שאול פֿון תרשיש בראש, זעט אונדזער טיפּזיניקער אמורא זייער גוואַלדיקן דורכפֿאַל אין זייער פֿאַרזוך צו פֿאַרניכטן דעם אידנטום . . .

זאָגט רבה בר בר חנה, אַז די צרה מיט יענע קרח׳ס איז געווען, וואָס זיי האָבן געזוכט צו מאַכן אַ סינטעז פֿון דעם שפּיז, דעם סימבאָל פֿון מלחמה און בלוט־פֿאַרגי־סונג, מיט דעם וואָל, וואָס סימבאָליזירט ריינקייט, אומשולד, ווי דער נביא ישעיה זאָגט: „אם יאדימו כתולע כצמר יהיו" — אויב אייערע זינד וועלן זיין רויט ווי אַ רויטער וואָרעם, וועלן זיי ווערן ריין און ווייס ווי וואָל.

די אַלעגאָריע פֿון וואָל איינגעטונקט אין וואַסער שטעלט פֿאָר תורה (הוי כל צמא לכו למים — אין מים אלא תורה). אָבער ווען עס איז געמאַכט געוואָרן דער פּאַגאַ־נישער שידוך צווישן רוים און ירושלים, און די אידישע תורה איז אויפֿגעהאָנגען גע־וואָרן אויף דעם שפּיץ פֿון אַ שפּיז, האָט זיך דאָס ניט געקענט האַלטן, האָט עס געמוזט פֿאַרסמאָליעט ווערן . . .

און רבה בר בר חנה דערציילט אַז ווען ער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויף דעם

קרח פארזוך וואס איז געמאכט געווארן פון דעם אידישן סטאליאר אינגל פון נצרת און זיין נאכפאלגער שאול פון תרשיש, האט ער געזען, ווי פון אלע זיינע קירכעס האט געזעצט א רויך פון די מלחמות, וואס די קריסטלעכע פעלקער האבן אנגעפירט פאר די לעצטע צוויי טויזנט יאר . . . און ווען איר לייגט צו אייער אויער צו די טויזנטער בית־עלמינ׳ס מיט די צלמים, וואו עס ליגן די חללי המלחמה, הערט איר ווי זיי שרייען: „משה ותורתו אמת והן בדאין" . . .

אזא קרח־שפאלטונג איז געמאכט געווארן נאך פריער פון ירבעם בן נבט . . . אים האט זיך עס פאר א ווייל איינגעגעבן . . . ער האט שוין געהאט די „מחתות" מיט דעם פייער און די קטורת . . .פארפירט גאנצע צען שבטים און זיין אפגעריסן פון ירושלים, פון אידישן לעבנס צענטער, ברענגענדיק זיי צו די גאלדענע קעלבער אין בית־אל.

היינט, אבער גייט א רויך פון זיי. פארשוואונדן פון דער וועלט ארענע ווי אלע אלטערטימלעכע פעלקער . . . און ווען איר לייגט צו אייער אויער צום גייסט און זין פון דער אידישער געשיכטע, הערט איר ווי ירבעם בן נבט און זיין געזינדל שרייען: „משה ותורתו אמת והן בדאין ! . . .

אזא קרח־פארזוך האבן געמאכט די קראים, אדער, ווי מיר רופן זיי, די קאראאימער, וועלכע האבן זיך אפגעריסן פון דעם לעבנס־נערוו פונם אידנטום, פון דעם תלמוד, און פאר א קורצער צייט האבן זיי שוין אויך געהאלטן די „מחתות" און מקטיר געווען, אלס גרויסע געלערטע, תנ"ך פארשער, בעלי לשון און בעלי דקדוק און חכמים, אבער זיי זיינען אויך פארשלונגען געווארן פון דער געשיכטע, און א רויך זעצט פון זייערע היסטארישע חורבות . . . און איר פארנעמט זייער טראגיש געשריי: „משה ותורתו אמת ואנו בדאין" . . .

די רעפארם באוועגונג און אויך די ערשטע השכלה עפאכע זיינען געווען באַר הערשט פון א קרח־גייסט. זיי האבן געזוכט אפצורייסן דעם אידנטום פון זיין בארג סיני־ המשך אים איבערלאזן אונטער דער השפעה פון אסימילאציע און אים לאזן אויסגיין פון גייסטיקער אויסצערונג . . . פאר א צייט האבן זיי שוין געווירטשאפטעט מיט דער כהונה . . . זיך באנוצט מיט די „מחתות" און „קטורת" פון בית המקדש . . . אבער, זיי זייענען ווייט ניט געגאנגען, זייער גאנצע אידעאלאגיע ליגט איצט אונטער א בארג אש, און אויך פון דארטן הערט זיך דאס געשריי: „משה ותורתו אמת ואנו בדאין!" . . .

פאר אונדזערע אויגן שפילט זיך איצט אפ א „דתן ואבירם" אויפשטאנד אין דעם לאגער פון די אידישע קאמוניסטן און בונדיסטישע שונאי ציון, וועלכע שרייען: „העיני האנשים תנקר — לא נעלה"! זיי ווילן נאך אלץ ניט גיין קיין ציון נאך אלע חורבנות און אנטוישונגען וואס זיי האבן איצט איבערגעלעבט. זיי ווילן ניט האבן קיין „עליה" מיטן אידישן פאלק . . .

אבער שרעקט זיך ניט, רבותי, שפעטער מיט יארן וועט קומען דער „ההוא טייעא" און אייך וויזן זייערע רויכיקע חורבות, און איר וועט דאן הערן זייער עלנדן געשריי: „משה און זיין תורה איז אמת און מיר זיינען ליגנער . . .

און פריש און שטאַרק, און געזונט און זאַפטיק וועט אייביק בליִען דאָס אידנ־טום, וואָס ציט זיין גייסטיקע יניקה פון „משה און זיין תורה״ ,ווי זי איז אונדז איבער־געלאָזן געוואָרן אַלס מורשה דורך אונדזערע נביאים, חכמים, בעלי התלמוד, גאונים, מקובלים און קדושים, ביז אין די וויטע אייביקייטן אַריין — — — — — — — — — — — — —

# חקת

## דער וואונדער־ברונעם וואָס האָט באַגלייט אונדזער פאָלק אויף זיינע מדבר וואַנדערונגען דורך אַלע גלות־לענדער

„כך היתה הבאר שהיתה עם ישראל במדבר דומה: לסלע מלא כ ב ר ה , מפכפכת ועולה כמפי הפך הזה, עולה עמהם להרים ויורדת עמהם לגאיות, במקום שישראל שרוים היא שורה כנגדם במקום גבוה כנגד פתחו של אהל מועד. נשיאי ישראל באים וסומכים אותה במקלותיהם ואומרים עליה את השירה:
„עלי באר ענו לה . . .
„סובבת בכל מחנה ישראל ומשקת את כל הישימון והיא נעשית נחלים גדולים, והם יושבים באסיפקאות ובאים זה אצל זה. העולה דרך ימין יורד דרך ימין, העולה דרך שמאל יורד דרך שמאל. מים שמתמצין הימנה נעשים לנהר גדול והולכים לים הגדול ומביאים משם כל חמדת העולם . . .
(תספתא, סוכה פ"ג)

„מים, מים חיים . . .
מים, מים חיים,
הנה מצאנו מעין,
מעין מים חיים ! . . .

אַזוי גייט דאָס וואַסער ליד, די מאָדערנע הימנע צום „קוואַל לעבעדיקע וואַסער", וואָס אונדזערע חלוצים זינגען טאַנצנדיק אַרום דעם קוואַל, וואָס זיי האָבן ענדלעך געפונען נאָך לאַנגע טעג און נעכט גראָבן און עגבערן אין דעם האַרטן, שטייניקן און וויסטן באָדן פון ארץ ישראל, וואו זיי קומען בויען זייערע קבוצות און נייע מושבות.

זיי זינגען אויך מיט אַ שיינעם האַרציקן ניגון די אַלטע מיסטישע „שירת־הבאר" — דעם קוואַל־געזאַנג — וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געזונגען אין דעם מדבר, און וועלכן מיר לייענען אין דער סדרה חקת".

„אז ישיר ישראל את השירה הזאת:
„עלי באר — ענו לה" . . .
דאַן האָבן די אידן געזונגען דאָס דאַזיקע ליד :
קום אַרויף ברונעם — לויבט איר ! . . .

וואַסער איז דער וויכטיקסטער לעבנס־כח פאַר יעדער בריאה, באַזונדערס

פאַר די וואָס געפינען זיך אין די טראַפּישע און האַלב־טראַפּישע לענדער, וואו וואסער איז אַ טייערער אַרטיקל, און ווער רעדט נאָך, אין אַ זאַמדיקן, טראַפּישן מדבר!

עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די אידן האָבן זיך אַזוי צעזונגען דער־זעענדיק דעם ג—ט־געבענשטן קוואַל אין דעם מדבר, ווי עס איז היינט נאַטירלעך פאַר אונדזערע חלוצים צו טאַנצן און זינגען אַרום דעם געפונענעם קוואַל ערגעץ אויף אַ וויסטן באָדן אין ארץ ישראל, וואו די קוואַלן זיינען אויסגעברענט און פאַרשאָטן גע־וואָרן, זינט דאָס אידיש פאָלק איז פון דאָרטן פאַרטריבן געוואָרן.

ווארום אָן וואַסער איז ניטאָ קיין לעבן. ניט אומזיסט איז די תורה געגליכן געוואָרן צו וואַסער . . .

עס איז אינטערעסאַנט, וואָס די אידן האָבן ניט געזונגען, ווען זיי האָבן באַ־קומען דעם „שלו" אָדער דעם „מן", וואָס זיי האָבן באַקומען נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זיי זיינען הונגעריק. דאָס האָט אין זיי ניט אַרויסגערופן קיין פּאָעטישע באַגייסטערונג, ווי דער קוואַל וואַסער.

דער ילקוט שמעוני פרעגט טאַקע: „מה ראו לומר שירה על הבאר ולא אמרו שירה על המן" — פאַר וואָס האָבן זיי געזען צו זאָגן שירה אויף דעם קוואַל און ניט אויף דעם מן — און ער ענטפערט: ווייל מיטן מן זיינען זיי ניט געווען אַזוי צופרידן „אבל מים בכל שעה היו מבקשין ומחבבין אותן, לפיכך ניתן להם רשות לומר שירה". — אָבער וואַסער האָבן זיי געזוכט אַלע ווייַלע — זיי האָבן עס געליבט, דעריבער איז זיי געגעבן די דערלויבניש צו זאָגן שירה . . .

די טראַדיציע וואָס איז באַגרינדעט אויף אונדזערע אגדות חז"ל, דערציילט אונדז, אַז אַ קוואַל וואַסער האָט מיטגעוואַנדערט מיט די אידן אין דעם מדבר אויף אַלע זייערע וואַנדערונגען. דער דאָזיקער קוואַל איז געווען אין דעם זכות פון מרים הנביאה. דעריבער ווערט טאַקע דער קוואַל אָנגערופן „באר מים". און ווען זי איז געשטאָרבן האָט זיך דער קוואַל אָפּגעטאָן, און דעריבער האָבן די אידן גענומען קריגן אויף משה'ן מיט אַ געשריי: ער זאָל זיי געבן וואַסער, באַלד נאָכדעם ווי מרים איז נסתלק געוואָרן:

„תניא: א"ר יוסי ב"ר יהודה: באר ניתן לישראל בזכות מרים: מתה מרים נסתלק הבאר, שנאמר: ותמת מרים ולא היה מים לעדה". (תענית צ"ט).

די מדרשים פרעגן, ווארום האָט משה ניט געזונגען די „שירת הבאר", און ווארום ג—ט'ס נאָמען איז ניט דערמאָנט אין דעם געזאַנג? דער מדרש (במדבר רבה י"א) ענטפערט: ווייל משה איז געשטראָפט געוואָרן דורך וואַסער און קיין מענש זינגט ניט אַ לייב געזאַנג צו דער סיבה פון זיין אומגליק. און ווארום איז ג—ט'ס נאָמען ניט דער־מאָנט אין דעם ליד? דערקלערט דער מדרש מיט אַ משל צו אַ מיניסטער, וואָס האָט געמאַכט אַ סעודה פאַרן מלך, האָט אים דער מלך געפרעגט: איז דאָרט מיין געליבטער אויך דאָ, האָט ער אים געענטפערט ניין. האָט דער מלך געזאָגט, ווי באַלד אַזוי, וועל איך אויך ניט גיין אַהין. אַזוי האָט ג—ט געזאָגט: וויבאַלד משה ווערט דאָרט ניט דער־מאָנט, וויל איך אויך ניט זיין דערמאָנט . . .

דער ילקוט שמעוני ענטפערט, אַז ביי יציאת מצרים האָט טאַקע משה רבנו געדאַרפט זינגען מיט די אידן, ווייל זיי האָבן דאַן נאָך ניט געהאַט דורכגעמאַכט קבלת־התורה. אָבער איצט, נאָך מתן תורה און נאָך פערציק יאָר וואַנדערונגען אין דעם מדבר, שטייענדיק פאַר די טויערן פון ארץ ישראל, זיינען שוין די אידן געווען אויסגעלערנטע... זיי האָבן שוין געקענט אַליין זינגען דעם ברונעם געזאַנג . . .

דאָס אידיש פאָלק, וואָס האָט שוין געטראָגן מיט זיך און אין זיך משה׳ס תורה און דורכגעמאַכט אַלע וואַנדערונגען אין אַ ווילדן מדבר, וואו זיי האָבן געליטן הונגער, דורשט און געביסן געוואָרן פון אַלערליי נחשים און עקרבים. האָט שטייענ־דיק ביים סוף פון זיינע וואַנדערונגען, שוין געקענט אַליין אויסזינגען זיין גרויס און ג—טליך פאָלקס ליד — אַ לויב געזאַנג צום לעבעדיקן דערפרישנדיקן וואַסער, וואָס האָט זיי דערהאַלטן און געפירט צו אַלע הויכן אין דעם מדבר; אַ הימנע צו דעם קוואַל וואו עס ליגט דער סוד פון אידישן לעבן . . .

---

און איצט מיינע ליבע אידן, לאָמיר פאַרגעסן די „מי מריבה״ סצענעס פון אונדזער אַמאָליקן און היינטיקן לעבן . . . לאָמיר אויך זיך ניט קימערן איבער די „נחשים השרפים״ די גיפטיקע שלאַנגען, וואָס האָבן געביסן אַמאָל און בייסן נאָך היינט דעם אידישן פאָלק . . . מיר ווען אויך פאַרזוכן אַראָפּצוואַרפן פון אונדז די טונקעלע אבלות נאָך דעם טויט פון אונדזערע גייסטיקע פירער די „מרים׳ס״ און „אהרנ׳ס״ וועלכע האָבן באַלויכטן אונדזער וואונדער און וואַנדער־וועג אין דעם וועלט־מדבר פון אַמאָל און היינט . . . מיר וועלן אויך ניט טראַכטן פון דער פאַטאַלער טראַגעדיע אין משה רבנו׳ס לעבן, דורך וועלכער ער האָט פאַרשפּילט דעם נחת אריינצוברענגען זיין הייס־געליבט פאָלק אין ארץ ישראל — — —

מיר וועלן פון אונדז אַראָפּוואַרפן די גרויע אַלטעגלעכקייט און אַרויפציען אויף אונדז אַ חדוה׳דיקע און „יום־טוב׳דיקע טאַנצנדיקע אידן״, וועלן מיר זיך אָנ־שליסן אין דעם כאָר פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק, וואָס האָט געזונגען די „שירת הבאר״, דעם הערלעכן דערהויבענעם און זיגרייכן ברונעם געזאַנג, שטייענדיק ביים אַריינגאַנג אין ארץ ישראל, ווי די תורה גיט עס אונדז איבער אין אַזעלכע פּאָעטישע בילדער, סודות׳פולע געדאַנקען און קלאַנגפולע ריטמען:

„אָז ישיר ישראל את השירה הזאת:
עלי באר — ענו לד׳
באר חפרוה שרים,
כרוה נדיבי העם,
במחוקק במשענותם,
וממדבר מתנה,
וממתנה נחליאל,

וממנחליאל במות,
ומבמות הגי אשר בשדה מואב,
ראש הפסגה,
ונשקפה על פני הישימון" —

דאַן האָבן אידן געזונגען דעמדאָזיקן געזאַנג:

קום אַרויף אַ קוואַל — לויבט איר; אַ קוואַל געגראָבן פון האַרן, אויסגעהאַקט פון פאָלקס אַדל, מיט דעם געזעץ געבער און זיין שטעקן, און פון מדבר, אַ מתנה, און דורך מתנה צו ג—ט'ס אַרב פון ג—ט'ס אַרב צו הויכקייטן, און פון הויכקייטן (ווי־דער) אין טאָל, וואָס אין מואב'ס פעלד, דאַן ווידער אויפן סאַמע שפּיץ וועלן מיר אַראָפּ־קוקן אויף דעם וויסטן מדבר . . .

וואָס פאַר אַ גוואַלדיק שיין פאָלקס ליד פון דעם אידנטום!... איר דער־הערט די געטלעכע קלאַנגען, די נביאים' דיקע זעאונגען, וואָס לייכטן דורך די רמזים־פולע ווערטער פון דעם וואונדערלעכן וואַסער ליעד, און פאַרקלינגען דעם וועלט־חלל אין אַלע אייביקייטן אַריין!

עס איז קיין וואונדער ניט וואָס אונדזערע בעלי אגדה האָבן אַנגעהאַנגען אויף דעם באר מרים אַ וועלט מיט מיסטיק, דורך וועלכע עס שיינט אַרויס דער גורל פון אידישן לעבן און דער סוד פון אידישן נצחון — דער נצח ישראל לא ישקר.

זאָגט דער תוספתא (סוכה פ"ג):

„כך היתה הבאר שהיתה עם ישראל במדבר דומה" — אַזוי האָט אויסגעזען דער ברונעם וואָס איז געווען מיט די אידן אין דעם מדבר" — „אַ פעלז פול מיט לעכער ווי אַ זיפּ און פון אַלע לעכער האָט געשטראָמט און געשפּרודלט מיט וואַסער. ער פלעגט זיך קייקלען מיט זיי אויף די הויכע בערג און אַרונטערנידערן מיט זיי אין די טאָלן. וואו נאָר אידן האָבן זיך געשטעלט אָפּרוען, האָט ער זיך געשטעלט קעגנאיבער זיי אויף אַ הויכן פּלאַץביים אהל מועד . . . דאַן פלעגן קומען די אידישע פירער, די נשיאים און אים אַרומריגלען מיט זייערע שטעקנס און געזונגען דאָס ליד:

„עלי באר — ענו לה! . . .

עס האָט דאַן גענומען שפּריצן פון פעלז גאַנצע שטראָמען מיט וואַסער און גרויסע טייכן זיינען געוואָרן אין דעם מדבר, און דער וואַסער פעלז פלעגט אַרומקרייזן אַרום אַלע אידן, וועלכע זיינען געזעסן אין שיפלעך. דער וואָס איז אַרויף רעכטס האָט אַרונטערגענידערט אויף רעכטס און דער וואָס פלעגט אַרויף לינקס האָט זיך אַרונטער־געלאָזן אויף לינקס . . .

„מים שמתמצין הימנה נעשים נהר גדול" — פון דעם וואַסער וואָס איז אויס־געקוועטשט געוואָרן פון זיי, איז געוואָרן אַ גרויסער טייך, וואָס האָט זיך אַריינגעגאָסן אין דעם ים הגדול און פון דאָרט האָט מען אַרויסגעבראַכט „כל חמדת העולם", אַלע טייערע שיינקייטן פון דער וועלט" . . .

דער „באר", דער ברונעם, דער קוואַל פון אידישן לעבן האָט, אַלזאָ, אויסגע־זען ווי אַ פעלז — דער „צור ישראל", דער פעלז פון אידישן פאָלק, שאין לו ראשית ואין לו אחרית, וואָס פאַרפלייצט דעם גאַנצן קאָסמאָס מיט זיינע אויסשטראַלונגען פון חכמה, טוב, חסד, רחמים, גבורה, הוד און תפארת... קוואַל פון גב"ה, איז אויסגעגראָבן געוואָרן פון אונדזערע ערשטע אבות — „באר חפרוה שרים" — אויסגעהאַקט געוואָרן פון אונדזער פאָלקס־אַדל — „כרוה נדיבי העם" — דאַן איז געקומען משה רבנו — דער מחוקק במשענותם" — און אונדז געבראַכט די גרויסע מתנה פון מדבר סיני, און אַ דאַנק דער מתנה זיינען מיר געוואָרן נחלי־אל, די נחלת ד' דער אור לגויים... און פון נחליאל זיינען מיר אַרויף צו במות... צו די העכסטע הויכן... צו נבואה, צו אונדזע־רע גייסטיקע ריזן, די תנאים, חכמים, קדושים, גאונים און מקובלים...

פון די במות זיינען מיר ווידער אַריין אין דעם טאָל פון מואַב׳ס פעלד... מיר זיינען אַריין אין אַ פינסטערן לאַנגן גלות... אָבער דער וואונדער־ברונעם, אונדזער לעבנס־קוואַל, האָט זיך מיט אונדז מיטגעקייקלט און געשטראָמט פון טויזנט עפענונגען מיט לעבעדיק דערפרישנדיק וואַסער און באַלעבט און דערקוויקט די אידישע נשמות...

אין גלות האָבן מיר פאַרגעזעצט צו שפּינען דעם גאָלדענעם אייביקן פאָדים... מיר האָבן נאָך מער פאַרטיפט דאָס אידנטום, נאָך מער פאַרגייסטיקט אונדזערע שבתים און ימים טובים, און טייכן תורה האָבן געשטראָמט אין אַלע לענדער פון גלות. אידן זיינען געזעסן אין זייערע „שיפלעך", אין די ישיבות, בתי מדרשים, תלמוד תורה׳ס און שולן און געשוואומען אויף דעם וואַסער פון תורה...

נאַטירלעך, עס זיינען געווען אידן, וואָס זיינען געגאַנגען רעכטס און אַנ־דערע וואָס האָבן זיך גענומען אויף לינקס... אָבער, אַלע האָבן זיך געבאָדן אין דעם שטראָם פון אידישקייט.

און אַפילו די, וואָס זיינען אַוועק פון אידישן לעבן און זיינען אַריין אין דער וועלטלעכער קולטור, געוואָרן פּראָפעסאָרן, שרייבער, קינסטלער, דיכטער און דענקער, האָבן אַהין זייער וואַסער אַריינגעבראַכט, די אידישע אידעאַלן אין דער וועלט־קולטור, אין באַרייכערט די וועלט־ליטעראַטורן מיט די אויסגעקוועטשטע וואַסער פון דעם אידנ־טום...

און דאָס איז דער רעיון וואָס דער תוספתא זאָגט, אַז „מים שמתמצין הימנה נעשים נהר גדול" — דאָס אויסגעקוועטשטע וואַסער פון דער אידישער תורה, מיט וועלכע די אַפּטריניקע און אַסימילירטע אידן האָבן באַפרוכפּערט די קולטורן פון די פעלקער, איז געוואָרן אַ גרויסער טייך, וואָס האָט זיך אַריינגעגאָסן אין דעם ים הגדול און פון דאָרט האָבן זיי אַרויסגעבראַכט כל חמדת העולם...

אָבער פון דעם „גי אשר בשדה מואב", וועלן מיר ווידער אַרויף אויף דער

„ראש הפסגה”, אויף דעם סאַמע שפּיץ באַרג פון ארץ ישראל, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט פון זיין גייסטיקער הויכקייט אויף דעם מדבר ישימון פון דער וועלט . . .

ערשט דאָרטן וועט אונדזער „באר” אונדזער וואונדער־ברונעם, וואָס האָט אונדז דערהאַלטן אין גלות, זיך פאַנאַנדערשטראָמען און פאַרפלייצן דעם ווילדן געצנדי־נערישן מדבר מיט דעת ד׳, ווי די וואַסערן דעקן צו די ברעגעס פון ים, כי מציון תצא תורה ודבר ד׳ מירושלים — — — — — — — — —

# חקת

## דער לאָגישער טעם וואָס אונדזערע חכמים האָבן געגעבן אויף דער טעמ׳לאָזער "פרה אדומה" — די אייזערנע לאָגיק פון אמונה וואו דער מענשלעכער שכל איז צו קורץ — ווארום די טראַדיציע האָט געוויד־מעט אַ שבת צו פרשה "פרה" —

„זאת חקת התורה" — זש"ח (איוב י"א): „מי יתן טהור מטמא לא אחד" — כגון אברהם מתרח . . . ישראל מאומות, העולם הבא מעולם הזה — מי עשה כן? מי צוה כן? מי גזר כן? לא יחידו של עולם? . . .

(במדבר רבה פ׳ י"א)

---

שאל גוי אחד את רבן יוחנן בן זכאי: אילין עובדייא דאתון עבדון נראין כמין כשפים, אתם מביאין פרה ושורפין אותה וכו׳ . . . אמר לו: לא נכנסה בך רוח תזזית מימיך? וכו׳ לאחר שיצא אמרו לו תלמידיו: לזה דחית בקנה, לנו מה אתה אומר? א"ל חייכם, לא המת מטמא ולא המים מטהרין, אלא אמר הקב"ה: חקה חקקתי, גזרה גזרתי אי אתה רשאי לעבור על גזרתי דכ־תיב: „זאת חקת התורה".

(תנחומא הקדום, פסיקתא, במ"ר י"ט)

---

מפני מה כל הקרבנות זכרים וזו נקבה? א"ר איבן: משל לבן שפחה שמטנף פלטין של מלך, אמר המלך: תבא אמו ותקנה את הצואה, כך אמר הקב"ה: תבא פרה ותכפר על מעשה העגל . . .

(במדבר רבה י"א)

---

ואמר ר׳ יצחק: מפני מה לא נתגלו טעמי תורה? שהרי שני מקראות נתגלה טעמם, נכשל בהם גדול העולם . . .

(סנהדרין כ"א)

---

שנו רבותינו „את משפטי תעשו" — דברים שאלמלא נכתבו דין הוא שיכתבו וכו׳ . . . „ואת חקותי תשמרו" — דברים שהשטן ואומות העולם משיבים עליהם וכו׳ — ושמא תאמר מעשה תהו הם? תלמוד לומר: "אני ד׳ "—אני ד׳ חקקתים ואין לך רשות להרהר בהם . . .

(יומא ס"ז)

אין אונדזערע דיסקוסיעס איבער די אייביקע קולטור-ווערטן, וואָס לויכטן אַרויס, ווי טויזנט זונען, פון די מאמרי חז"ל, וועלכע מיר קלייבן־אָפּ אויף אונדזערע שפּאַצירן אין דעם שמעקנדיקן „בלומען־גאָרטן" פון דער אגדה, ווי היינריך היינע,

רופט עס, האָבן מיר אָפט געזען, ווי דאָס רעליגיעזע אידנטום ענטהאַלט אַ ניכטערע, געזונטע, און ראַציאָנאַלע לעבנס־פילאָזאָפיע.

שיינט די תורה ווי אַ גרויסע ליכטיקע זון, וואָס באַלייכט דעם מענשן זיין וועג אויף דער ערד און לאָזט אים ניט פאַרבלאָנדזשען . . .

יעדע מצוה איז, ווי אַ שטראַל פון אָט דער גרויסער זון, וואָס איז „ברה מאי־רת עינים”. פונקט ווי די תורה איז אַ גאַנצע, אַן אויסגעהאַלטענע, אַ נשמה־דערקוויקנ־דיקע פאַר אַלע מענשן, ווי דער נעים זמירות ישראל זינגט עס אַזוי דערהויבנדיק:

„תורת ד׳ תמימה, משיבת נפש! . . .

און ווען מיר פאַרטיפן זיך אין דער פילאָזאָפיע פון דער תורה, ווי זי איז אויס־געטייטשט און דערקלערט געוואָרן פון אונדזערע גרויסע חכמים, באַגרייפן מיר, אַז עס איז דאָ אַ געהיימער איינהייטלעכער פּלאַן אין איר גייסטיקן סיסטעם, ווי עס איז דאָ אַ געהיימער פּלאַן אין דעם וועלט־באַשאַף, וואָס ווערט דיריגירט פון דעם באַשאַפער . . .

און פונקט ווי אין דער נאַטור, ווי אין לעבן, באַגעגענען מיר אָפט אומ־פאַרשטענדלעכע דערשיינונגען, וואָס קוקן־אויס צו זיין אומלאָגיש, אומגעלומפּערט, אומאויסגעהאַלטן און, אָפט, אין ווידערשפּרוך צו סיסטעם און אָרדנונג, אַזוי באַגעגענען מיר אין דער תורה מאַנכע געבאָטן, וועלכע שיינען צו זיין אומלאָגיש, אומאויסגעהאַלטן, און ניט אין איינקלאַנג מיט דער חכמה וואָס זי ענטהאַלט . . . עפּעס ווי מיר וואָלטן ענט־דעקט פלעקן אויף דער זון . . .

דאַרפן מיר דאָך ניט אַנטוישט ווערן.

מיר דאַרפן דאַן געברויכן אונדזער לאָגישן שכל, וועלכע זאָגט אונדז, אַזוי ווי מיר פאַרשטייען ניט ווי אַזוי די זון איז געשאַפן געוואָרן אַזוי באַגרייפן מיר ניט אירע פלעקן . . . עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז דער באַשאַפער, וועמען מיר קענען ניט משיג זיין מיט מיט אונדזער באַגרעניצטן שכל, האָט געהאַט זיין באַשטימטן „שכלי־דיקן” פּלאַן צו באַשאַפן די פלעקן אויף דער זון, וועלכע זיינען, אפשר, גאָר אַן אָרגאַני־שער טייל פון איר ליכט . . .

ווען מיר וואַרפן אונדזער בליק אין די הימלעשע ספערן און מיר זעען ווי די מילי־מיליאַסן פּלאַנעטן און זון־סיסטעמען דרייען זיך לויט אַ באַשטימטער עקזאַקטער אָרדנונג, ווען מיר זעען די גאַנצע נאַטור אַרום אונדז, אויף דער יבשה און אין די ימים, ווי ס׳לעבט דער מענש און די חיה, דער בוים און די בלום, לויט געוויסע געזעצן און אין אַ פּאַנאָראַמע פון פאַרבן און סימפּאָנישע קלאַנגען — ווען דער מענשלעכער שכל באַטראַכטן דאָס אַלץ — מוז ער באַגרייפן, אַז עס איז דאָ אַן אין־סופי׳קע אינטעליגענץ, וואָס פירט אָן מיט דעם גאַנצן באַשאַף, און אויסשרייענדיק ״מה רבו מעשיך ד׳ ״ מוז ער צוגעבן, אַז „כולם בחכמה עשית” . . .

צו אָט דעם שלוס מוז קומען דער מענשלעכער שכל, די קלאָרע מענשלעכע לאָגיק, ניט־קוקנדיק שכל, די אַלע „אומלאָגישקייטן”, וואָס ער באַגעגענט אין לעבן.

אַלץ וואָס דער מענש קען זאָגן: עס איז געוויס דאָ חכמה און לאָגיק אין אָט־די

נאַטור־דערשיינונגען, נאָר מיין שכל איז צו קורץ זיי צו פאַרשטיין, פונקט ווי ער איז צו קורץ צו באַגרייפן דעם באַשאַפער פון אַט־די דערשיינונגען. איך ווייס, אָבער, אַז ער איז דאָ און ער איז דער קוואַל פון אַלע לעבנס און פון אַלע חכמות . . .

אַט אַזוי האָבן אונדזערע חכמים אונדז געלערנט אויפצונעמען מאַנכע געבאָטן פון דער תורה, וועלכע שיינען פאַר אונדז ניט צו האָבן קיין טעם און קיין לאָגיק.

„שנו רבותינו: „את משפטי תעשו" — אונדזערע רבנים האָבן געלערנט דאָס וואָס די תורה זאָגט (ויקרא י"ח): „מיינע משפטים זאָלט איר טאָן", מיינט עס אַזעלכע זאַכן וואָס ווען זיי וואָלטן ניט געשריבן געוואָרן, וואָלטן זיי געדאַרפט געשריבן ווערן און דאָס זיינען אַזעלכע פאַרבאָטן, ווי געצנדינסט, געשלעכטליכע בלוט־שאַנד, בלוט־פאַרגיסונג, רויב און ג—ט לעסטערונג.

דאָס אַלץ זיינען אַזעלכע דינים, וואָס דער שכל איז מחייב, אָבער עס זיינען דאָ דינים, וואָס דער מענשלעכער שכל פאַרשטייט זיי ניט, וועגן אַזעלכע דינים זאָגט די תורה: „ואת חקתי תשמרו" — און מיינע געזעצן זאָלט איר היטן — דאָס מיינט אַזעלכע „אומלאָגישע" זאַכן וואָס דער יצר הרע און די געצנדינערישע פעלקער זוכן אָפּצופרעגן, ווי חזיר־עסן, שעטנז־טראָגן, חליצה, מצורע־רייניקונג און דער שעיר המשתלח פון יום־כפור'דיקער עבודה. אַט די אַלע געבאָטן זיינען ניט נאָר אָן אַ טעם, נאָר זיי ענטהאַלטן אויך שיינבאַרע ווידערשפּרוכן אין זייערע אייגענע דינים, און דאָך: „שמא תאמר מעשה תהו הם" — טאָמער וועסטו זאָגן: זיי זיינען פוסטע זאַכן — תלמוד לומר: אני ד' — אני ד' חקקתים ואין לך רשות להרהר בהם — דעריבער שטייט ביי זיי „איך בין ג—ט — איך האָב זיי פאַר געזעצן געמאַכט און דו האָסט ניט קיין דערלויבניש נאָכצוטראַכטן וועגן זיי. (יומא ס"ז)

ריין מענשלעכע „לאָגיק" איז מחייב אָפּצוהיטן אַט די „אומלאָגישע" געזעצן, ווייל זיי קומען פון דעם סאַמע מקור החכמה . . . דעריבער דאַרפסטו האָבן אמונה און פאַרשטיין אַז אין אַזעלכע דינים ליגט באַהאַלטן אין־סוף'יקע חכמה . . .

וואָרום האָט, אָבער, די תורה געפונען פאַר נויטיק צו באַהאַלטן דעם טעם פון יענע דינים — דערקלערט ר' יצחק (אין סנהדרין כ"א): אַט האָבן צוויי פסוקים אויפגעדעקט זייער טעם און דער גרעסטער חכם פון דער וועלט, שלמה המלך, איז נעבאָך נכשל געוואָרן אין זיי.

די תורה האָט אָנגעזאָגט אַז אַ אידישער מלך טאָר ניט נעמען אַ סך ווייבער, כדי זיין האַרץ זאָל ניט אָפּגעקערט ווערן פון דער תורה — „ולא ירבה לו נשים ולא יסור לבבו" — (דברים י"ז) — האָט שלמה געזאָגט: „אני ארבה ולא אסור" — איך וועל באַווייזן, אַז איך קען האָבן אַ סך ווייבער און דאָך בלייבן אין מיין טראַדיציאָנעלער אידישקייט, צום סוף דערציילט דער נביא: ויהי לעת זקנת שלמה הטו את לבבו" — (מלכים א' י"א) שלמה'ס ווייבער האָבן אים אויף דער עלטער אַראָפּגעפירט פון וועג. און דאָס זעלביקע האָט אויך פּאַסירט מיט דעם פאַרבאָט, אַז אַ אידישער מלך טאָר ניט זיך איינשאַפן צופיל פערד, וואָס שלמה האָט ניט אויסגעהאַלטן. דעריבער, אַלזאָ, האָט די תורה

אינגאַנצן באַהאַלטן די טעמים פון געוויסע דינים.

און דער גרעסטער, טעם־לאָזער אומפאַרשטענדלעכער דין, וואָס האָט אַזעלכע שרייענדיקע ווידערשפּרוכן אין זיך, איז דאָס געזעץ פון דער פּרה אדומה, וועמעס אַש איז מטהר טמאים און מטמא טהורים. דער מענש, וואָס גיט זיך אָפּ מיט איר איז טמא, בעת אירע אַש געמישט מיט וואַסער מאַכט ריין אומריינע . . .

און בכלל קוקט דער גאַנצער פּרה אדומה ענין אויס, פאַר אַ מענש וואָס פילט ניט די געטלעכע גרויסקייט פון דער תורה, ווי האָקוס־פּאָקוס, ווי מעשה כשפים . . .

און דאָס טאַקע האָט געפרעגט איינער אַ געצנדינער ביי רבן יוחנן בן זכאי: „יע־נע טונקעלע זאַכן וואָס איר טוט דאָרט זעען אויס ווי צויבעריי: מ'ברייננגט אַ רויטע קו און מ'פאַרברענט זי און צעשטויסט זי, און מ'נעמט איר אַש צוזאַמען, און ווען איינער פון אייך ווערט טמא פון אַ מת, באַשפּריצט מען אים מיט צווי דריי טראָפּנס, און מ'זאָגט אים: „דו ביסט ריין געוואָרן".

דער קלוגער גרויסער תנא האָט דאָ דערזען, אַז ער וועט דעם גוי מיט די געצנ־דינערישע השגות ניט קענען דערקלערן דעם שווערן ענין פון פּרה אדומה, האָט ער, לויט דעם כלל פון „ענה כסיל כאולתו", אים געפרעגט: איז אַמאָל אַריין אין דיר אַ די־בוק, אַ בייזער גייסט? האָט ער אים געענטפערט: „ניין". אָבער, דו האָסט דאָך געזען אַמאָל אַ מענשן וואָס איז באַזעסן געוואָרן פון אַ „רוח תזזית?" האָט אים דער תנא גע־פרעגט — האָסטו געזען, וואָס מ'טוט צו אים? האָט אים דער גוי געזאָגט: „מ'ברענגט וואָרצלען פון גראָזן און מ'רויכערט זיי אונטער אים און מ'שפּריצט דאָן אויף דעם דיבוק מיט וואַסער — און דער דיבוק אַנטלויפט.

האָט אים רבן יוחנן בן זכאי געזאָגט :

— איצט זאָלן דיינע אויערן הערן וואָס דיין מויל רעדט: אַזוי איז דאָך דער רוח הטומאה, מ'שפּריצט אויף אים „שפּרינג־וואַסער" און ער אַנטלויפט.

ווען דער גוי איז, אַ צופרידענער פון דעם ענטפער, אַרויסגעגאַנגען, האָבן זיי־נע תלמידים אים געזאָגט: מילא, אָט דעם גוי האָסטו אָפּגעשטויסן מיט אַ שטרוי, אָבער וואָס וועסטו צו אונדז זאָגן? ווי וועסטו אונדז דערקלערן דעם שווערן טונקעלן ענין פון דער פּרה אדומה? — האָט ער זיי געענטפערט: „ביי אייער לעבן, ניט דער מת מאַכט אומריין און ניט דאָס וואַסער פון דער פּרה אדומה מאַכט ריין, נאָר דאָס איז אַ דעקרעט פון דעם מלך מלכי המלכים. דער הייליקער געבענטשט איז ער, האָט געזאָגט: חקק חקקתי, גזרה גזרתי, אין אתה רשאי לעבור על גזרתי — זאת חקת התורה" — — —

אָט דער ענטפער, וואָס האָט צופרידנגעשטעלט די תלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי, וואָלט זיכער ניט צופרידנגעשטעלט דעם פּאַגאַנישן גייסט פון דעם גוי, וועלכער האָט געגלויבט אין פאַרשידענע בייזע גייסטער, וואָס כאַפּן זיך אַריין אין דעם מענשן און וועלכע מ'קען זיי אַרויסיאָגן מיט האָקוס־פּאָקוס שפּרוכן און אַנדערע באַבסקע רפואות . . .

און אפשר האָט דער אומבאַ'טעמ'טער חק פון דער פּרה אדומה באַצוועקט

צופרידנצושטעלן די פּאַגאַנישע נייגונגען, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן ביי פילע אידן פון דעם עגל הזהב... ווייסן מיר דאָך, אַז ניט קוקנדיק וואָס אידן האָבן זיך דערהויבן צו דער העכסטער פאַרגייסטיקונג ביים באַרג סיני, איז דאָך עפּעס פּאַגאַנישעס פאַרבליבן אין ערגעץ אַ ווינקל פון זייער נשמה. און ווען משה רבנו איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון זיי, האָבן זיי דערלייטן אַ שרעקלעכן צוריקפאַל צו דעם פּאַגאַניזם פון מצרים . . .

און דאָס איז דער רעיון פון דעם מדרש, וואָס זאָגט, אַז דעריבער זיינען אַלע קרבנות זכרים און דער קרבן פון פרה אדומה א נקבה, ווייל דאָס איז געגליכן צו אַ קינד פון אַ דינסט, וואָס האָט שמוציק געמאַכט דעם פּאַלאַץ פון דעם מלך, האָט דער מלך געזאָגט: זאָל קומען זיין מוטער און אויסרייניקן דעם שמוץ, כך אמר הקדוש ברוך הוא: „תבא פרה ותכפר על מעשה העגל"... (במדבר רבה י"ט).

אָבער פאַר אונדזערע גרויסע חכמים, וועלכע האָבן מיט זייערע קלאָרע העל־זעערישע אויגן דורכגעבליקט די גאַנצע טיפקייט פון דער תורה, איז די פרה אדומה ניט געווען קיין פּאַגאַנישער ענין, חלילה. זיי האָבן עס טאַקע באַטראַכט אַלס אַ פלעק אויף דער זון, אָבער, זיי האָבן עס צוגעשריבן צו זייער מענשלעכער קורצזיכטיקייט, וועלכע קען ניט אַריינבליקן אין דער גליענדער טיפקייט פון דער זון. כדי צו קענען אַרונטערנעמען דעם טונקעלן שלייער פון דער פרה אדומה... זיי האָבן געהאַט די טיפע אמונה, אַז ערגעצוואו איז דאָ אַ לאָגיק, א שכל און אַ טעם פאַר דעם געזעץ, וואָס דער־שיינט פאַר אונז אַזוי טונקל און אַזוי ווידערשפּרעכנדיק אין זיך אַליין . . .

איז דאָך דאָס לעבן פול מיט אַזעלכע אומלאָגישקייטן און ווידערשפּרוכן אין פונדעסטוועגן פילן מיר אַז אויך זיי זיינען אַ „לאָגישער פּועל יוצא פון דעם וועלט־פּלאַן, וואָס ווערט אַנגעפירט פון דעם קאָסמישן „אחד" . . .

אָט דאָס איז דער רעליגיעז־פילאָזאָפישער געדאַנק, מיט וועלכן דער מדרש טרעט צו דעם טונקעלן ענין פון דער סדרה „חקת", פאַרבינדנדיק דעם „זאת חקת התורה" מיט דעם פּסוק פון (איוב י"ד) „מי יתן טהור מטמא לא אחד" — — —

פון אויבנאויף זעט עס אויס, אַז דער מדרש זוכט דאָ צו מאַכן דעם טונקעלן ענין פון דער פרה אדומה נאָך טונקעלער. אָבער ווען איר קוקט אַריין אין דעם ספר „איוב" און איר דערזעט אַז דער קאַפּיטל פון דעם ציטירטן פּסוק הייבט זיך אָן מיט אַ שילדערונג פון דעם מענשנס נישטיקייט אין פאַרגלייך מיט ג—ט'ס גרויסקייט, דאַן פאַרשטייען מיר, וואָרום דער מדרש האָט אים געבראַכט צו באַלויכטן דעם טונקעלן ענין פון דער תורה :

איוב זאָגט דאָרט:

„אדם ילוד אשה" —

דער מענש געבוירן פון אַ פרוי, האָט קורצע טעג און איז זאַט אין פאַרדרוס, ווי אַ בלום קומט ער אַרויס און ווערט פאַרשניטן, און ער אַנטלויפט ווי אַ שאָטן און באַשטייט ניט. אויף אַזעלכע האָלטסטו אָפן דיינע אויגן? און מיר ווילסטו ברענגען צום משפט מיט דיר?

„ווער קען מאַכן ריין פון אומריין? — קיין איינער ניט . . .

טאָ ווי קומסטו נישטיקער מענש מיט דיין באַגרענעצטן שכל צו וועלן דער־גרונטעוועט די ג—טלעכע לאָגיק ? . . .

טייטשנדיק דעם „לא אחד אין א לשון בתמיה — ווער קען מאַכן טהור פון טמא? — ניט דער „אחד?" זעען מיר דען ניט אין דעם לעבן דערשיינונגען, וועלכע קוקן אויס צו זיין אומלאָגיש און ווידערשפּרעכנדיק, און דאָך זייגען זיי דאָ, און ווער שאַפט זיי? ניט דער אחד, דער יחידו של עולם ? . . .

אָט איז פון תרח׳ן אַרויסגעקומען אברהם אבינו — איז דאָס ניט אַ גוואַלדי־קער ווידערשפּרוך אָדער חזקיהו פון אחז׳ן, יאשיהו פון אמון, מרדכי פון שמעי און, נאָך מער, דאָס אידישע פאָלק איז אַרויסגעשפּרונגען פון די אומות העולם — איז דאָס ניט דער גרעסטער וואונדער? און די צוקונפטיקע שיינע וועלט צו וועלכע מיר אַלע שטרעבן, וועט זי דען ניט זיין אַ קינד פון דער היינטיקער מאוס׳ער וועלט?... מי עשה כן? מי צוה כן? מי גזר כן? לא יחידו של עולם?... דעריבער זאָלן מיר זיך ניט וואונ־דערן אויף דער „חקת התורה" וואָס עס האָט ניט קיין טעם, קיין לאָגיק, קיין אויסגע־האַלטנקייט — איר קלאָרסטער טעם, איר שטאַרקסטע לאָגיק און אייזערנע אויסגע־האַלטנקייט איז דער פאַקט, וואָס זי איז אַ טייל פון דער תורה, וואָס ג—ט האָט גע־געבן, און דאָס איז גענוג — אמר הקב"ה: חקה חקקתי גזרה גזרתי אין אתה רשאי לעבור על גזרתי!" . . .

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אונזער פרומע טראַדיציע האָט געווידמעט איין שבת אין יאָר צו דער „פרשה פרה" — ענטהאַלט דאָך אָט די פון אויבנאויף טונקעלע פרשה אַזאַ ליכטיקע, אַזאַ קלאָרע און אַזאַ שטאַרקע אמונה אין ג—ט, אן איבערמענש־לעכע אמונה וואָס איז צוערשט אַנטדעקט געוואָרן אין אברהם אבינו ביי דער סצענע פון דער עקידה, און וועלכע איז געוואָרן די כאַראַקטעריסטיק פון זיינע קינדער, די מאמינים בני מאמינים — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# בלק

## בלק און בלעם — דער קלאַסישער מוסטער פון היסטאָרישן אינטערנאַציאָנאַלן אַנטיסעמיטיזם. — די בלעמיס, די איוביס און די יתרויס פונם מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם.

„וירא בלק" — נוח לרשעים שיהיו סומין שעיניהם מביאין רעה לעולם... (במדבר רבה כ׳).

„ויקץ מואב" — שהיו מתיראין שהיו רואין את עצמן כקוץ לפניהם. (תנחומא).

„בלעם" — בלא עם. דבר אחר שבלה עם . . . (סנהדרין ק"ה).

„קום לך אתם" — אמר רבא בר רב הונא: מלמד שבדרך שאדם רוצה לילך בה מוליכין אותו. (מכות).

„וירא את הקיני וישא משלו" — אמר לו בלעם ליתרו: קיני, לא היית עמנו באותה עצה? מי הושיבך אצל איתני עולם, והיינו דאמר ר׳ חייא בר אבא א"ר סמאי: ג׳ היו באותה עצה, אלו הן: בלעם, איוב ויתרו. בלעם שיעץ נהרג; איוב ששתק, נידון ביסורין, ויתרו שברח, זכו בניו לישב בלשכת הגזיז (סנהדרין ק"ו).

כשברך בלעם את ישראל היה קולו הולך ששים מיל במחנה ישראל... (ילמדנו, ילקוט שמעוני).

פאַרוואָס האָט מען אונדז פיינט ? . . .

ווארום ווערן מיר אַזוי אַכזריות׳דיק פאַרפאָלגט?

ווען וועט שוין די אַלטע, תמיד אָפענע און שטענדיקע אייטערדיקע וואונד פון די פעלקער פאַרהיילט ווערן ? . . .

ווען וועט די געמיינסטע שאַנד פון דער מענשהייט אָפּגעוואַשן ווערן ? . . .

אַלטע, פאַרשאַלטענע און אייביק־נייע פראַגעס, וועלכע זיינען שוין אַרויס פון מענשלעכער וויסנשאַפט און לאָגישן דענקען, ווייל זיי זיינען אַריבער די גרעניצן פון נאַטור, און זיינען געוואָרן מיסטיש, טראַנסצענדענטאַל, איבערנאַטירלעך, ווי דאָס אי־דישע פאָלק גופא . . .

אַלע טעאָריעס און היפּאָטעזעס, אַלע עקספּערטיזעס און דיאַגנאָזעס פון די אַזוי גערופענע „ספּעציאַליסטן" פון „אידישן פּראָבלעם", אידן און ניט־אידן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש און ווידערשפּרעכנדיק.

די אַזוי גערופענע „אידן־פראַגע" וואָס איז אַזוי אַלט, ווי דאָס אידיש פאָלק, האָט שוין דורכגעמאַכט פאַרשידענע סטאַדיעס און אויסגעוויטיקט אַלערליי פאָרמעס, אָבער, אין איר עצם מהות איז זי דאָך געבליבן די אַלטע אייביקע קריינק — אידנהאַס אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען.

מ׳האָט עס שוין געוואָלט מאַכן פאַר אַ רעליגיעזער פראַגע, אַ ראַסיסטישע, עקאָנאָמישע, סאָציאָלאָגישע, אָדער פסיכאָלאָגישע — אָבער די סימפּטאָמען פון די אַנ־טיסעמיטישע אויסברוכן, אין פאַרשידענע דורות און אין באַזונדערע לענדער, האָבן באַוויזן, אַז דאָס איז ניט בלויז אַ פראַגע פון רעליגיע, ראַסע, עקאָנאָמיקס, אָדער פון נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט.

מען האָט געזוכט צו געפינען די סיבה׳ס פון אַנטיסעמיטיזם ביים אידישן פאָלק, אין זיין אייגנאַרטיקן עקאָנאָמישן געשטעל, וואָס איז כלומרשט, ניט באַזירט אויף פּראָדוקטיווער אַרבעט.

איז דאָס שוין באַוויזן געוואָרן, אַז, ערשטנס, איז דאָס איבערהויפּט אַ בלבול, וואָס איז שוין אַזוי פיל מאָל ווידערהאָלט געוואָרן, אַז אידן אַליין האָבן שוין אָנגע־הויבן צו גלויבן דארין. עס איז אָבער אַ געמיינער ליגן, אַז דאָס אידיש עקאָנאָמיש לעבן איז, אין זיין רוב מנין ובנין, באַזירט אויף די אַזוי גערופענע „לופט־פּרנסות״, ווארום אידן האָבן תמיד געהאַט פּראָפּאָרציאָנעל אַ גרעסערן אַרבעטער און בעל מלאכה קלאַס, ווי אַנדערע פעלקער. זיי האָבן געהאַט מער יגיע־כפּיים׳ניקעס ווי סוחרים. זיי האָבן גע־האַט זייערע שניידערס, שוסטערס, בלעכערס, שמידן, בעל־עגלה׳ס, קצבים, שטריקן־מאַכער, וועבער, ליכט־ציער און אַנדערע בעל־מלאכה׳ס, און דאַך האָבן די גויאישע אַרבעטער אויסגעשלאָסן אידישע האַרעפּאַשניקעס פון זייערע צעכן, אָדער אַרטעלן.

מ׳קען אויך ניט זאָגן אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ רעליגיעזע פראַגע, ווען מיר זעען היינט, אַז גראַדע פריידענקער, אַפּיקורסים, אַטעאיסטן און אַנטי־רעליגיעזע עלעמענטן בילדן די נאַציס און אַנטיסעמיטישע פאַשיסטן אין יעדן לאַנד.

מ׳קען אויך ניט זאָגן, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע, ווען מיר זעען, למשל, אַז אין דעם סאָוועטישן דיקטאַטור־לאַנד איז נישטאָ קיין אַנ־טיסעמיטיזם, בעת אין אַזעלכע דעמאָקראַטיעס ווי די פריערדיקע פוילן און אַנדערע קאָנסטיטוציאָנעלע לענדער האָט געהערשט אַ ברוטאַלער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם.

אָט האָט די גאַנצע וועלט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, איינשליסנדיק די פרייע דעמאָקראַטיעס פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, פון פאַר דער מלחמה, און אַמעריקע, צוגעזען ווי היטלער ימח שמו האָט זיך גענומען דורכפירן זיין טייוולשן פּלאַן פון פי־זישער אויסראָטונג פון אידישן פאָלק, זיך אָוועקלאָזנדיק רויבן און מאָרדן די הילפ־לאָזע אידן אין דייטשלאַנד, און קיין דעמאָקראַטיש קריסטלעך לאַנד האָט ניט געפונען פאַר נויטיק איבערצורייסן דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונגען מיט דער גענגסטער־רעגי־רונג פון נאַצי־לאַנד.

וואָלטן די קרבנות פון נאַצישן באַרבאַריזם געווען קריסטן, וואָלטן די פעלקער גלייך דערקלערט דעם נאַצי־רעזשים פאַר אַן ״אויטלאָו״ רעגירונג, מיט וועלכער קיין ציוויליזירט פאָלק טאָר קיין מגע ומשא ניט האָבן. דייטשלאַנד וואָלט גלייך ביים אָנהויב פון איר רויב און פּיראַטן־פּאָליטיק איזאָלירט געוואָרן און געווען אונטער אַ חרם, און

קיינע פון אירע שכנים פעלקער וואלטן מיט איר ניט געהאנדלט. היטלער וואלט דאן ניט געהאט קיין פרייע געלעגנהייט צו באוואפענען זיינע הונען און אויפבויען אזא מעכ־טיקע מארד־מאשין, און איבער א צענדליק פעלקער וואלטן היינט ניט געלעגן חרוב׳ע, באשפיגענע און פארשקלאפטע, און די מאמע־ערד וואלט זיך איצט ניט געווארפן אין די גרעסטע חורבן־און־מלחמה־קאנוואולסיעס אין איר געשיכטע . . .

זיינען, אבער, די קרבנות פון היטלערן געווען אידן, קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב — האט די וועלט, די פרייע דעמאקראטישע פעלקער, צוגעקוקט ווי זיי ווערן געפייניקט, געמארדעט און געשענדעט פון די נאצישע הונען, און ווייטער אנגעהאלטן פארבינדונגען מיט די שדים פון בערלין... צוגעקוקט שטום צו דער אידישער טרא־געדיע און געשוויגן.

אמת, איצט האבן זיי שוין דערזען זייער פארברעכערישן טעות, פאר וועלכן זיי האבן באצאלט און האלטן נאך אין צאלן מיט זייער בלוט און גוט. איצט האבן זיי שוין באשלאסן צו קעמפן ביזן לעצטן מאן ביז דער היטלעריזם, די שאנדע פון דער מענשהייט, וועט פארניכטעט ווערן.

אבער, די האנדלונג פון אלע דעמאקראטישע פעלקער פאר דער גאנצער צייט פון היטלערס פייניקן די אידן, זייער באציאונג צו די פליכטלינגע, וועלכע זיינען ארומ־געפארן פאר חדשים איבער אלע ימים, ניט געפינענדיק קיין אפרו־פלאץ — דאס אלץ האט באוויזן, אז פאר אידן האבן די גוים, אפילו די בעסערע פון זיי, אן אנדער מאס פון רחמנות. א פאלשע וואג פון עטיק . . .

פאר אידן האבן זיי גאר אנדערע אויגן. זיי זעען תמיד דעם אידישן פאלק פון זיין שלעכטן און שוואכן צד... צו זיינע מעלות און פארדינסטן זיינען זיי בלינד. דער־פאר, אבער, האלטן זיי זייערע אויגן תמיד אנגעשטעלט אויף אידישע חסרונות . . .

און אודאי האבן מיר אונדזערע מענשלעכע שוואכקייטן. געוויס האבן מיר חסרונות. אבער מיר האבן דאך אויך גרויסע מעלות, גרויסע פארדינסטן פאר דער מענשהייט, טא פארוואס זעען די אנטיסעמיטן, די רשעים, גראדע דאס שלעכטס אין אונדז?

***

דער מדרש רבה האט עס דערפילט גלייך ביים אנהויב פון דער געשיכטע „בלק און בלעם״, וואו די תורה שטעלט פאר די ערשטע אינטערנאציאנאלע אנטיסעמיטן, וועמעס פארזוך צו פארניכטן דעם אידישן פאלק איז כאראקטעריסטיש פאר דעם גאנצן היסטארישן אידנהאס ביז אויף היינטיקן טאג.

דער מדרש שטעלט זיך אפ אויף די ערשטע צוויי ווערטער פון דער היינטי־קער סדרה :

„וירא בלק״ — און בלק האט דערזען — נוח לרשעים שיהיו סומין שעיניהם מביאין רעה לעולם — פאר די רשעים וואלט געווען בעסער, ווען זיי וואלטן בלינד

געזוען, ווארום זייערע אויגן ברייגנען אומגליק אויף דער וועלט. ביים דור המבול שטייט דארט (בראשית ו׳) „ויראו בני האלקים״ — און די אראפגעפאלענע מלאכים האבן דערזען די טעכטער פון די מענשן. זיי האבן דאך געקענט זען אנדערע שיינע און דערהויבנדיקע זאכן, וואס געפינען זיך אויף אונדזער וועלט. זיי האבן אויך געקענט זען די מענשלעכע נויטן און דעם מענשלעכן עלנט אויף דער ערד. אבער דאס אלץ האבן זיי ניט געזען. זיי האבן געזען די שיינע פרויען און געגלוסט צו זיי . . .

ווייטער שטייט דארט, ווען נח איז ארויס פון דער תיבה: „וירא חם אבי כנען״ — חם, דער פאטער פון כנען, האט דערזען זיין פאטערס שאנד... און ווען אברהם איז געקומען מיט שרה׳ן קיין מצרים, שטייט דארט: „ויראו אותה שרי פרעה״ — די הארן פון פרעה האבן זי דערזען מיט גלוסטנדיקע אויגן... און דא שטייט אויך „וירא בלק״— (במדבר רבה כ׳).

„וירא בלק״ — וואס האט בלק געזען? — אז די אידן האבן באזיגט די אמורים — האט ער דאך געקענט זען די אנדער זייט פון דער מטבע. האבן דאך די אידן גע־זוכט א פרידלעכע פארשטענדיקונג מיט די אמורים. ווי מיט אדום, וועלכן זיי האבן גערופן „ברודער״...

ווארום האט בלק ניט געזען די גוטע, די פרידלעכע זייט פון די אידן?

און ווידער האט דאך בלק, דער מלך פון מואב, געדארפט באגריסן די אידן, ווייל זיי האבן פארניכטעט זיין שונא, סיחון און די אמוריטן, וועלכע האבן מלחמה גע־האלטן מיטן ערשטן קעניג פון מואב און צוגענומען א שטיק לאנד פון אים — האט דאך בלק געדארפט באטראכטן די אידן אלס פריינט פון מואב.

אזוי וואלט געדארפט זיין די לאגיק פון בלק׳ס פאליטיק בנוגע אידן.

נאר דער תירוץ איז, אז ווען עס קומט צו אידנהאס, דא הערט אויף די מענש־לעכע לאגיק . . . צו קעמפן קעגן אידן ווערן צוויי שונאים פארבונדן צווישן זיך . . .

*
**

אין דער געשיכטע בלק—בלעם, וואס זעט אויס צו זיין אזוי מיסטיש און אי־בערנאטירלעך אין דעם חומש, פירט אונז די תורה אריין אין דעם אינטערנאציאנאלן היסטארישן אנטיסעמיטיזם, פון וועלכן די צוויי העלדן, בלק און בלעם, זיינען קלאסישע מוסטערן.

אין דעם ערשטן אויסברוך פון אנטיסעמיטיזם פון מצרים זעען מיר א נאצי־אנאלן מאטיוו. דער אנטיסעמיטיזם ווערט אנגעטאן אין א פאטריאטישן מלבוש. פרעה האט מורא, אז אידן זאלן אקארשט ניט ווערן שטארקער און צאלרייכער פון זיין פאלק, ער איז דער ערשטער ארויסצוקומען מיט דער באשולדיקונג, אז אידן זיינען „פרעמדע״, אז זיי לעבן באזונדער אין גושן, האבן זייער אייגענע טראדיציעס, קענען זיך ניט אסי־מילירן מיט דער מצרישער קולטור און, פאלגליך, קענען זיי ניט זיין קיין גוטע פא־טריאטן . . .

איז דאָס געווען אַ מוסטער פון ענגהאַרציקן נאַציאָנאַליסטישן אַנטיסעמיטיזם.

וואָלט מען דאָך געקענט מיינען, אַז ווען דער נאַציאָנאַליסטישער מאָטיוו איז ניטאָ, איז אויך ניטאָ קיין אידנהאָס — קומט די תורה און ווייזט אונז ווי אַזוי דאָס מואב־פאָלק איז צופרעסן געוואָרן פון אידנהאָס גלאַט אַזוי — „ויקץ מואב מפני בני ישראל" — אידן זיינען געווען ווי אַ דאָרן אין די זייטן פון מואב.

און כדי צו פאַרטיליקן די אידן, מאַכט מואב פאַרבינדונגען מיט אַ פאָלק מיט וועלכן זי איז געווען צוקריגט — מיט מדין. דער אידנהאָס ברענגט זיי צוזאַמען. דער אַנטיסעמיטיזם ווערט דער געמיינשאַפטלעכער אינטערעס פון לענדער, וועלכע באַקעמפן זיך איינס דעם אַנדערן, ווי דייטשלאַנד, רומעניע, אונגאַרן, איטאַליע און אַנדערע פעל־קער מיט באַזונדערע אינטערעסן האָבן היינט געפונען איין געמיינשאַפטלעכע פאָליסי וואָס פאַראייניקט זיי — פטור צו ווערן פון אידן... זיי אַלע זיינען געוואָרן צופרעסן פון איין קראַנקהייט: אַנטיסעמיטיזם . . .

אונדזערע בעלי־אגדה האָבן מיט זייער העלזעערישער וויזיע אַריינגעבליקט אין דער בלק־בלעם דראַמע און דערזען אין איר דעם היסטאָרישן גורל'דיקן אַנטיסע־מיטיזם, וואָס באַגלייט דאָס אידישע פאָלק, ווי אַ געהיימע אַנשיקעניש, אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען.

„בלעם" — בלא עם... דבר אחר: שבלה עם (סנהדרין ק"ה) — „בלעם" מיינט אָן פאָלק. דער אַנטיסעמיטיזם פון בלעם איז פאָלקלאָז, אינטערנאַציאָנאַל. ער געפינט זיך אומעדום . . .

אַן אַנדער פשט איז „שבלה עם" — ער פאַרניכטעט פעלקער... דער אַנטיסע־מיטיזם איז די קראַנקהייט פון פעלקער וואָס פאַרצערט זיי אַליין.

אינטערעסאַנט איז די גמרא (סנהדרין ק"ו), וואָס זאָגט, אַז דריי זיינען געווען אין דער עצה פון פרעה קעגן דעם אידישן פאָלק אין מצרים: בלעם, איוב און יתרו. בלעם וואָס האָט געגעבן די עצה פון „כל הבן הילוד", איז שפּעטער דער־הרג'עט געוואָרן. איוב, וואָס האָט געשוויגן, איז געשטראָפט געוואָרן מיט יסורים, און יתרו, וואָס איז אַנטלאָפן, האָט זוכה געווען, אַז זיינע אייניקלעך זאָלן זיצן צווישן די סנהדרין אין לשכת הגזית . . .

די לעגענדע פון אָט דער גמרא גיט אונז דאָ אַ טיפזיניקן כאַראַקטעריסטישן בילד פון דעם היסטאָרישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיין ערשטן אורשפרונג אין פרעה מלך מצרים.

פרעה, בלעם, איוב און יתרו רעפּרעזענטירן באַזונדערע פעלקער און באַזונ־דערע לענדער. זיי שטעלן מיט זיך פאָר אויך די שטאַטסמענער, קולטור־טרעגער, פי־לאָזאָפן און גלחים, וואָס שטעלן צוזאַמען די פירערשאַפט פון יענע לענדער. יעדער פון זיי, דאַכט זיך, האָט באַזונדערע אינטערעסן, זיין אייגענע וועלט אנשויאונג, אָבער ווען עס קומט צו אידן, זיינען זיי אַלע „בעצה אחת".

באַטירלעך, עס זיינען דאָ אַקטיווע אַנטיסעמיטן און פּאַסיווע, וועלכע שווייגן און פּראָטעסטירן ניט, ווען זיי זעען ווי אידן ווערן געפּייניקט... אין תוך אָבער זיינען אָט די פּאַסיווע שווייגנדיקע, אָדער „דעמאָקראַטישע” אַנטיסעמיטן ניט פיל בעסער, ווי די אַקטיווע . . .

בלעם, דער גרעסטער נביא פון די אומות העולם, וועלכער זיצט ערגעץ אין פתור, זוכט צו פאַרניכטן דעם גאַנצן אידישן פאָלק, וואָס זיצט אין מצרים. זיין גיפטיקע פּראָפּאַגאַנדע דרינגט אַריין אין פּרעה׳ס הויף. ער, דער „פעלקער פאַרשלינגער” און „פעלקער פאַרניכטער”, פאַרשפּרייט זיין סם איבער אַלע לענדער. אָבער זיין אייגענע האַס־פּראָפּאַגאַנדע וועט אים אַליין פאַרניכטן. ווארום „בלעם שיעץ והרג” . . .

איוב, אַ דענקער, אַ פילאָזאָף אין דעם לאַנד עוץ, וועמען ג—ט האָט געבענטשט מיט אַלעם גוטן, אַ דעמאָקראַט, און דאַכט זיך אַ מאָראַל־פּרעדיגער, וואָס גיט זיך אָפּ מיט פּראָבלעמען וועגן ג—ט און קאָסמאָס — ער האָט דערהערט וואָס עס טוט זיך אין מצרים. אַ הערשער איז משוגע געוואָרן און באָדט זיך אין בלוט פון קליינע קינדער. אַ פאָלק ווערט פאַרשקלאַפט און פאַרפּייניקט צום טויט פון סאַדיסטישע פאַרברעכער — אָבער דאָס איז ניט זיין עסק!... אָט דער גרויסער דעמאָקראַט, דער קולטור־מענש און אינטעלעקטועל, שווייגט. ער וויל זיך ניט מישן אין „אינערלעכע אַנגעלעגנהייטן” פון אַ פרעמד לאַנד . . .

וואו איז געווען די גאַנצע אַקאַדעמישע וועלט, בעת היטלער האָט אָנגעהויבן זיינע ווילדע סאַדיסטישע פּייניגונגען אויף די אידן אין דייטשלאַנד און אין די אַנדערע לענדער וועלכע ער האָט פאַרכאַפּט?

ווארום האָבן זיי ניט דערקלערט אַן אינטערנאַציאָנאַלן סטרייק קעגן די מעשים תעתועים פון היטלער וכת דיליה — זיי האָבן געשוויגן! די רייכע, זאַטע, אָנגעגעסענע קולטורעלע „איוב׳ס” האָבן געשטומט, ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אידן. זייערע צרות מאַכן ניט קיין סענסאַציע, מען איז געוואוינט צו זייערע פאַרפאָלגונגען . . .

דערפאַר איז „איוב ששתק נידן ביסורים” — די היינטיקע קולטור־וועלט באַצאָלט טייער פאַר איר שרעקלעכער מאָראַלישער ירידה.

עס איז, אָבער, דאָ נאָך אַן עלעמענט צווישן די פעלקער, וועלכער טיילט זיך אָפּ פון די אַנטיסעמיטן און אַנטלויפט פון די רשעים, דעמאָנסטרירנדיק זייער פּראָטעסט קעגן די רציחות און רדיפות אויף דעם אידישן פאָלק, און דאָס זיינען גראַדע מאַנכע גלחים און אַ צאָל גייסטיקע פירער פון דעם טיפ פון טאָמאַס מאַן און אַנדערע „יתרו׳ס” וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון היטלער־לאַנד, ווען די גזרה איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. אויך די אַלע יתרו׳ס פון די קריסטלעכע קירכעס וועלכע זיינען אַקטיוו אין דעם קאַמף קעגן דער ווילדער בלוטיקער רעאַקציע, וואָס בושעוועט אין די פאַשיסטישע לענדער . . .

און אָט אויף די „יתרו׳ס” ליגט די האָפנונג פון אַ בעסערער און גערעכטערער

וועלט. זייערע קינדער וועלן זיצן אין דעם סנהדרין פון לשכת הגזית און אויסטיילן גערעכטיקייט צו דער וועלט.

אָבער די „בלעמ׳ס" ברענען ווי אַ פייער ווען זיי זעען, אַז עס געפינען זיך נאָך גוטע ניט־אידן, וואָס באַהעפטן זיך מיט דעם אידישן פאָלק און זיינע אידעאַלן.

„וירא את הקיני" — אמר לו בלעם ליתרו: קיני, וכי לא עמנו היית באותה עצה? מי הושיבך אצל איתני עולם? (סנהדרין ק״ו). — ווען בלעם האָט דערזען דעם קיני, דאָס הייסט, יתרו׳ס שטאַם, צווישן דער אידישער מחנה, האָט ער אים געפרעגט: קיני, ווי קומסטו אַהער? ביזטו דען ניט געווען מיט אונדז אין יענער עצה צו פאַרניכטן די אידן אין מצרים? וואָס האָט געמאַכט דיר באַקערט צו ווערן צו די וועלט איבער־קערער? . . .

אַט אַזוי ווערט בלעם געשילדערט פון אונדזערע חכמים אַלס דער קלאַסישער מוסטער פון אַלע פאַרביסענע אידנהאַסער. בלעם איז טאַקע געווען אַ גרויסער נביא פון די אומות העולם, אַ מאַן פון ג—טלעכע וויזיעס, אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט צו זיין אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט. ווי נאָר ער איז געקומען צו דער אידנפראַגע, איז ער פון אַ נביא געוואָרן אַ פראַסטער געמיינער מכשף.

ווי שטאַרק האָט זיך אים געוואָלט אויסגיסן זיין קללה אויפן אידישן פאָלק, אַז ניט קוקנדיק וואָס ג—ט האָט אים פאַרבאָטן פריער ניט צו גיין מיט בלק׳ס דע־לעגאַציע, האָט אים דאָך זיין האַרץ געריסן צו גיין מיט זיי, און דעריבער האָט אים ג—ט געזאָגט: „קום לך אתם". דערפון ברייננגט די גמרא(מכות י׳) אַז „אין דעם וועג וואָס אַ מענש וויל גיין, פירט מען אים".

די גמרא (סנהדרין ק״ו) לערנט אויך דערפון די פראַקטישע לעבנס־חכמה אַז „חוצפה אפילו כלפי שמיא מהני" — חוצפה מיט ברייטע שטאַרקע עלנבויגנס העלפט אַפילו קעגן דעם הימל. אַט האָט בלעמ׳ס חוצפה אַרויסגעקראַגן אַ דערלויבניש פון הימל צו גיין מיט בלק׳ס שליחים.

די אגדות פון תלמוד און מדרש זיינען רייך מיט וואונדערלעכע בילדער און טיפזיניקע געדאַנקען, וועלכע זיי האָבן אַריינגעוועבט אין דער בלק־בלעם דראַמע. איך וויל דאָ בלויז ברייגנען אַ סימבאַלישן מאמר פון מדרש „ילמדנו", וואָס ווערט גע־בראַכט אין ילקוט שמעוני :

„כשברך בלעם את ישראל היה קולו הולך ששים מיל במחנה ישראל" — ווען בלעם האָט געבענטשט די אידן, איז זיין שטים געווען אַזוי הויך, אַז זי איז געגאַנגען זעכציק מייל אין דער אידישער מחנה. אָבער, ווען משה האָט געבענטשט די אידן, איז זיין קול געווען נידעריק, אינדערשטיל. אַזוי איז אויך געווען יעקב׳ס קול, ווען ער האָט געגעבן די ברכות צו זיינע קינדער.

דער מדרש גיט דאָ אַ שאַרפע כאַראַקטעריסטיק ווי אַזוי אידן באַציען זיך צו אַ גוט וואָרט פון אַ גוי, באַיינדערס פון אַן אַנטיסעמיט. ווען בלעם האָט געבענטשט

די אידן, איז זיין קול געגאַנגען זעכציק מייל אין דער אידישער מחנה. אַ קליינינקייט, דער גרויסער גוי, דער באַרימטער אַנטיסעמיט האָט געמאַכט קאָמפּלימענטן צו אידן...

דאָס, זאָגט דער מדרש, האָט געבראַכט צו דער שרעקלעכער אַסימילאַציע אין שטים, וואו די אידן האָבן גלייך נאָך בלעמ׳ס „ברכות״ גענומען זיך צוזאַמענפּאָרן מיט די בנות מואב . . .

אין דעמזעלביקן זין דריקט אויס דער פּערלדיקער מאמר פון קהלת רבתי אויף דעם פּסוק „טוב לשמוע גערת חכם מאיש שומע שיר כסילים״ — עס איז גוט צו הערן דעם געבייזער פון חכם, איידער דעם געזאַנג פון נאראָנים. — „דאָס זיינען די שטראָף־רייד וואָס משה רבנו האָט געמוסרט די אידן, וועלכע זיינען געווען קאָנסטרוקטיוו פאַר דעם פאָלק, און בעסער ווי די ברכות פון בלעם הרשע, וועלכע זיינען געווען דערטרונ־קען פאַר דעם פאָלק, ווייל דורך זיינע זיסע ריידעלעך, האָט זיך די אידישע האַרץ באַ־נאַרישט. בלעמ׳ס ברכות האָבן זיי פאַרפירט צו דער אַסימילאַציע מיט די בנות־מואב אין שטים, וועלכע האָט געבראַכט אויף זיי די גרויסע מגפה.

היינט, אָבער, זיינען מיר שוין מלומדים אין זייערע קללות, ווי אין זייערע ברכות. מיר ווייסן שוין אַז אין דעם באַצי פון די גוים צו די אידן, איז ניט די פראַגע צי מיר זיינען גוט צי שלעכט: צי מיר נוצן די לענדער וואו מיר געפינען זיך, אָדער מיר זיינען שעדלעך פאַר זיי. די סיבה פון דעם אַנטיסעמיטיזם איז אונדזער אַנדערשקייט — גוט צי שלעכט — מיר זיינען אָבער אַנדערש. מיר האָבן אַן אַנדער גייסטיקע פּי־זיאָנאָמיע און מיר טראָגן זיך אַרום מיט אידעאַלן, וואָס צעשטערן דעם גייסטיקן עק־וויליבריום פון די פעלקער. מיר וועקן דעם געוויסן פון דער וועלט. זיינען מיר ווי „דערנער אין זייערע אויגן״... האָבן זיי מורא פאַר אונזער אומרו... זוכן אַנדערע — צו פאַרשילטן, און אַנדערע ווילן גלאַט מיט אונדז ניט האָבן צו טאָן.

אָבער דער אַנטיסעמיטיזם און אַלע זיינע פאָרמעס איז ניט אונדזער קראַנק־הייט, נאָר זייערע, און זיי וועלן אַנדערש ניט אויסגעווירקט ווערן ביז אמת׳ע פרייהייט, טאָלעראַנץ און פולע דעמאָקראַטיע וועלן ווערן די יסודות פון דעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פון די פעלקער, אָבער: „אראנו ולא עתה אשורנו ולא קרוב״.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# פינחס

## פינחסיעס אַנטשלאָסענע האַנדלונג וואָס האָט געראַטעוועט דאָס פאָלק פון אַ שרעקלעכער מאָראַלישער ירידה.—ווען אַ מענש מוז האַנדלען שנעל, ניט פרעגנדיק קיין שאלות. — פינחס און אליהו הנביא.

פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן—אמר רבי שמעון בן לקיש: פינחס הוא אליהו . . .

(ילקוט שמעוני).

„וירא פינחס"—מה ראה? אָמר רב: ראה מעשה ונזכר הלכה... ושמואל אָמר: ראה „שאין חכמה ואין עצה ואין תבונה נגד השם (משלי כ"א) — כל מקום שיש חלול השם אין חולקין כבוד לרב. (סנהדרין פ"ב).

„וירא פינחס" — מה ראה? ראה שאין אחד מהן עומד לקנא לשם. אמר: אין כאן אדם שיהרוג ויהרג!... איה „גור אריה יהודה?" איה „בנימין זאב יטרף?" אלא כיון שראה שהכל שותקין מיד עמד פינחס. (פסיקתא זוטרתא).

„הנני נותן את בריתי שלום" — גדול השלום שנתן לפינחס, שאין העולם מתנהג אלא בשלום, והתורה כולה שלום (במדבר רבה פ' כ"א).

די היינטיקע סדרה טראָגט דעם נאָמען „פינחס", ווייל זי הויבט זיך אָן מיט דער ג—טלעכער אָנערקענונג צו פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן פאַר זיין דרייסטער און מוטיקער האַנדלונג אָפצושטעלן, מיט אַ שפיז אין דער האַנט, די שמוציקע אוממאָ־מאָראַלישע מגפה וואָס האָט אויסגעבראָכן צווישן די אידן מיט די פאַרשייטע אויסגע־לאַסענע „טעכטער פון מואב" . . .

וואָלט דער הייליקער צאָרן פון פינחס'ן זיך ניט פאַנאַנדערגעברענט ביי דער פאַסקודנער הפקר־סצענע, וואָס איז געווען דער קלימאַקס פון אַ מורא'דיקער מאָראַלי־שער דעגראַדאַציע, ווען דער „איש ישראל" האָט זיך באַהעפט מיט דער „מדינית" (מידיאַניס) „אין די אויגן פון דער גאַנצער געמיינדע פון ישראל" — וואָלט פינחס אין דעם מאָמענט זיך אָפגעשטעלט טעראַריזירן און זיך שלאָגן מיט דער דעה צי ער מעג נעמען אַ שפיז, אָדער ניט; צי זיין טאַט איז אין איינקלאַנג מיט דעם וואָרט פון געזעץ, אָדער ניט — וואָלט ער פאַרזאַמט דעם נויטיקן פסיכאָלאָגישן מאָמענט, און דאָס גאַנצע פאָלק וואָלט אומגעקומען אין דעם פאַרפעסטעטן זומפּ, אין וועלכן בלעמ'ס עצות און די „בנות מואב" האָבן זיי פאַרפירט . . .

אין דער טראַגישער פאַסירונג פון דער מאָראַלישער ירידה אין שיטים, וואו

דאָס אידישע פאָלק איז אַזוי שרעקלעך אַריינגעפאַלן אין בלעמ'ס פאַסטקע, און זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן דורך פנחס'ס אימפולסיווער און העלדישער האַנדלונג, לערנט אונדז די תורה, אין דער אויסטייטשונג פון אונדזערע חכמים, זכרונם לברכה, אַז עס זיינען דאָ אַמאָל קריטישע מאָמענטן אין דעם לעבן פון פעלקער און פון יחידים, ווען דער מענש טאָר זיך ניט אָפּשטעלן מיט טראַכטענישן וועגן דינים און פרינציפּן און גיין פרעגן שאלות צי ער מעג אָדער ער טאָר ניט האַנדלען, ווייל עס קען ווערן צו שפּעט . . .

אין צייט פון סכנה פאַר מענשלעכע לעבנס, אין מאָמענטן פון הצלת נפשות, ווען אַ לעבן מוז כהרף עין געראַטעוועט ווערן, טאָר דער מענש זיך ניט שלאָגן מיט דער פראַגע פון אסור און מותר . . .

דאָס זעלביקע איז אויך אין אַ צייט פון אַ מאָראַלישן קריזיס, ווען דער מענשלעכער גייסט ווערט פאַרווירט, צעטומלט, דאָס מענשלעך געוויסן איז פאַרטעמפּט און עס הערשט אַ גייסטיקע נידערגעשלאָגנקייט, אַ מאָראַלישע פּאַראַליזירטקייט, און עס איז נויטיק אַן אויסערגעוויינלעכע אַקציע, וואָס זאָל די געזעלשאַפט אויפטרייסלען — דאַן וועט דער אמת'ער העלדישער איש המעשה ביי וועמען דאָס מאָראַליש געוויסן האָט זיך אָנגעצונדן, זיך ניט אָפּשטעלן טעראָריזירן כדי צו האַנדלען אין איינקלאַנג מיט דעם דין, אָדער מיט דעם פרינציפּ. ער וועט האַנדלען לויט דער דיקטאַטור פון זיין מאָראַלישן געוויסן, און האַנדלען שנעל, מאָמענטאַל, זיך ניט רעכענענדיק מיט זיין אייגענעם לעבן, כדי אויפצוטרייסלען דעם פאָלק פון זיין מאָראַלישן פּאַראַליז, און מאַכן שלום צווישן אים און זיין ג—ט.

און דאָס האָט געטאָן פינחס מיט זיין העלדישער האַנדלונג, וואָס איז געטריבן געוואָרן פון זיין אָנגעצונדענעם געוויסן.

***

אַ שרעקלעכע מאָראַלישע ירידה האָט געהאַט פאַרכאַפּט דעם אידישן לעבן. די גמרא (סנהדרין פ"ב) שילדערט די מאָראַלישע געזונקענהייט אַזוי שרעקלעך, אַז ווען דער אידישער נשיא זמרי האָט געבראַכט די מדינ'ישע פרינצעסין כזבי בת צור, פאַר משה'ן מיט דער פראַגע צי זי איז אסור אָדער מותר צו אים, האָט ער, דער ג—טלעכער תורה־געבער פאַרגעסן דעם דין . . . „נתעלמה ממנו הלכה" . . . די הפקרות אַרום אים, דער צער פון אַנטוישונג, די זאָרג פאַר זיין געליבט פאָלק, האָבן פאַרוואָלקנט זיין זכרון בעת מעשה . . .

און ווען די נבלה איז באַגאַנגען געוואָרן פאַר אַלעמענס אויגן, זיינען געשטאַנען די אידן פון דערווייטנס און געקריצט מיט די ציינער. עס האָט ביי מאַנכע געטריפט בלוט פון האַרצן, כעס האָט אויפגעפלאַקערט אין זייערע נשמות ניט אַזוי קעגן דעם פאַרברעכן, ווי געגן דער חוצפה'דיקער עפנטלעכער באַליידיגונג — אָבער, זיי האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט... מאַנכע האָבן זיך ניט געוואָגט צו שטעלן קעגן אַזעלכע איינפלוס־

רייכע פערזאנען... אנדערע האבן זיך געמאטערט מיט דער שאלה וועגן דעם דין פון א „בועל ארמית"... אנדערע ווידער זיינען גלאט געווען צעטומלט פון דער גרויסער שאנד פון גרויס הילפלאזיקייט האבן זיי געוויינט . . .

„והמה בוכים פתח אהל מועד" — און זיי האבן געוויינט פאר דער טיר פון פארזאמלונגס־געצעלט . . .

„וירא פינחס" — פרעגט דער פסיקתא זוטרתא: „מה ראה" — וואס האט פינחס געזען? און ער ענטפערט: „ראה שאין אחד מהן עומד לקנא לשם" — ער האט געזען אז קיין איינער פון זיי איז ניט אויפגעשטאנען זיך אנצונעמען פאר ג—ט. האט ער געזאגט: עס איז דא ניט קיין איין מענש וואס איז גרייט צו הרג'ענען און געהרג'עט צו ווערן... ניטא קיין מענש מיט רויט בלוט אין זיינע אדערן און מיט העלדנמוט אין זיין הארצן — איה „גור אריה יהודה?" וואו איז „בנימין זאב יטרף?" דער בנימין וואס פארצוקט ווי א וואלף ? . . . וואו זיינען אלע אידישע העלדן? — און ווען ער האט דערזען אז אלע שווייגן, ווי קיינער נעמט זיך ניט אן פאר דעם כבוד פון זיין באשאפער, איז ער אליין אויפגעשטאנען און איינגעשטעלט זיין לעבן מיט א האנדלונג, וואס האט אויס־געניכטערט זיינע פאלקס־ברידער פון זייער שענדלעכער שכרות.

ווארום, מ'דארף ניט פארגעסן אז אונטער אנדערע אומשטענדן וואלט פינחס'ס אקציע ניט געווען אין דעם גייסט פון דער תורה, וואס איז כולה שלום, און לויט דעם טרוקענעם דין האט פנחס ניט געטארט איינשטעלן זיין לעבן, ווייל ווען זמרי וואלט זיך געוועהרט און דער'הרג'עט זיין אנגרייפער, וואלט ער ניט באשטראפט געווארן, ווייל זמרי איז באטראכט געווארן אלס „נרדף", ווי די גמרא זאגט עס אין (סנהדרין פ"ב.)

פינחס האט אבער באגריפן, אז אין אזא קריטישער צייט פרעגט מען ניט קיין שאלות. אין אזא מאמענט פון סכנה פאר'ן גאנצן אידנטום דארף מען האנדלען, טאן . . . אין אזא צייט פון מאראלישן פאראליז, ווען עס איז ניטא קיין מענש, איז „השתדל להיות איש" — מוזטו נעמען אויף זיך די אחריות פאר אלעמען . . .

און דאס איז דער געדאנק וואס רב און שמואל די צוויי גרויסע אמוראים טייטשן אריין אין די ווערטער „וירא פינחס".

זאגט רב: „ראה מעשה ונזכר הלכה" — ער האט פריער געזען די פאסירונג און ערשט דאן האט ער זיך דערמאנט אן דעם דין . . . פינחס האט געזען די שענדלעכע דעגראדאציע, וואס איז דערגאנגען צו איר נידעריקסטן גראד דורך דער מעשה זמרי, און ער האט ניט געפרעגט קיין שאלות „האסטו דען אונדז ניט געלערנט ארונטער־גיי־ענדיק פון בארג סיני, אז א „בועל ארמית קנאין פוגעין בו" — אז עס זיינען דא זאכן און מאמענטן, וואס דער מענש דארף זיי באגעגענען מיט אימפולסיווער האנדלונג זיך רעכענענדיק מיט דעם טרוקענעם דין?

און משה ענטפערט אים: דאס ווענדט זיך ווער עס פילט זיך בארופן אזוי צו האנדלען, ביי וועמען דאס מאראליש געוויסן האט זיך אזוי שטארק אנגעצונדן, אז ער

קען עס ניט פארלעשן אויב ער זאל ניט אויספירן די דאזיקע שליחות — „קריינא דאגרתא איהו להוי פרוונקא" — דער לייענער פון דעם בריף, ער זאל זיין זיין שליח . . .

און שמואל זאגט: ער האט געזען פאר זיך דעם פסוק פון (משלי כ"א): „אין חכמה ואין עצה נגד ד' " — ווען עס קומט צו חלול השם, דאן פרעגט מען ניט קיין שאלות ביים רב . . . מ'דארף האנדלען אנטשלאסן און שנעל . . .

אינטערעסאנט איז דער מדרש, וואס זאגט, אז „פינחס הוא אליהו" — ווארום פונקט ווי פינחס איז געקומען אין א קריטישן מאמענט, און זיך אנגענומען פאר ג—ט און פאלק מיט א שפיז אין האנט, אזוי איז אויך יענער וואונדער־נביא, אליהו התשבי געקומען אין א צייט פון שרעקלעכער דעגראדאציע און, מיט א שווערד אין האנט, גע־קעמפט קעגן די פאלשע נביאים און פאלקס־פארפירער.

ביידע היסטארישע מאמענטן האבן גערופן: „עת לעשות לד' " און זיי האבן זיך געצייכנט אין באזונדערע שטורמדיקע קעמפער און אין אויסערארדענטלעכע מעשים — אין מעשים, וואס זיינען אייגנטלעך ניט אין דער נאטור פון דעם אידנטום און יעדער היסטארישער מאמענט האט געפונען זיין פינחס און זיין אליהו, וועלכע האבן געבראכט שלום צווישן ג—ט און ישראל . . .

און פונקט ווי ביי אליהו הנביא האט אים ג—ט שפעטער געוויזן אז די ג—ט'לעכקייט געפינט זיך ניט אין שטורם און פייער נאר אין פרידלעכער שטילקייט, אזוי אויך ווייזט אן די תורה, אז ניט תמיד דארף מען קעמפן מיט א שפיז אין האנט . . .

די תורה לאזט עס וויסן אין דער אנערקענונג און דעם לוין, וואס ג—ט האט געגעבן צו פינחס'ן פאר זיין אויסערגעוויינלעכער האנדלונג:

לכן אמור לו הנני נותן לו את בריתי שלום — דארום זאגט: זע, איך גיב אים מיין בונד פון שלום . . .

דערפילנדיק דעם דאזיקן אנדייט, באמערקט דער מדרש אויף דעם פסוק: „גדול השלום שנתן לפינחס, שאין העולם מתנהג אלא בשלום, והתורה כולה שלום — גרויס איז דער שלום וואס איז געגעבן געווארן צו פינחס'ן, ווארום די וועלט פירט זיך נאר מיט שלום און די גאנצע תורה איז שלום, ווי עס שטייט אין (משלי ג') „דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום" — — — — — —

אין אויסערגעוויינלעכע צייטן, אין מאראלישע קריזיסן, ווען די „פינחס'עס" און די „אליהו'ס" קעמפן מיט שפיז און שווערד, דארפן זיי תמיד געדענקען אז ניט אויף דעם איז באזירט דאס מענשלעך לעבן, וואס דארף געפירט ווערן אין שלום, אין גייסט פון אונדזער תורה וואס איז „כולה שלום" . . .

און דאס דארפן געדענקען די היינטיקע „פינחס'עס" וועלכע קעמפן מיט דעם שווערד אין האנט קעגן א מורא'דיקער מאראלישער ירידה, וואס האט פארכאפט די וועלט — אז דער ענד־ציל פון דעם קאמף איז שלום, דער אייביקער שלום — — —

# פינחס

## משה רבנו האָט פאַרלאַנגט אַז זיין נאָכפאָלגער זאָל זיין טאָלעראַנט צו יעדן אידנס מיינונג

,,ויפקוד ד׳ אלקי הרוחות — אמר לפניו: רבונו של עולם גלוי וידוע לפניך דעתם של כל אחד ואחד ואין בשל בניך דומה זה לזה, כשאני מסתלק מהן, בבקשה ממך, אם בקשת למנות עליהם מנהיג, מנה עליהם אדם שיהא סובל לכל אחד לפי דעתו — לכך נאמר ,,אלקי הרוחות״.

(מדרש תנחומא)

אין די וואונדערלעכע, קאָלירפולע און געדאַנקענרייכע אגדות חז״ל איבער דער סדרה ,,פינחס״ געפינען מיר אַ רעאַליסטישע אָפּשפּיגלונג פון אונדזער איצטיקן לעבן מיט זיינע שווערע און אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען וואָס מאַטערן אונדז היינט אין פאַר־בינדונג מיט אונדזער נאַציאָנאַלן פרייהייט־קאַמף פאַר דעם אויפבוי פון אונדזער אַלט־נייעם היימלאַנד.

און עס איז ממש צו באַוואונדערן, ווי טיף און ווייט אונדזערע גייסטיקע ריזן, די חכמים פון תלמוד און מדרש, האָבן אין זייער אספקלריה המאירה דורכגעבליקט דעם אידישן לעבן פון שפּעטערדיקע דורות, אַזוי ווי זיי וואָלטן מיט אונדז געלעבט און געשאַפן . . .

מיר געפינען זיך היינט אין כמעט דיזעלביקע באַדינגונגען, אין וועלכע אונדזע־רע עלטערן האָבן זיך געפונען דאַמאָלסט, ווען זיי זיינען שוין געשטאַנעןביים סוף פון זייערע מדבר־וואַנדערונגען . . .

,,ויהי אחרי המגפה״ — עס איז געווען נאָך דער גרויסער מגפה, וואָס איז פאַר־אורזאַכט געוואָרן דורך דער אַסימילאַציע מיט די ,,בנות מואב״ . . . עס איז געווען נאָך דער עפּידעמיע אין דעם אידישן מדבר לעבן, וואָס איז געקומען אַלס רעזולטאַט, וואָס אַ אידישער אַריסטאָקראַט, אַ נשיא פון אַ שבט, איז באַגאַנגען די שענדלעכסטע מאָראַלי־שע נבלה און נאַציאָנאַלן פאַרראַט בפני כל עם ועדה . . .

,,ויהי אחרי המגפה״ — עס איז געווען נאָך דער מגפה אין דעם אידישן לעבן, וואָס איז אונטערגעגראָבן געוואָרן פון אינערלעכע מחלוקת׳ן, רייסערייען, כבוד־זוכע־ריי און אומצוטרוי צו די געטרייע פאָלקס־פירער . . .

,,ויהי אחרי המגפה״ — עס איז שוין געווען נאָך די שרעקלעכע חרבנות און אומגליקן, וואָס די מרגלים, בוגדים און נאַציאָנאַלע פאַררעטער האָבן געבראַכט אין דעם אידישן מדבר־לעבן . . . די שקלאַפּישע אידן וואָס האָבן אַמאָל געשריען ,,נתנה

ראש ונשובה מצרימה", זיינען שוין געווען אויסגעשטארבן, און זייערע חללים האבן זיך געוואלגערט אויף אלע פונקטן פון די אידישע וואנדערונגען . . .

און א נייער יונגער מוטיקער דור איז אויפגעשטאנען, א פאלק וואס האט שוין ניט גע'חלומ'ט פון די פיש מיט דער „סיר הבשר", מיט די ציבעלעס און קנאבל פון מצרים; א יוגנט וואס איז שוין מיד געווען צו לעבן פון ניט קיין אייגענער אר־בעט . . . א פאלק וואס האט איבערגעבראכן אלע בריקן מיט דעם גלות און זיך געריסן אריינצודרינגען אין זייער ארץ אבות, אויסקעמפן זייער פרייהייט און אויפבויען א נייעם נאציאנאלן פראדוקטיוון לעבן . . .

און שטייענדיק „בערבות מואב על ירדן יריחו", שטייענדיק אויף דער זייט ירדן, גרייט אריינצודרינגען און אויסצוקעמפן זייער נאציאנאלע פרייהייט און זייער רעכט אויף דעם פארשפראכן היימלאנד. האט ג—ט געהייסן משה רבנו, ער זאל דורכפירן א צענזוס, מאכן א פאלקס־ציילונג, הייסט עס, פון אלע אידן, וועלכע זיינען קאמפספעאיק פאר דער היסטארישער נאציאנאלער אנשטרענגונג, וואס פאדערט אזוי פיל קרבנות און בלוט און גוטס . . .

און ווען דער ג—טלעכער לערער און באפרייער האט גענומען ציילן די בא־זונדערע שבטים, זיינען גאנץ נייע, ביז איצט אומבאקאנטע נעמען דערשינען אויפן רייס־טער, אויסער די שבטים זיינען געווען באזונדערע משפחות און יעדע פון זיי געהאט בא־זונדערע קלאסן־אינטערעסן . . . עס זיינען געווען רייכע, ווי די בני ראובן ובני גד, וועלכע האבן זיך ארויפגעארבעט גראדע אין די גלות־וואנדערונגען, און עס זיינען גע־ווען ארימע . . .

און א קלאנג האט זיך גענומען פארשפרייטן אין דער וועלט, אז די אידן האבן ניט קיין ריין בלוט . . . זיי זיינען א נידריקע ראסע, ווי דער ילקוט שמעוני זאגט און רש"י ברענגט עס אויפן ארט: „לפי שהיו אומות העולם מבזין אותם" — ווייל די אומות העולם האבן זיי באליידיקט, זאגנדיק, אז די היינטיקע אידן האבן קיין רעכט ניט זיך מתיחס צו זיין אויף די אבות, ווייל זייענדיק אין דעם גלות מצרים זיינען זיי דעגענע־רירט געווארן דורך זייערע פרויען, איבער וועלכע די מצרים האבן געוועלטיקט ווי אי־בער זייערע מענער . . .

„ אלה משפחות הראובני — לפי שהיו אומות העולם מונין את ישראל ואומ־רים שהן בניהן של מצרים, בנפשותיהן של ישראל היו שליטין לא כל שכן בנשותיהן — הדא הוא דכתיב: משפחות הראובני משפחות השמעוני — ואמר רב אידי: „הא" ברישא דתיבותא ויוד בסופה — י—ה מעיד עליהם שהן בניהן של אבותיהם" —

דעריבער האט די תורה אוועקגעשטעלט אין דער נייער ציילונג א "הא" ביים אנהויב נאמען פון די שבטים און א „יוד" ביים סוף נאמען, ווייל ג—ט אליין איז אן עדות אויף די ריינע בלוטן פון דעם אידישן פאלק און אויף דער כשר'ער אידישקייט פון די יונגע אידן, וועלכע זיינען געשטאנען „בערבות מואב על ירדן יריחו" . . .

ווארום דער "הא" און דער "יוד" זיינען צוויי הייליקע אותיות פון זיין נאָמען יתברך . . . און דאָס האָט געמיינט דוד המלך, ווען ער האָט געזאָגט „שבטי י—ה עדות לישראל" . . .

און באמת איז דאָך לעכערלעך צו באַשולדיקן די אידן, וואָס צייכנען זיך אויס מיט זייער צניעות, מיט זייער פאַרהייליקטער טהרת המשפחה און מיט זייער ריינעם פאַמיליען־לעבן אין אומריין בלוט. און ווער זיינען דאָס די באַשולדיקער? — די באַרבאַרישע נאַציס, די קינדער פון די ווילדע הונען, די אייניקלעך פון — — — מלחמה פירער, זנות־טרייבער, נואפים, רוצחים, וועמעס סאָלדאַטסקע באַנדעס האָבן זיך אויסגעוואַלגערט אין אַלע שמוציקע הור־הייזער און זיך אָנגעשטעקט מיט אַלע געשלעכטלעכע קראַנקהייטן,בעת אונדזערע עלטערן זיינען, דורך די אַלע פינסטערע און בלוטיקע דורות געזעסן אין זייערע ישיבות און בתי מדרשים על התורה ועל העבודה, מיט לויטערע געדאַנקען וועגן דעם תכלית פון לעבן, געקלאָגט אויף גלות השכינה און אויסגעשטרעקט זייערע העלדזער על קדוש השם . . .

„שבטי י—ה" — די געטלעכקייט, וואָס שטראַלט אַרויס פון די אידישע שבטים — איז „עדות לישראל" . . .

אָבער, בעת מיר האַלטן זיך פאַר דער ריינסטער ראַסע אויף דער וועלט, דערקלערן מיר זיך אָבער אַלס ברידער פון אַלע פעלקער, פאַר וועמעס רעכט און באַפרייאונג מיר קעמפן אין נאָמען פון אונדזער ג—ט־קולטור און אונדזערע תורה־אידעאַלן . . .

ניט אומזיסט האָט די תורה איבערגע׳חזר׳ט אַזוי פיל מאָל אַז איין געזעץ זאָל זיין פאַר אייך און דעם פרעמדן און „ואהבת את הגר כמוך" — זאָלסט ליב האָבן דעם פרעמדן ווי זיך אַליין . . .

אונדזער „אתה בחרתנו׳איזם" איז ניט, חלילה, זיך צו גרויסן און הערשן, און, ווער רעדט נאָך, צו אונטערדריקן אַנדערע פעלקער, נאָר פאַרקערט, צו שטיין אין דינסט פון דער מענשהייט . . . צו קעמפן פאַר דער פרייהייט און דערהויבנקייט פון די פעלקער . . . מיר זיינען אויסדערוויילט געוואָרן צו זיין דער קרבן אויף דעם מזבח פון דעם וועלט־קאַמף פאַר דער עטישער ג—ט־דערקענטניש און פאַר די אייביקע אידעאַלן פון אונדזער תורה ונבואה . . .

די צרה איז, אָבער, וואָס ניט־קוקנדיק וואָס מיר געפינען זיך אויך איצט „אחרי המגפה" — מיר האָבן איבערגעלאָזן גאַנצע בערג מיט פיזישע און גייסטיקע חללים אויף אַלע פונקטן פון אונדזערע גלות־וואַנדערונגען — מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט שונאים און אין ארץ ישראל שטייען מיר פאַר אַ בלוטיקן קאַמף מיט די „כנענים" —און דאָך זיינען מיר צעריסן צווישן זיך אין פאַרשיידענע פאַרטייען און ריכטונגען, וועלכע באַשולדיקן זייערע קעגנער אין ניט כשר׳ע אידישקייט, און מיר פאַרגעסן אַז „שבטי י—ה עדות לישראל" . . .

און ווען מיר הויבן אָן צו ציילן די אידישע פאָלקס־כחות, דערזעען מיר נייע, ביז איצט אומבאַקאַנטע נעמען אויף דעם רייסטער . . . מיר האָבן משפחות הציוני, וועל־כע זיינען צעטיילט אין משפחות האלפי און משפחות הביתי . . . משפחות הפועלי, וואָס זיינען צעטיילט אין משפחות הימיני און משפחות השמאלי . . . דאַן קומען משפחות המז־רחי, משפחות הפועל המזרחי, משפחות הרעוויזיאָניסטי, משפחות השומר הצעירי, מש־פחות האידישיסטי און משפחות ההעברעאיסטי, משפחות האורטודוקסי, הקאָנסערוואַטי־בי און הרפורמי, פון וועלכע אַ סך פון זיי האָבן זיך אויך אַוועקגעשטעלט „בערבות מואב על ירדן יריחו" . . .

און אַלע ווילן בויען ארץ ישראל לויט זייערע פאַרטיי השגות און משפחה אינ־טערעסן. ..און מען וואַרפט שמוץ און מ'באַליידיקט זיך איינער דעם אַנדערן און באַשול־דיקונגען פון ניט כשר'ע אידישקייט קומען אויף די קינדער פון אידישע שבטים . . .

— אָבער „שבטי י—ה עדות לישראל"! . . .

מיר דאַרפן ניט זיין קיין ר' לוי יצחק מבאַרדיטשעוו'ס צו זיין מלמדי זכות אויף אידישע קינדער, וואָס זיינען זיך מקריב אויפצובויען דאָס אידיש לאַנד פאַרן אידישן פאָלק. אין יעדן חלוץ, אין יעדער חלוצה, אין יעדן אידן, פון וועלכן לאַגער ער זאָל ניט זיין, וועמעס געבענשטע הענט לייטזעליקן די הייליקע ערד, און וועלכער מאַכט פייכט דעם באָדן פון ארץ ישראל מיט זיין שוויס און בלוט — אין זיי אַלעמען איז דאָ דער חותם פון הקב"ה, ווען אפילו זיי זיינען ניט געשטאַנען ביים באַרג סיני, ווי די יונגע אידן, וועלכע זיינען אַמאָל געשטאַנען „בערבות מואב על ירדן יריחו" . . .

„כל הדר בארץ ישראל דומה כמו שיש לו אלוה" — זאָגט די גמרא — דער וואָס וואוינט אין ארץ ישראל איז גלייך ווי ער וואָלט געהאַט אַ ג—ט, און דער וואָס וואוינט אין חוץ לארץ איז ווי ער וואָלט קיין ג—ט ניט געהאַט — ווער קען וואַגן צו וואַרפן שמוץ אויף אונדזערע כשר'ע זין און טעכטער וואָס רייסן זיך אַהין דורכצופירן אַזאַ הייליקע און היסטאָרישע שליחות און זיינען גרייט אויף אַלע קרבנות, כדי צו פאַר־ווירקליכן די נבואה און די אידעאַלן פון אונדזערע נביאים, צו ברענגען די גאולה צו זייער געפייניקט פאָלק און בויען ארץ ישראל אויף די יסודות פון שלום און סאָ־ציאַלע גערעכטיקייט!

משה רבנו אונדזער און גרעסטער נביא פון אַלע צייטן, האָט פאַרשטאַנען, אַז אַ פאָלק וואָס לעבט מוז האָבן פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס, ווייל יעדער מענש האָט דאָך זיין באַזונדערן גייסטיקן פנים, ווי ער האָט זיין איינגנטלעכן פיזישן פנים, ער האָט אָבער, אין זיין גרויס חכמה, געוואוסט צו קאָאָרדינירן אַלע פאַרשיידענע מיינונגען פון פאָלק און פאַראייניקן אַלע אינדיווידועלע כאַראַקטערס אין איין קאָלירפולן לעבעדיקן פאָלקסטום . . .

און ווען ג—ט האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך גרייטן אין אייביקן וועג אַריין, ווייל ער וועט ניט אַריינפירן זיין געליבט פאָלק אין ארץ ישראל, האָט זיך דער רעיא

מהימנא דער געטרייער פאַסטוך געבעטן ביי ג—ט: „יפקוד ד׳ אלקי הרוחות לכל בשר איש על העדה״.

אמר לפניו: רבונו של עולם, גלוי וידוע לפניך דעתם של כל אחד ואחד ואין בשל בניך דומה זה לזה, כשאני מסתלק מהן, בבקשה ממך, אם בקשת למנות עליהם מנהיג, מנה עליהם אדם שיהא סובל לכל אחד ואחד לפי דעתו, לכך נאמר אלקי הרוחות״.

(מדרש תנחומא).

משה האָט זיך, אַלזאָ געבעטן ביי ג—ט אַז ער זאָל באַשטימען פאַר אַ פירער אַ מאַן וואָס זאָל זיין טאָלעראַנט צו יעדן איינעם און זיך באַציען מיט סבלנות צו דער מיינונג פון יעדן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אידן זיינען צעטיילט אין זייערע מיינונגען און אנשויאונגען . . .

אָט אַזאַ מאַן האָט משה רבנו געוואָלט האָבן פאַר זיין נאָכפאָלגער און אַזעלכע פירער דאַרפן מיר אויך היינט האָבן.

דער מדרש פרעגט, וואָרום די תורה האָט גלייך נאָך דער באַשטימונג פון יהושע׳ן אַלס משה׳ס נאָכפאָלגער, אַוועקגעשטעלט די פרשה פון ימים טובים? ענטפערט אויף דעם דער ילקוט שמעוני, אַז ג—ט האָט געזאָגט צו משה׳ן: לערן נאָך אַמאָל איבער די דינים פון די קרבנות און ימים טובים, ווייל זיי, די יונגע אידן זיינען ניט געשטאַנען ביים באַרג סיני, און זיי ווייסן נעבעך ניט . . .

דאָס זעלביקע קענען מיר זאָגן וועגן אונדזערע היינטיקע יונגע בויער פון ארץ ישראל, וועלכע זיינען אפשר ניט פרום געווען . . . זיי ווייסן נעבעך ניט . . . געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין מדבר־וואַנדערונגען . . . לאָמיר לערנען מיט זיי, אָבער ניט זיך קריגן מיט זיי . . . זיי זיינען טרייע קינדער און וועלן זיכער זיין גוטע תלמידים . . .

דאָס אידישע לעבן מוז ווערן רעליגיעז. די שכינה מוז ווידער אָנהויבן צו לויכטן אין ארץ ישראל, וועלכע איז באַרופן צו ווערן אַ „פנס לכל ארצות״ — אַ לאָמ־טערן פאַר אַלע פעלקער — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# פינחס

## צלפחדיס טעכטער רעפרעזענטירן אַלע אידישע פאָלקס־פרויען. — זיי בויען דאָרט וואו די מענער צושטערן. — די היסטאָרישע ראָלע פון דער אידישער פרוי אין דעם קאַמף פאַרן פאָלק אין דער ליכט פון דער אַגדה. — דער זין פון דער ברכה "שלא עשני אשה"

„ותקרבנה בנות צלפחד" — אותו הדור היו הנשים גודרות מה שאנשים פורצים". שכן אתה מוצא שאמר להן אהרן (שמות ל"ב): „פרקו נזמי הזהב אשר באָזני נשיכם" — ולא רצו הנשים ומיחו בעליהן ... והנשים לא נשתתפו עמהן במעשה העגל... וכן במרגלים שהוציאו דבה וכו' אבל הנשים לא היו עמהם בעצה. אבל הנשים קרבו לבקש נחלה בארץ, לכן נכתבה פרשה זו סמוך למיתת מרים, שמשם פרצו האנשים וגדרו הנשים. (במד־בר, כ"א).

„למשפחת בני מנשה בן יוסף" — כשם שחיבב יוסף את ארץ ישראל כך חיבבו בנות צלפחד. (ספרי).

תניא, בנות צלפחד חכמניות היו, שלפי שעה דברו, דא"ר שמואל ב"ר יצחק: מלמד שהיה משה יושב ודורש בפרשת יבמין. אמרו לו: אם כבן אנו חשובין—„תנה לנו נחלה כבן, ואם לאו תתיבם אמנו. מיד „ויקרב משה את משפטן לפני ד' (בבא בתרא קי"ט).

שנו רבותינו „מקושש" — זה צלפחד. (שבת צ"ו)

מיט איניקע יאָר צוריק, האָט דער אַמעריקאַנער שרייבער ריפּלי, פּאַרפאָסער פון דעם קאָלום „בעליוו איט אָר נאָט", וואו ער דערציילט טעגלעך פון מערקווירדיקע אויסטערלישע זאַכן און געשעענישן פאַר דער אַמוזאַנטער דערשטוינונג פונ'ם לייענער, געבראַכט דעם טשיקאַוון שטוינענדיקן פאַקט, אַז ביי אָרטאָדאָקסישע אידן מאַכן נאָך די מענער עד היום יעדן טאָג די ברכה „שלא עשני אשה"—יעדער מאַן דאַנקט און לויבט ג—ט וואָס ער האָט אים ניט געמאַכט פאַר קיין פרוי. — „בעליוו איט אָר נאָט"!...

פילע אידן וואָס זיינען לעצטנס געוואָרן זייער סענסיטיוו צו אַלץ וואָס מען שרייבט וועגן אידנטום אין דער גוי'אישער פּרעסע, האָבן זיך געפילט געטראָפן פון דעם „בעליוו איט אָר נאָט" — זיי זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשעמטע...

אַ קליניקייט, אַזאַ ווילדער מנהג ביי אידן, דעם עם חכם ונבון! אַזאַ אַזיאַטי־שע באַציאונג צו דער פרוי!...

מאַנכע אידן, וואָס זעען לעצטנס אין יעדער ניט־גינסטיקער באַמערקונג וועגן

אידן אַ שטיק אַנטיסעמיטיזם, האָבן חושד געווען ריפּלי׳ן אין אַנטי־אידישער פּראָפּאַ־גאַנדע . . .

דער אמת איז, אַז ריפּלי, ווי אַ סך גוים, פאַר ווען דאָס אידנטום איז נאָך אַלץ אַ ספר החתום, האָט טאַקע געזען אין דער ברכה . . . „שלא עשני אשה״ אַן איבערבלייבעכץ פון דער אַמאָליקער מינדערווערטיקער שטעלונג פון דער פרוי אין דער געזעלשאַפט, און דעריבער קלינגט אַזאַ ברכה אין דער היינטיקער צייט ,ווען די פרוי איז פ:לשטענדיק עמאַנציפּירט געוואָרן, אַזוי אויסטערליש און ווילד אין די אויערן פון די מאָדערנע אומוויסנדיקע גוים . . .

און ניט נאָר ביי גוים, נאָר אַפילו ביי געוויסע אידן איז דאָס היסטאָריש אידנ־טום געשטאַנען אַנגעקלאָגט אין אַ נידריקער פּחיתת־הכבוד׳יקער באַציאונג לגבי דער אידישער פרוי.

עס איז געווען אַן אָנגענומענע זאַך ביי די משכילים פון דעם נאָענטן עבר און ביי די ראַדיקאַלן פון היינט, אַז די אידן ווי אַלע אָריענטאַלישע פעלקער, פאַרהאַלטן זיך אומווירדיק לגבי דער פרוי און פאַרלייקענען איר כח און ווערט אין דעם מענשלעכן לעבן . . .

ניט איינמאָל האָב איך געהערט פון מאָדערנע אידישע פרויען זיך באַקלאָגן אויף דער ברכה „שלא עשני אשה״, אַז דאָס איז אַ טיפע באַליידיקונג פאַר דער אידי־שער פרוי און אַז מען דאַרף עס אַרויסרייסן פונ׳ם סידור . . .

די באַשולדיקונג אַז אין דעם היסטאָרישן אידנטום פאַרנעמט די פרוי אַ נידריקע באַליידיקנדיקע פּאָזיציע, געהערט צו די ווילדע בלבולים, וואָס ווערן געמאַכט אויף אידן אויס אומוויסנדיקייט, אויס איבערפלעכלעכן באַצי צום אידנטום, וואָס קומט פון גראָבער עם־הארצות, אפילו צווישן אונדזערע אייגענע אחינו בני ישראל, עס זאָל זיי צום גנאַי ניט זיין . . . .

עס איז אמת, אַז מיר זיינען אַן אָריענטאַל פאָלק, אַז אונדזער שטאַם קומט פון דעם נאָענטן מזרח, אָבער פונקט אַזוי ווי מיר האָבן רעוואָלוציאָניזירט דאָס גאַנצע מענשלעכע לעבן, אים אַרויספּירנדיק אויף ברייטע, עטישע און פּראָגרעסיווע שליאַכן, אַזוי האָבן מיר אויך געענדערט די „אַזיאַטישע״ פּאָזיציע פון דער פרוי, וועלכע דאָס תורה־אידנטום האָט באַפרייט און צוגעגעבן די זעלביקע מענשלעכע חשיבות, וואָס דער מאַן האָט באַקומען אין דער געזעלשאַפט.

עס איז אמת, אַז די תורה האָט אין איר גרויס חכמה, זיך גערעכנט מיט די ביאָלאָגישע און פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן און פונקציעס, וועלכע אונטערשיידן די פרוי פון דעם מאַן. זי האָט דעריבער באַפרייט די פרוי פון געוויסע רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטלעכע פליכטן.

דאָס מיינט אָבער בשום אופן ניט, אַז די פרוי איז מחמת דעם נידריקער גע־שטעלט געוואָרן. פונקט אַזוי ווי די לינקע האַנט איז ניט ווייניקער ליב דעם מענשן פאַר

דער רעכטער, וועלכע טוט מער אַרבעט פאַרן גוף, אַזוי איז די חשיבות און דער באַ־ דייט פון דער פרוי ניט געמינערט געוואָרן אין די אויגן פונם היסטאָרישן אידנטום דער־ פאַר וואָס זי האָט ניט אַזוי פיל התחיבות׳ן ווי דער מאַן . . .

דאָס תורה־ונבואה־ אידנטום, וואָס האָט באַפרייט דעם מין מענש בכלל אויף דער וועלט און אים אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכער מדרגה, גלייכשטעלנדיק אַלע קלאַסן און ראַסן, וואָס גייען אַריין אין דעם כלל פון ,,אלה תולדות אדם״. האָט בויטוועגדיקער־ ווייז געמוזט אויך באַפרייען די פאַרשקלאַפטע און דערנידריקטע פרוי . . .

שוין גלייך ביי דער דערשיינונג פון דעם ערשטן אידן אויף דער וועלט, אב־ רהם אבינו, זעען מיר אים אויפטרעטן צוזאַמען מיט זיין פרוי, אונדזער מוטער שרה, וועלכע איז די ערשטע עמאַנסיפּיצירטע מיט דעם מאַן גלייכגעשטעלטע פרוי אין דער געשיכטע . . .

שרה אמנו באַטייליקט זיך אין אברהם׳ס קאַמף פאַר דער ריינער ג—ט־דער־ קענטניש,זי האָט זיך געטיילט מיט אים זיין גרויסע אמונה אין דעם יעוד, די באַשטי־ מונג, אַז זייביידע זיינען באַרופן צו זיין די ערשטע עלטערן פון אַ גרויס פאָלק, וואָס וועט נאָך מער פאַרטיפן זייער גייסטיקע ירושה, שרה זאָגט אויך אברהם׳ן וואָס צו טאָן, ווען זי האָט געזען, אַז זייער בן־יחיד יצחק איז אין סכנה זיך אָפּצולערנען פאַגאַנישע מידות פון ישמעאל׳ן. און ג—ט אַליין זאָגט אברהם׳ען ער זאָל פאָלגן זיין ווייב שרה׳ן . . .

מיר זעען, ווי די אַנדער מוטערס אונדזערע, רבקה, לאה און רחל, נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דעם לעבן פון זייערע מענער און אין דער געשטאַלטונג פון דעם צוקונפטיקן גורל פון זייערע קינדער . . .

אין דעם גלות מצרים זעען מיר ווידער, ווי אידישע פרויען ווערן רעוואָלוציאָ־ נער און אַקטיוו אין דעם גאולה־קאַמף, איינשטעלנדיק זייערע לעבנס צו ראַטעווען אי־ דישע קינדער, ווי שפרה און פועה וועלכע זיינען בלויז געווען אַ מוסטער פון אידישע העלדישע פרויען.

זאָגט טאַקע די גמרא: ,,בשכר נשים צדקניות שבאותו הדור נגאלו ישראל ממצרים (סוטה י״א) — צוליב די פרומע פרויען אין יענעם דור זיינען די אידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים . . .

אין די מדבר־וואַנדערונגען פאַרנעמט מרים דעם גרויסן פלאַץ אין דער פּי־ רערשאַפט נעקסט צו משה׳ן און אהרנ׳ען.

אונדזער געשיכטע ווייס צו דערציילן פון גרויסע פרויען פירערינס, נביאה׳־ טעס, קעמפערינס און העלדינס ,ווי די קריגס־פירערין דבורה הנביאה, חולדה הנביאה, אסתר, יהודית וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייערע לעבנס צו ראַטעווען זייער פאָלק וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער געפאַר.

און אין דער גאַנצער לאַנגע גלות־געשיכטע אונדזערער ,ווען אונדזערע מאָבי־ ליזירטע קעמפער ,אונדזערע גייסטיקע אַרמייען האָבן זיך געמוזט איינגראָבן אין די

טרענטשעס, אין די שולן, בתי־מדרשים און ישיבות, פון וואַנען זיי האָבן אַנגעפירט אַ פאַרטיידיקונגס־מלחמה קעגן אַ וועלט מיט גרויזאַמע שונאים; אין יענער לאַנגער צייט, ווען יעדעס אידיש אינגל איז מאָביליזירט און געלערנט געוואָרן די קונסט פון גייסטיקער מלחמה־פירונג קעגן אַ וועלט פון פאַרפאַלגער — אין יענער צייט — האָט די אידישע פרוי מיטגעפירט דעם קריג און געטראָגן זיינע יסורים און לאַסטן גלייך מיט דעם מאַן... זי האָט געהאָלפן דערציען די קליינע סאָלדאַטלעך פאַר אידישקייט . . . זי האָט באַפעס־טיקט די אידישע היים מיט קדושה און טראַדיציעס ,אַז קיין קוילן און קיינע אַטאַקעס פון דרויסן זאָלן זיי ניט קענען פאַרניכטן, און ווען די מענער זיינען אַוועק אין אַקטיוון דינסט צו לערנען ג—ט׳ס תורה אין די ישיבות און בתי מדרשים, האָבן אונדזערע העל־דישע פרויען, די ,,אשת חיל׳ס״, פאַרנומען די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון די מע־נער און אָנגעפירט די מלחמת החיים אינווייניק, און אין דערזעלביקער צייט האָבן זיי גע־שפּירט די ראָלע פון ,,נוירסעס״ פאַר די פאַרוואונדעטע קריגער אונדזערע, שטיצנדיק די אידישע רעליגיעזע און פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס . . .

יאָ, עס איז אַ שטיק ווילדע עם־הארצות צו באַהויפּטן ,אַז די פרוי פאַרנעמט אַ נידריקע פּאָזיציע אין דעם היסטאָרישן אידנטום. פאַרקערט, ווען איר קוקט אַריין אין אגדה, וואו עס שפּיגלט זיך אָפּ אַמקלאָרסטן דער ריינער מהות פון דעם אידנטום, דער־זעט איר אַז די אידישע פרוי איז גאַנץ אָפט אַוועקגעשטעלט געוואָרן פיל העכער ווי דער מאַן.

אַזוי, למשל, ווייס דער מדרש רבה צו דערציילן, אַז אין דעם מדבר זיינען גע־ווען די פרויען קאָנסטרוקטיוו בעת די מענער זיינען געווען דעסטרוקטיוו . . . די פרוי־ען פון יענעם דור זיינען געווען קליגער און פּאַטריאָטישער פון די מענער. זיי, די פרוי־ען האָבן אויפגעבויט דאָס וואָס די מענער האָבן צעשטערט . . .

,,ותקרבנה בנות צלפחד״—אותו הדור הנשים היו גודרות מה שאנשים פורצים״ — אין יענעם דור האָבן די פרויען פאַרצאַמט, געבויט, הייסט עס, וואָס די מענער האָבן צעבראָכן. אַזוי געפינסטו, אַז ווען אהרן האָט געזאָגט די אידן, זיי זאָלן אויסטאָן די גאָלדענע אויררינגלעך פון זייערע פרויען צו מאַכן אַ גאָלדענע קאַלב האָבן די פרויען ניט געוואָלט און פּראָטעסטירט קעגן זייערע מענער און די פרויען האָבן זיך ניט באַטייליקט אין דער מעשה העגל... אַזוי אויך ביי די מרג־לים, וואָס האָבן באַרעדט ארץ ישראל און אויף זיי איז נגזר געוואָרן די גזרה ניט אַריינ־צוקומען אין לאַנד, ווייל זיי האָבן געזאָגט: לא נוכל לעלות — מיר וועלן ניט קענען בייקומען דעם פאָלק — אָבער די פרויען זיינען ניט געווען מיט זיי אין דער דאָזיקער עצה, ווי עס שטייט דאָרט פריער: ,,כי אמר ד׳ להם מות ימותו במדבר ולא נותר מהם איש״ — וואָרום ג—ט האָט זיי געזאָגט אַז זיי וועלן שטאַרבן אין דעם מדבר און קיין מאַן וועט ניט בלייבן פון זיי — דאָס מיינט ,,איש ולא אשה״ — אַ מאַן וועט ניט בלייבן, אָבער אַ פרוי וועט יאָ בלייבן אַריינצוקומען אין ארץ ישראל, דערפאַר ווייל די מענער האָבן ניט געוואָלט, קיין בטחון ניט געהאַט, אָבער די פרויען האָבן געהאַט בטחון און

געוואָלט האָבן אַ חלק אין דעם לאַנד, ווי עס שטייט „ותקרבנה בנות צלפחד". דערי־בער איז די פרשה פון צלפחד'ס טעכטער געשריבן געוואָרן באַלד נאָך מרים'ס טויט, ווייל פון דאָרטן האָבן די מענער אויסגעבראָכן בעת די פרויען האָבן פאַרבויט... (במדבר רבה כ"א).

דער ספרי שטעלט זיך אויף דעם פאַקט, וואָס די תורה דערמאָנט זייער יחוס — ומשפחת מנשה בן יוסף — און ער דרינגט דערפון אַז די תורה וויל אונז לאָזן הערן, אַז אַזוי ווי יוסף האָט געליבט ארץ ישראל, — האָט ער דאָך געבעטן פאַר זיין טויט, אַז די אידן זאָלן מיטנעמען זיינע ביינער און אים באַגראָבן אין ארץ ישראל, — אַזוי האָבן אויך צלפחד'ס טעכטער געליבט דאָס לאַנד פון די אבות.

דאָ זעען מיר ווי די אגדה אונדזערע שטעלט אַוועק די אידישע פרוי אויף אַ פיל העכערער מדרגה פון דעם מאַן . . .

און די דאָזיקע אידישע טעכטער זיינען ניט געווען קיין גרויסע פירעריננס. דאָס זיינען ניט געווען קיין שרה, רבקה, רחל לאה, און אויך ניט קיין מרים, אין וועמענס זכות די אידן האָבן וואַסער געהאַט... דאָס זיינען געווען איינפאַכע אידישע מאַסן־פרויען... טעכטער פון איינעם א צלפחד, וועלכער איז גראַדע געווען אַ מחלל־שבת, ווי די גמרא זאָגט (שבת צ"ו) „מקושש — זה צלפחד" — דער „מקושש" וואָס האָט געקליבן האָלץ אָום שבת פאַר וועלכן ער איז פאַרשטיינערט געוואָרן, איז געווען דער פאָטער פון די דאָזיגע קלוגע און פאַטריאָטישע טעכטער, וועלכע זיינען געקומען צו משה'ן און געפאָדערט זייער חלק נחלה אין ארץ ישראל.

און ניט נאָר אַ חלק אין ארץ ישראל האָבן זיי געפאָדערט, נאָר גלייכבאַ־רעכטיקונג פאַר זיך און פאַר אַלע שוועסטער פון אידישן פאָלק. זיי זיינען געקומען צו משה רבנו און אים געשטעלט אַ הארבע שאלה, פאַר וועלכער ער האָט געמוזט זוכן אַן ענטפער ביי ג—ט, ווי עס ווערט געשילדערט אין דער אינטערעסאַנטער אגדה פון דער גמרא:

ר' שמואל ב"ר יצחק האָט געזאָגט אַז משה איז געזעסן און געזאָגט אַ שיעור אין די דינים פון יבמין — ווען איינער שטאַרבט אָן קינ־דער, מוז זיין ברודער מיבם זיין די אלמנה, און אויב ער וויל ניט, דאַרף ער איר געבן חליצה — האָבן די טעכטער אים געזאָגט: אונדזער פאָטער איז געשטאָרבן, קיין זין האָט ער ניט געלאָזן — איז אויב מיר זיינען פאַררעכנט ווי זין, דאַן קומט אונדז א נחלה ווי זין, און אויב ניט, אויב מיר זיינען גאָרניט — טאָ זאָל אונדזער מוטער מיובם ווערן...

און ווען משה האָט זיך אָנגעפרעגט ביי ג—ט, איז געווען דער ענטפער: „כן בנות צלפחד" — גערעכט זיינען צלפחד'ס טעכטער, גיב זיי א נחלה אין ארץ ישראל...

אָט אַזוי האָבן פשוט'ע טעכטער, פון אַ פאָטער, אַ מחלל שבת'ניק, זוכה געווען אַז אַ גאַנצע פרשה פון דער תורה זאָל געשריבן ווערן צוליב זיי און פאַר זיי, ווייל זיי זיינען געקומען פאָדערן זייער רעכט און ווייל זיי האָבן אַזוי שטאַרק געליבט ארץ יש־ראל און געזוכט צו האָבן אַ חלק אין דעם אידישן הימלאַנד...

די תורה האַלט זיי פאַר אַזוי וויכטיק, אַז זי רעכנט אויס זייערע נעמען אַ פּאָר מאָל: מחלה, נועה, חגלה, מלכה און תרצה — נעמען פון אידישע פאָלקס־טעכטער, וואָס רעפּרעזענטירן די ענערגישע, קלוגע, אַקטיווע אשת־חיל׳דיקע אידישע פאָלקס־פרוי, וועלכע האָט אייגענע איניציאַטיווע אויפצונעמען די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אַרבעט, ווען די מענער ווערן אַפּהענטיק און נאַכלעסיק...

„אותו הדור היו הנשים גודרות מה שאנשים פורצים" — אַזוי ווערט די אי־דישע פרוי דערהויבן אין אונדזער אגדה, וועלכע האָט איר רייניגוואַשן פון דער מעשה העגל, פון דער עצה פון די מרגלים, און אַריינגעגעבן איר די גרעסטע און שטאַרקסטע ליבע פאַר ארץ ישראל — אַ ליבע וואָס ציט זיך פון יוסף הצדיק.

שטייען די בנות צלפחד סמוך למיתת מרים — שטייען אונדזערע פאָלקס־טעכטער נעבן דעם טויט פון דער גרויסער פירערן, איבערנעמענדיק איר חכמה, איר פּאַטריאָטיזם און איר גרויסן גייסט, וועלכער יאָגט אַריבער די מענער פון „אותו הדור".

ווי וואָלטן אויסגעקוקט די שולן, טעמפּלען, תלמוד תורה׳ס און אַנדערע אי־דישע אינסטיטוציעס אָן די „ליידיס אוקזילעריס", „סיסטערהודס" און פרויען סאָסיי־טיס, וועלכע זיינען געוואָרן דער רוקנביין פון אַמעריקאַנער אידנטום און זיינע איב־סטיטוציעס?

און אויך היינט, פּונקט ווי דאַן אין דעם אידישן מדבר־לעבן, איז „ותקרבנה בנות צלפחד" — זעענדיק ווי די מענער זיינען פאַרנומען אין אָפיס, אין פעקטאָרי און אין שאָפּ, און זיי האָבן קיין צייט, אָדער זיינען נאַכלעסיק זיך צו באַטייליקן אַקטיוו אין דעם אידישן לעבן, „גענעהענען" די געטרייע אידישע פאָלקס־טעכטער און זיי פירן אָן מיט דער אַרבעט פאַר שולן און תלמוד־תורה׳ס און מיט דער אַרבעט פאַר ארץ ישראל און אידישער קולטור בכלל . . .

יאָ, די אידישע פרוי פאַרנעמט איצט אַ גלייכע, אויב ניט קיין העכערע פּאָ־זיציע אין דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן ווי דער מאַן, ווייל די אידישע פרוי איז קיינ־מאָל ניט געשטאַנען נידריקער פון דעם מאַן אין דעם היסטאָרישן אידנטום.

בעת אָבער די פרוי איז פון דעם אידנטום באַפרייט און אָנטקעגעשטעלט גע־וואָרן גלייך מיט דעם מאַן עטיש, געזעלשאַפטלעך און מענטשלעך, איז זי דאָך אַנדערש פון דעם מאַן ביאָלאָגיש און האָט אַנדערע פיזיאָלאָגישע פונקציעס וועלכע האַלטן איר געבונדן. און זי קען דאָך זיך ניט אויסגלייכן מיט דעם מאַן אין אַלע פּרטים.

דעריבער דאַנקט טאָקע דער מאַן דעם באַשעפער, וואָס ער האָט אים ניט באַ־שאַפן אַלס פרוי... אָבער די דאָזיקע פרוי באַצייכנט בשום אופן ניט אַז לויט דער אי־דישער רעליגיע שטייט די פרוי נידריקער פון דעם מאַן אין עטישן, פּאָליטישן און יורידישן זין . . .

ווער רעדט נאָך היינט, אין דעם „אותו הדור שהנשים גודרות מה שאנשים פורצים", קוקן מיר אַוודאי אַרויף צו אונזערע בראַווע, קלוגע און העלדישע שוועס־טער, אין וועמעס זכות זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון ערשטן גלות און וועלן אויך אויסגעלייזט ווערן פון אונדזער לעצטן גלות . . .

# מטות

## די הייליקייט פון אַ מענשלעך וואָרט. — דער ערשטער באַדינג פון מענשלעכער חשיבות איז ניט צו פאַרשוועכן זיין וואָרט. — די פילאָזאָפיע פון נדרים אין ליכט פון אונדזערע חכמים.—אונדזערע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע שבועות פאַר וועלכע מיר זיינען מושבעים ועומדים".

„זה הדבר אשר צוה ד" — אמר להם הקב"ה לישראל: הוו זהירין בנדרים ואל תפרצו בהן, שכל הפורץ בנדרים סופו למעול בשבועות והמועל בשבועות כופר בו ואין לא מחילה לעולם... (תנחומא, ילקוט שמעוני).

נדר לד' — מלמד שהנדרים חלין אפילו לבטל את המצוה (נדרים ט"ו).

„על נפשו — במי שנפשו קנויה לו, יצא עבד שאין נפשו קנויה לו. (נזיר ס"א).

„לא יחל דברו" — מכאן שאין החכם מתיר נדרי עצמו (נדרים פ"א).

... ואמר רבי אלעזר: כל המחליף בדבורו כאילו עובד עכו"ם ... (סנהדרין צ"ב).

הן, הן שבועה; לאו, לאו — שבועה. (שבועות ל"ט).

„מי שפרע מאנשי דור המבול ומאנשי דור הפלגה ומאנשי סדום ועמורה וממצרים בים, עתיד ליפרע ממי שאינו עומד בדבורו. (בבא מציעא מ"ח).

ווען מירריידן וועגן מענשלעכער חשיבות, וועגן דערהויבנקייט פון דעם מענשן, וואָס טראָגט דעם „צלם אלקים", און וועגן דער הייליקייט פון זיין פערזאָן, טוען מיר עס תמיד אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזערע עטישע באַציאונגען צו אונזער חבר, פריינד, שכן און מיט־מענשן.

מיר פאָדערן רעספעקט און יראת־הכבוד פאַר דעם יחיד און כלל פון דעם מין מענש „שנברא בצלם" און מיר באַטאָנען, אַז די פרייהייט פון יעדן מענשן איז פונקט אַזוי הייליק ווי זיין לעבן און פונקט אַזוי אומבאַריִרבאַר.

און מיר פאַרגעסן, אַז דער ערשטער פּרינציפּ פון מענשלעכע חשיבות, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פון אונדזער תורה, הויבט זיך אָן פון אונדז גופא; אַז דער יסוד היסודות פון קדושת החיים וואָרצלט אין דער מענשלעכער פערזאָן אַליין.

איידער דער מענש האָט אַ באַציאונג פון קדושה צו זיין מיט־מענשן, דאַרף ער קודם כל פילן די קדושה פון זיין אייגענער פערזאָן, וועלכע טאָר ניט פאַרשוועכט,

פאַרבילִיקט, אָדער פאַראומרייניקט ווערן.

ווארום דער מענש איז דאָך דער „בחיר היצירה״, דער שטאָלץ פונ׳ם באַשאַף. האָט ער דאָך א נשמה, וואָס איז אַ חלק אלקי ממעל. איז ער דאָך געבענשט מיט אַ חוש, וואָס קיין בעל חי ווי ער האָט עס ניט — מיט שפּראַך. מיט דעם כח פון וואָרט, וואָס מאַכט אים ענלעך צו מלאכים, „אויב ניט נאָך העכער...״

דאַרף דעריבער דאָס מענשלעך מויל ריין און הייליק זיין; טאָר דעריבער אַ מענשלעך וואָרט ניט פאַרשוועכט ווערן.

מוז דעריבער אַ מענשלעך מויל זיין אַ קוואַל פון אמת, וואָס איז דער חותם פון הקדוש ברוך הוא. (סנהדרין כ״ד). און אַ מענשנס וואָרט דאַרף זיין אָנגעלאָדן מיט דער גבורה פון אמת און מיט דער קדושה פון זיין פּערזאָן...

דאַרף דער מענש מעסטן און וועגן זיין וואָרט אידער ער לאָזט עס אַרויס פון זיין מויל. קוים האָט ער אָבער דאָס וואָרט אַרויסגעלאָזן, איז: „לא יחל דברו, ככל היוצא מפיו יעשה״ — טאָר ער ניט פאַרשוועכן זיין וואָרט, ווי אַלץ וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל, זאָל ער טאָן.

דעריבער האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט אין (מסכת דרך ארץ זוטא:) „הוי דן דבריך עד שתוציאם מפיך״ — אורטייל דיינע רייד, משפּט זיי, איידער דו ציסט זיי אַרויס פון דיין מויל, ווארום האָסטו זיי שוין אַרויסגעשיקט פון דיין מויל, האָבן זיי דיר שוין פאַרפליכטעט און פאַרבונדן אויף לעבן און טויט...

ווארום אַ מענשנ׳ס „יאָ״ וואָרט איז אַ שבועה און זיין „ניין״ איז אַ שבועה (שבועות לו), און אַ מענשלעכע שבועה איז פון די הייליקסטע זאַכן אויף דער וועלט.

קום און זע ווי שטאַרק עס איז א נדר פון אַ מענשן, אַז ווען איינער גיט זיך א נדר ניט צו זיצן אין אַ געוויסער סוכה, אָדער ניט געברויכן אַ געוויסן לולב, אָדער ניט צו לייגן זיינע תפילין, טאָר ער זיי ניט געברויכן, ווייל זיין נדר איז שטאַרק גענוג „אפילו לבטל את המצוה״. די גמרא (נדרים ט״ז) דרינגט עס פון דעם אויסדרוק „נדר לה׳״, וואָס ווערט געזאָגט אין דער סדרה „מטות״. נאַטירלעך, דאָס מיינט ניט אַז אַ איד קען זיך פאַרשווערן ניט אָפּצוהיטן קיין מצוות. ווען ער טוט זיך אַ נדר ניט צו לייגן קיין תפילין, אָדער ניט צו זיצן אין אַ סוכה, אָדער ניט צו היטן קיין שבת, איז דער נדר ניט חל, ווייל ער איז אַ „מושבע ועומד מהר סיני״ — ער האָט אַ פריערדיקע שבועה, וואָס יעדער איז באַשוואָרן געוואָרן שטייענדיק ביים באַרג סיני. די גמרא (נדרים ט״ז) דרינגט עס פון דעם פּסוק „לא יחל דברו״ — דברו לא יחל, אבל מיחל הוא לחפצי שמים — זיין וואָרט טאָר ער טאַקע ניט פאַרשוועכן, אָבער ער קען עס פאַרשוועכן פאַר העכערע הימלישע זאַכן . . .

אָבער ווען איינער לאָזט אַרויס אַ צוזאַג, אַ פאַרשפּרעך צו עמיצן, אָדער צו זיך אַליין, מוז ער עס האַלטן, ווייל דאָס איז אַ נדר, און נדרים זיינען הייליק, ער טאָר זיין וואָרט ניט בייטן.

זאָגט רבי אלעזר: ווער עס בייט זיין וואָרט, איז ווי ער וואָלט געדינט עבודה זרה... (סנהדרין צ״ב), ווארום ער פאַרשוועכט זיין אייגענע מענשלעכע חשיבות, וואָס ציט זיך פון זיין באַשעפער...

ווארום אויב אַ מענש קען זיין אייגן וואָרט ניט האַלטן, איז אַ סימן אַז ער איז ניט אַבסאָלוט פריי. דער וואָס איז ניט קיין עומד בדבורו, האָט ניט קיין דעה אי־בער זיך אַליין. ער איז אונטערגעוואָרפן צו זיינע אימפולסן, שטימונגען און אויסערע אומשטענדן, וועלכע האַלטן אים פאַרשקלאַפט, און אַ מענש דאַרף זיין שטאַרק געניג און אומאָפּהענגיק אין זיין אייגענער פרייהייט.

דעריבער האָבן אונדזערע חכמים געדרונגען פון דעם אויסדרוק „על נפשו״ אין פאַרבינדונג מיט נדרים, אַז אַ נדר פון אַ קנעכט איז ניט חל, ווייל ער איז ניט אינערלעך פריי, ווייל אַ מענש וואָס פאַרקויפט זיין גוף, האָט אויך אַ פאַרקויפטע נשמה, און אַ נאַר איז דאַן גילטיק „במי שנפשו קנויה לו, יצא עבד שאין נפשו קנויה לו״... (נזיר ס״א).

איינזעענדיק, אָבער, די מענשלעכע שוואַכקייטן, אַז דער דורכשניטלעכער מענש איז דאָך אונטערגעוואָרפן צו זיינע אימפולסן און שטימונגען, האָבן אונדזערע חכמים, די אויסטייטשערס פון דער תורה און אויספורמער פונם היסטאָרישן אידנטום גע־מאַכט אַ פשרה געפינענדיק אַ רמז אין דער תורה אויף „התרת נדרים״, דאָס הייסט, אַז אַ מענש קען זיך בלויז מאַכן פון זיינע אייגענע יסורים, וואָס ער האָט זיך געמאַכט, דורך קומען צו אַ בית־דין פון דריי און דורכגיין אַ געוויסע צערעמאָניע דערקלערנדיק די סיבות פון זיין איצטיקער חרטה אויף זיין וואָרט.

דאָך זאָגט אַ משנה אין חגיגה דף י׳, אַז „היתר נדרים פורחין באויר ואין להם על מה שיסמכו״ — די תקנה פון התרת נדרים האָט ניט קיין באָדן אונטער זיך, נאָר פליט אין דער לופט און האָט ניט אויף וואָס זיך אָנצושפאַרן אין דער תורה.

נאַטירלעך, עס זיינען פאַראַנען פאַרשידענע נדרים. ווען איינער גיט זיך אַ נדר, אַז היינט מוז ער עסן אַ פעטן צימעס־פלייש און פאַרטרינקען מיט אַ פלאַש וויין — דאָס איז אויך אַ נדר, אָבער אַ קישקע־נדר . . .

ווען איינער פאַרשפּרעכט זיין פריינט צו קומען צו אים אַלס אַ „דריטע האַנט״ פאַר אַ פינאַקל, דאָס איז אויך אַ נדר, אָבער אַ כת ליצנים־נדר . . .

ווען אָבער איינער גיט אַ נדר, צי אין אַ שול ביי אַן אַפּיל, צי ביי זיך אין הויז, אַז ער וועט שטיצן מיט אַ געוויסער סומע אַ תלמוד תורה, אַ ישיבה, אַ האַיאַס, אָדער אַן אַנדער צדקה־אינסטיטוציע — אַזאַ נדר איז אַ „נדר לך״ און אויף אַזעלכע נדרים זאָגט די תורה „ זה הדבר״ — דאָס איז די הויפּט־זאַך וואָס אַ מענש מוז היטן . . .

ווען איינער מאַכט אַ צוזאָג צו טאָן עפּעס פאַר אַ קולטור אינסטיטוציע; ווען איינער נעמט זיך צו זיין אַ באַאַמטער, אַ פּרעזידענט, אַ קאָמיטע מיטגליד, אָדער אַזוי אַ מיטגליד פון אַ אידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט הייליקע אויפגאַבן, האָט ער אַרויפגענומען אויף זיך אַ הייליקע פליכט וואָס טאָר נישט פאַרשוועכט ווערן.

אויף דעם זאָגט די תורה „כל היוצא מפיו יעשה" — אַלץ וואָס גייט אַרויס פון זיין מויל, זאָל ער טאָן, ווארום „זה הדבר" — דאָס איז די הויפּט זאַך אין אַ מענשנ׳ס לעבן. אַ מענשנ׳ס וואָרט מוז אַזוי זיין גוט ווי זיין וועקסל און אַפּטמאָל נאָך זיכערער ווי זיין וועקסל . . . אַ מענש מוז טראָגן די פולע אחריות פאַר זיין וואָרט. אַ מענש דאַרף זיין ערנהאַפט און פאַראַנטוואָרטלעך, און ווען ער זאָגט עפּעס צו פאַר אַן אינ־סטיטוציע, דאַרף ער עס באַלד מקיים זיין און ניט פאַלן זיבן מאָל כורעים פון „וכך היה אומר" ביז „וכך היה מונה".

דעריבער האָט די תורה אונדזערע אונטערשטראָכן ריידנדיק וועגן דער היי־ליקייט פון נדרים: „זה הדבר" — דאָס איז דער ערשטער באַדינג פון אַ פרייען גע־וויסנהאַפטן מענשן, און אודאי, פון אַ רעליגיעזן אידן — צו האַלטן זיין וואָרט הייליק...

אונדזער תורה, וואָס האָט אונדז געלערנט אַזעלכע שיינע און דערהויבענע געזעצן, האָט באַצוועקט אונדז צו מאַכן פאַר אַ „ממלכת כהנים וגוי קדוש", אַ פאָלק פון גייסטיקע אַריסטאָקראַטן, ביי וועמען אַ וואָרט, אַ פלעדזש, אַ צוזאָג איז אַן ערן־חוב, וואָס מוז באַצאָלט ווערן, ווען עס זאָל אפילו קאָסטן די גרעסטע קרבנות.

אונדזערע חכמים האָבן אין דעם וואָרט־ברעכער און נדר־פאַרשוועכער געזען דעם קוואַל פון אַלע גרויסע וועלט־אומגליקן. ווען מענשן וואָלטן געווען „עומדים בדיבורם", ווען מענשלעכע מיילער וואָלטן באמת געווען דער קוואַל פון אמת און קדושה, וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין מלחמות און בלוטיקע סאָציאַלע און פּאָליטישע אויפ־טרייסלונגען. די חכמי התלמוד האָבן געזען די הויפּט סיבה פון דער מענשלעכער פאַר־דאָרבנקייט אין דעם דור המבול און דור הפלגה, אין סדום און עמורה און אויך אין מצרים וועלכע האָבן אַזוי גרויזאַם באַצאָלט פאַר זייער שלעכטסקייט, ווייל זיי זיינען ניט געווען קיין „עומדים בדיבורם". זיי זיינען געווען פאַלש מיט זייער וואָרט צו אַנ־דערע און צו זיך... און דאָס האָט געפירט צו זייערע אומגליקן.

דעריבער האָבן אונדזערע חכמים געגעבן אַ „מי שפרע" צו אַ מענשן, וואָס האָט זיין וואָרט ניט געהאַלטן, דאָס הייסט אַ וואָרנונג אַזאַ: „מי שפרע מאנשי דור המבול ומאנשי דור הפלגה ומאנשי סדום ועמורה וממצרים בים, עתיד ליפרע ממי שאינו עומד בדיבורו" . . .

צאָלן מיר דען ניט היינט מיט אַזוי פיל בלוט און חורבן פאַר דער פאַרשוועכונג פון מענשלעכן וואָרט, פאַר פאַרראַט און היפּאָקריטסטווע, פאַר פאַלשקייט און שקרים, מיט וועלכע די דיפּלאָמאַטיע פון דער וועלט איז געווען און איז דורכגעפרעסן, און פאַר די זינד פון די מלוכה פירער, וועמעס הויפּט־פאַרברעכן איז תמיד געווען אין ברעכן ווערטער און אָפּמאַכן . . .

און שטייענדיק ביים ברעג פון די מדבר־וואַנדערונגען, אין ערבות מואב, אויף דער זייט ירדן, ווען די יונגע, פרייע און מדבר־געבוירענע אידן זיינען געווען גרייט אַריינצומאַרשירן אין דעם פאַרשפּראָכן לאַנד און אָנהויבן אַן אייגענעם מלוכה־לעבן, האָט די תורה געפונען פאַר נויטיק אָנצוזאָגן דעם אידישן פאָלק, און טאָקע די „ראשי

המטות", די הויפטלייט פון די שבטים, די מלוכה פירער, וועגן דער וויכטיקייט פון נדרים, אַז אַ וואָרט, אַ צוזאָג, אַ פלעדזש, אַן אָפּמאַך טאָר ניט פאַרשוועכט ווערן.

עס זיינען אָבער דאָ נאַציאָנאַלע נדרים און שבועות, וואָס יעדער איינער איז „מושבע ועומד" פון זיין פאָלקס געשיכטע, אַזעלכע נדרים זיינען נאָך שטאַרקער פון פריוואַטע נדרים...

מיר, אידן, זיינען „מושבעים ועומדים מהר סיני" מיט אונדזער תורה, פון וועלכע מיר קענען זיך ניט אָפּזאָגן און זיין אין דער זעלביקער צייט גליקלעך . . .

שפּעטער האָט דאָס אידישע פאָלק געגעבן אַ שבועה צו בלייבן געטריי אונדזער מאַמע ציון. דאָס איז געווען דאַן, ווען מיר זיינען געצוואונגען געווען אויסצוואַנדערן מיט דעם גלות בבל פון אונדזער היימלאַנד. מיר האָבן דאַן אויפגעהאַנגען אונדזערע נאַציאָנאַלע האַרפן אויף די ווערבעס ביי די טייכן פון בבל און געשוואוירן:

„אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני, תדבק לשוני לחכי אם לא אזכרכי" — אויב איך וועל דיר פאַרגעסן, אָ, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן! מיין צונג זאָל צו מיין גומען צוגעקלעפּט ווערן, אויב איך וועל דיר ניט דערמאָנען . . .

מיט אַט־דער שבועה וואַנדערן מיר שוין אַרום באַלד צוויי טויזנט יאָר אין אַלע לענדער, צווישן אַלע פעלקער. דאָ „ויסעו", דאָ „ויחנו" און באַלד ווידער „ויסעו . . .

איז דאָס אפשר דער געדאַנק פון דעם מדרש, וואָס זאָגט אויף דעם פּסוק "זה הדבר" — דער הייליקער געבענטשטער איז ער האָט געזאָגט צו אידן: זייט פאָרזיכטיק מיט נדרים און ברעכט זיי ניט, ווארום ווער עס ברעכט נדרים, וועט צום סוף פעלשן אין שבועות און דער וואָס פעלשט אין שבועות, איז ווי ער וואָלט געלייקנט אין מיר, און ער וועט אויף אייביק קיין מחילה ניט האָבן . . . (תנחומא ילקוט שמעוני).

"הוו זהירין בנדרים" . . . היט זיך מיט נדרים . . . האַלט הייליק אייער ערשטן נדר וואָס איר האָט געמאַכט ביים באַרג סיני, ווארום דער וואָס ברעכט דעם נדר פון באַרג סיני וועט אויך צום סוף פעלשן אין דער נאַציאָנאַלער שבועה, וואָס מיר האָבן געשוואָרן ביי די טייכן פון בבל . . . און דער וואָס איז פאַלש צו דער שבועה וואָס מיר האָבן געגעבן צו ארץ ישראל, איז גלייך ווי ער וואָלט געלייקנט אין ג—ט, ווארום „כל הדר בחוץ לארץ דומה כמי שאין לו אלוה" — און דער סוף וועט זיין אַז ער וועט אינגאַנצן אַסימילירט ווערן און ער וועט ניט האָבן קיין אייביקע מחילה . . .

און אפשר איז דאָס דער סוד פון דער סמיכת הפרשה פון "מטות" און "מסעי" — פריער דאַרף מען ריידן וועגן נדרים און שבועות צו די אידישע פירער און דאַן דורכגיין די געשיכטע פון אידישע וואַנדערונגען אויף זייער וועג קיין ארץ ישראל, ביז מיר וועלן בייקומען אַלע שטרויכלונגען און שטערונגען און, מיט דער גבורה פון אונדזער היסטאָרישער נאַציאָנאַלער שבועה, וועלן מיר אַריינדרינגען אין אונדזער טייערער ארץ אבות און דאָרט אויפבויען אונדזער היים, דאָס מאָל אויף אַלע אייביקייטן . . .

# מטות ומסעי

## ווארום ג—ט האָט געהייסן נקמה נעמען פון מדין איידער די אידן זיינען אַריין אין ארץ ישראל — מלחמת מדין אין דעם וועלט בילד פון אונזער היינטיקן קאַמף מיט די היינטיקע נאַצי־בעסטיעס — די אגדה ווי אַזוי פינחס האָט באַזיגט בלעם בן בעור מיטן שם המפורש.

„נקום נקמת בני ישראל" — להודיע שבחם של צדיקים שאין נפטרים מן העולם עד שהם נוקמים נקמתם של ישראל, שהיא נקמת מי שאמר והיה העולם . . . (ספרי).

„לתת נקמת ד' במדין" — הקב"ה אומר, „נקמת בני ישראל, ומשה אמר: „נקמת ד' במדין" — אמר הקב"ה להם: אינו אלא שיקן שלכם, שגרמו לו להזיק אתכם אמר משה: רבון העולמים! אם היינו ערלים או עובדי ע"ז או כופרי מצות לא היו שונאים אותנו ואינן רודפין אחרינו אלא בשביל תורה ומצות שנתת לנו, הלכך הנקמה שלך, „לתת נקמת ד' במדין" (במדבר רבה כ"ב).

„ואת בלעם בן בעור הקוסם הרגו בני ישראל" — מאי בעי בלעם התם? אמר רבי יוחנן: שהלך ליטול שכר עשרים וארבעה אלף שהפיל מישראל. היינו דאמרי אינשי: גמלא אזל לאיבעי קרני — אורני להוי בהדדי גזזינהו מיני . . . (סנהדרין ק"ד. ק"ו).

אמר רבי שמואל בר נחמן, אמר רבי יונתן: כשהלך פינחס למדין, הוא וכל חיילותיו הלכו עמו, כיון שראה בלעם הרשע את פינחס, עשה את שתי זרועותיו כשני לוחות אבנים והיה פורח ועולה למעלה מפני שהוא משתמש בשם המפורש. אף פינחס כיון שראהו פורח ועולה, אף הוא עשה את שתי זרועותיו כשתי לוחות אבנים והיה פורח ועולה אחריו עד שמצאו עומד ומשתטח לפני כסא הכבוד, מיד נתן עליו פינחס ציץ של הקב"ה שכתוב עליו קודש לד' — והוא נופל . . . (ילקוט שמעוני).

אין די צוויי סדרות „מטות־מסעי", געפינען מיר דעם שליסל צו דער איצטי־קער, אַזוי קריטישער סיטואַציע פון אונדזער געפייניקט פאָלק, וואָס געפינט זיך „בין המצרים" — אין דעם קלעם פון דער מורא'דיקער היטלער־מגפה און פון דעם שווארצן „ווייס־פּאַפּיר".

די אידן זיינען ענדלעך געשטאַנעןביים סוף פון זייערע מדבר־וואַנדערונגען.

דער דראַנג נאָך דעם היסטאָרישן היימלאַנד האָט שוין געהאַט געבראַכט געוויסע דער־פאַלגן, צוויי און אַ האַלב אידישע שבטים האָבן שוין געפונען זייער נחלה. און די אויס־זיכטן זיינען גרויס אויף ווייטערע דערפאָלגן. די יוגנט איז גרייט גוט צו מאַכן דעם טעות פון זייערע עלטערן, אויפגעבן די לופט־פּרנסות און דעם לעבן פון נסים אין דעם מדבר און אַריינדרינגען אין דער ארץ אבות אַלס שאַפער און בויער פון דער נאַציאָנאַ־לער היים. עס האָט זיך בלויז געפאָדערט די אָנשטרענגונג פון די פאַראייניקטע כחות פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק . . .

שטייען די אידן מיט דעם פּנים צו מזרח און אין זייערע אויגן שטראַלט די האָפנונג אויף דער גאולה . . . און ניט קוקנדיק אויף דעם טרויער איבער די אידישע חללים, וואָס זיינען געפאַלן אין דעם מדבר און אין דער מגפה, וואָס בלעם הרשע האָט פאַראורזאַכט, זינגט דאָך אין זייערע נשמות די פרייד אויף אַ נייעם פרייען נאַציאָנאַלן לעבן אין ארץ ישראל.

נאַטירלעך, זיי דאַרפן נאָך דורכמאַכן אַ לאַנגן שווערן קאַמף ביז זיי וועלן קו־מען אל המנוחה ואל הנחלה, אָבער זיי זיינען גליקלעך, וואָס ענדלעך וועלן זיי זיך דורכ־קעמפן זייער וועג צו פרייהייט אין דעם אייגן ליב און טייער לאַנד. זיי וועלן ניט דאַרפן מער זיין קרבנות פון אַ מיזאַראַבעלן מדבר לעבן און פון אַ שענדלעכן טויט דורך מגפות און מדבר־שלאַנגען.

און ג—ט זאָגט צו משה רבנו:

„נקום נקמת בני ישראל מאת המדינים ואחר תאסף אל עמך" — נעם נקמה פאַר די אידן פון די מדינים און דערנאָך וועסטו זיך איינזאַמלען צו דיין פאָלק.

מיין ניט, משה, אַז דער ציוניזם קען פאַרווירקלעכט ווערן כל זמן די מדינים־נאַציס וועלן איבערבלייבן אויף דער וועלט.

איידער אידן באַזעצן זיך באַפרייטע אין ארץ ישראל, מוז גענומען ווערן ג—ט׳ס נקמה פון די נאַצי בעסטיעס און די אָנפירער פון זייער פינסטערער פּראָפּאַגאַנ־דע מוז פאַרניכטעט ווערן . . . ערשט דאַן וועט קומען די פולע אידישע גאולה . . .

ווארום די אידישע גאולה איז פאַרבונדן מיט דער באַפרייאונג פון דער גאַנ־צער מענשהייט . . .

ווארום די שונאים פון אידישן פאָלק זיינען, נאַטירלעכערוויז, די שונאים פון דער גאַנצער מענשהייט . . . און דאָס איז אונדזער גליק. דעריבער קעמפט דער פּראָג־רעסיווער און ליבעראַלער טייל פון דער מענשהייט געגן די פינסטערע אידן־האַסער און גיפט־מישער.

דאָס איז אויך אונדזער האָפנונג, אַז די פעלקער וועלן דאָך ענדלעך אָראָפּ־וואַרפן פון זיך דעם כשוף, אונטער וועלכן די טיראַנען האַלטן זיי פאַרשקלאַפט, ווייל זיי וועלן אַמאָל עפענען זייערע אויגן און דערזען, אַז די פאַרפאָלגער פון אידישן פאָלק, זיינען די אומגליק־ברענגערס אויף דער גאַנצער וועלט.

דעמדאָזיקן אָפּטימיסטישן געדאַנק דריקט אויס דער ספרי אין אַ קורצן מאמר אויף דעם פסוק „נקום נקמת בני ישראל", להודיע, שבחם של צדיקים שאין נפטרין מן העולם עד שהם נוקמים נקמתם של ישראל, שהיא נקמת מי שאמר והיה העולם" — ג—ט האָט געהייסן נעמען נקמה פאַר די אידן, ווייל די אידן־פאַרפאָלגער זיינען אויך די שונאים פון דעם „וואָס האָט געזאָגט און עס איז געוואָרן די וועלט" . . . און דער וואָס נעמט זיך אָן פאַר אידן, נעמט זיך אָן פאַר ג—ט און וועלט . . .

אינטערעסאַנט איז, אַז בעת ג—ט הייסט משה׳ן קעמפן קעגן די מדינים־נאַציס אין נאָמען פון די אידן — „נקמת בני ישראל" — רעדט משה צו די אידן וועגן נקמה נעמען פאַר ג—ט „נקמת ד׳ במדין" — דער מדרש דערקלערט עס מיט אַ שטאַרקער פאַרטיידיקונג פון אידישן פאָלק, וואָס איז אין דערזעלביקער צייט אַ שאַרפע אָנקלאַגע קעגן אַלע אַנטיסעמיטן און צוררי ישראל.

אויב אידן האָבן אַנטוויקלט שלעכטע זיטן אין גלות, אויב אידן האָבן געזינ־דיקט, איז דאָס ניט זייער שולד. שולדיק זיינען זייערע פאַרפאָלגער וועלכע האָבן זיי אַרויסגעטריבן פון פעלד און גאָרטן און זיי ניט געלאָזן זיך באַזעצן אויף דער ערד . . . שולדיק זיינען די גוים וואָס האָבן אונדז פאַרשפּאַרט אין געטאָס און אין ענגע שטאָטישע קוואַרטאַלן, וואו מיר האָבן געמוזט אָנפירן אַ פאַרצווייפלטן קאַמף פאַרן לעבן. האָט אונדז טאַקע ג—ט געשטראָפט פאַר אונדזערע זינד, צו וועלכע די פעלקער האָבן אונדז געבראַכט.

„אמר הקדוש ברוך הוא להם: אינו אלא דיקן שלכם שגרמו לי להזיק אתכם" דער הייליקער געבענשט איז ער האָט זיי געזאָגט: איך שטעל זיך איין פאַר אייערע קריוור־דע, ווארום זיי די מדינים האָבן גורם געווען אייך צו זינדיקן און מיר אייך צו באַ־שטראָפן . . .

האָט משה רבנו געזאָגט: „האַר פון דער וועלט! אויב מיר וואָלטן געווען ערלים, אָדער געצנדינער, אָדער ווען מיר וואָלטן פאַרלייקנט דיינע מצוות וואָלט מען אונדז ניט פיינט געהאַט. מען פאַרפאָלגט אונדז דאָך בלויז צוליב דער תורה און מצוות, וואָס דו האָסט אונדז געגעבן. דו ווייסט דאָך אַז די אמת׳ע סיבה פון אַנטיסעמיטיזם איז אונדזער תורה ונבואה קולטור, אונדזער דראַנג צו וועלט־גאולה און מענשלעכער פאַרברידע־רונג . . . „הלכך הנקמה שלך" —דעריבער איז די נקמה דיינע — „לתת נקמת ד׳ במד־ין". (במדבר רבה כ"ב).

רש"י הקדוש דערקלערט עס אין זיין כאַראַקטעריסטישער קלאָרער און קורצער הסברה: שהעומד כנגד ישראל כאילו עומד כנגד הקדוש ברוך הוא" — דער וואָס שטייט אויף קעגן אידן איז גלייך ווי ער וואָלט אויפגעשטאַנען קעגן הקב"ה.

אין ליכט פון דעם געדאַנק פאַרשטייען מיר, ווארום ג—ט האָט געהייסן נעמען נקמה פון די מדינים. איז דאָס טאַקע אַזוי וויכטיק, אַז איידער די אידן זיינען אַריין אין ארץ ישראל זאָלן זיך פריער אָפּרעכענען מיט דעם מדין פאָלק? און ווארום דוקא פון

די מדינים און ניט פון מואב, וועלכע זיינען געווען מער שולדיק אין דעם אומגליק ביים בעל פעור?

דער מדרש ענטפערט, אז מואב'ס נקמה איז אפגעלייגט געווארן צוליב דוד המלך, וועלכער איז ארויסגעקומען פון רות המואביה. רש"י פארענטפערט — ווייל די מואבים האבן געהאט אן אורזאך צו באקעמפן די אידן וועלכע זיינען געקומען צונעמען זייער לאנד (וואס פאר אן עטישער באצי צו א שונא ! . . .) אבער די מדינים האבן גלאט פיינט געהאט די אידן און פארפירט מיט זיי א קריג, וואס איז ניט געווען אין זייערע אינטערעסן.

די מדינים ווערן דא אלזא פארגעשטעלט אלס די ערגסטע שונאים פון אידישן פאלק, ווייל זיי האבן ניט געקענט פארטראגן דעם אידנטום. זיי האבן געהאסט די אי־דישע תורה־קולטור, וואס איז געקומען צו באלייכטן און באפרייען די וועלט מיט זיין אייגנארטיקער ג—ט דערקענטניש און מיט זיינע דערהויבענע אידעאלן פון גערעכטי־קייט, רחמנות, הייליקייט פון דער מענשלעכער פערזאן און הייליקייט פונם לעבן . . .

עס האט זיי פארדראסן, וואס זייערע א טאכטער האט אוועקגעווארפן זייער געצנדינערישע קולטור און זיך באהעפט מיט דעם אידישן רעוואלוציאנער און תורה־געבער, משה רבנו . . . עס האט זיי געערגערט וואס זייער גייסטיקער פירער, יתרו, איז באאיינפלוסט געווארן פון משה'ס תורה און פונקט ווי די נאציס פון היינט, האבן זיי דערקלערט א ברוטאלן פארניכטונגס קריג קעגן דעם אידישן פאלק און מער ווי אלץ, קעגן זיין תורה־קולטור . . .

און זיי, די "מלכי מדין" זיינען געווארן די נאצישע העצער און גיפט־מישער געגן דעם אידנטום פון דער אלטער וועלט ווי עס טוען עס איצט די מלכי גרמניה פון דער מאדערנער וועלט . . .

און פונקט ווי אמאל האט ג—ט געזאגט די אידן, אז זיי קענען ניט אריין אין א באפרייטער ארץ ישראל כל זמן זיי האבן ניט פארניכטעט די מדינים־נאציס, אזוי וועלן מיר אויך היינט ניט האבן קיין געזיכערטן און באפרייטן היימלאנד אזוי לאנג ווי די וועלט וועט ניט באפרייט ווערן פון די נידערטרעכטיקע בעסטיעס, גיפט־מישער און גענג־סטערס, וועלכע זוכן צו פארשלעפן די מענשהייט אין א ווילדן געצנדינסט און פאר־שפרייטן איבער דער וועלט די משוגענע און ווילדע נאצי־קולטור פון ברוטאליטעט, אכזריות און מארד ! . . .

א קאמף קעגן אזעלכע פיינט פון ג—ט און מענש איז א מלחמת ד', א מלחמת מצוה, וואס מוז פריער דערליידיקט ווערן איידער די אידן קענען מארשירן ווייטער אי־בער דעם ירדן . . .

איז דעריבער משה רבנו אנגעזאגט געווארן, אז ער זאל פארענדיקן זיין „דזשאב" אלס פירער און לערער און זיך אפרעכענען און פארניכטן די געפערלעכע שלאנג, וואס האט זיך ארומגעוויקלט ארום דעם האלדז פון דער מענשהייט . . .

און דער ג—טליכער פירער האט באלד דערפילט די גרויסע סכנה פאר די אידעאלן וואס ער האט געלערנט מיט זיין פאלק, און וויסנדיק אז נאך דער נקמה פון מדין דארף זיך אפשיידן אויף אייביק פון זיין פאלק ,האט משה ניט געווארט קיין מינוט און גלייך מאביליזירט אן ארמיי דורכצופירן די ,,נקמת ד׳ במדין״ . . .

און די תורה געפינט פאר נויטיק צו דערציילן אז צווישן די געפאלענע מלכי מדין איז אויך געווען בלעם בן בעור — אט יענער גיפטיקער אנטיסעמיט, וואס האט אנגעפירט מיט דער בלוטיקער פראפאגאנדע און פאראייניקט מואב און מדין צו פארניכטן אידן מיט דעם ,,כח פון זיין מויל״, אין נאמען פון זיינע ווילדע חיה׳דיקע ראסן־טעאריעס . . .

עס איז צו באוואונדערן, ווי אונדזערע בעלי אגדה האבן מיט זייער נביא׳ישער אינטואיציע אריינגעבליקט אזוי קלאר אין דעם אידישן לעבן פון אלע דורות, אז זייערע אלעגארישע לעגענדעס און סימבאלישע מעשה׳לעך דערשיינען פאר אונדז ווי בילדלעכע אמת׳ן פון דער היינטיקערווירקלעכקייט . . .

אט האט איר, למשל, א טיפזיניקע מימרא פון א גמרא (אין סנהדרין ק״ו) וואו עס ווערט געפרעגט: וואס האט דארט בלעם געטאן? וואס דערציילט עפעס די תורה ביי מלחמת מדין אז ,,ואת בלעם בן בעור הרגו בתוכם״? —זאגט רבי יוחנן: ער איז געגאנגען אין מדין איינצומאנען זיין געצאלט פאר די פיר און צוואנציק טויזנט אידן, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך זיין עצה, אזוי ווי דאס פאלקס־ווערטל זאגט: דער קעמל איז געקומען בעטן הערנער, האט מען אים זיינע אויערן אפגעשניטן . . . בלעם איז, אלזא געקומען מאנען ירושה פאר זיין אנטיסעמיטישן גיפט, האט ער באצאלט קבורה געלט פאר זיך אליין . . .

רבי יוחנן וויל אונדז דא לאזן הערן, אז עס זיינען ניטא קיין אידעאליסטישע אנטיסעמיטן . . . אלע אידן־פארפאלגער טוען דאס ניט ,,לשם שמים״ ווי זיי ווילן עס איינריידן און פארבלענדן די אומוויסנדיקע פאלקס־מאסן. דער גאנצער אנטיסעמיטישער פאק, צי זיי קומען פון דער קירכע אדער פון די געמיינע מעשים קעגן אידן . . . זיי ווילן זיך אנשטאפן מיט אידיש האב און גוטס. זיי זוכן צו פארנעמען די אידישע עקאנאמישע פאזיציעס און ווילן ווערן מעכטיק אויפן חשבון פון אידישן אומגליק . . .

אזוי זיינען געווען אלע אזוי־גערופענע ,,רעליגיעזע״ און ,,טעארעטישע״ אנטיסעמיטן פון טארקוועמאדא ביז אויף דעם פאטערל קאגלין פון בלעם הרשע ביז אויף היטלערן ימח שמו . . . זיי האבן פארגלאצט די אויגן, גערעדט אפילו מיט ג—ט און געזוכט כלומרשט צו ראטעווען אידישע נשמות פון גיהנום, ווי טארקוועמאדא האט עס געטאן, אדער פון קאמוניזם, ווי קאגלין ,דאס קאטוילישע גלח׳ל, וויל אונדז איינריידן, אבער זייער איינציקער צוועק איז אידישע פארמעגנס, אידישע עקאנאמישע פאזיציעס.

נאכדעם ווי זיי פארשפרייטן זייער אנטיסעמיטישן סם אין נאמען פון כלומר׳־

שטע אידעאַלן, און ווען די בלינדע פאַר׳כשופ׳טע פאָלקס מאַסן וועלן אַנגעשטעקט מיט דעם סם און פירן דורך פּאָגראָמען אויף אידן, דאַן קומען די דאָזיקע פאַרפירער צו קאָ־לעקטירן פאַר זייער טייוולשע אַרבעט אין די געפלינדערטע פאַרמעגנס פון אידן, באַ־רויבנדיק די אידישע בירגער פון זייער ג—ט געגעבענעם רעכט און פון זייערע פרנסה קוואַלן . . .

עס איז דעריבער אונדזער ערשטע פליכט צו זיך און צו דער וועלט אַנצופירן אַ קאַמף קעגן די פאַשיסטן, נאַציסטן און אַלע אַנטיסעמיטישע גיפט־מישער, אַרונטער־רייסנדיק זייערע מאַסקעס ביז די פאַרפירטע פאָלקס־מאַסן וועלן דערזען די נידער־טרעכטיקע געמיינע און אוממענשלעכע כאַראַקטערס פון אָט די „פירער״ וועלכע זיי האָבן פאַרגעטערט . . . און דאַן וועלן זיי נעמען די „נקמת ד׳ במדין״ . . .

ערשט דאַן וועלן מיר קענען זיין זיכער מיט אונדזער אויפגעבויטער ארץ־ישראל . . .

---

תא חזי, אַז אפילו דער בריטישער „ווייס־פּאַפּיר״, וואָס האָט זיך אַוועקגע־לייגט ווי אַ שווערע שטרויכלונג אויף אונדזער וועג צו אונדזער נאַציאָנאַלער פרייהייט אין ארץ ישראל, איז אויך אַ רעזולטאַט פון דער היטלער־מגפה אויף דער וועלט, און מיט דער פאַרשווינדונג פון דער היטלער מגפה וועט אויך אָפּגערייניקט ווערן דער וועג צו אונדזער היסטאָרישן היימלאַנד.

מיר דאַרפן, דעריבער ניט פאַרצווייפלט ווערן, ווייל די היטלער־שלאַנג וועט לאַנג זיך ניט וויקלען אַרום דעם האַלז פון דער מענשהייט, זיין קאָפּ וועט אַרונטערגע־האַקט ווערן אַזוי שנעל ווי זיין אמת׳ער פרצוף און זיין שווינדל וועט אַנטדעקט ווערן . . .

---

אונדזערע חז״ל ברענגען אַן אינטערעסאַנטע לעגענדע, וואָס קלינגט ווי אַ בבא־מעשה׳לע, אָבער ווען מען בליקט אַריין אין איר אַביסל טיפער, דערזעט מען אַ הער־לעכן קאָלירפולן פּערל. עס ווערט דערציילט אַז אין דער מלחמת מדין איז בלעם גע־פלויגן מיט דעם כח פון זיין כישוף, און פינחס האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך אים, פליענ־דיק מיט דעם כח פון שם המפורש. ער האָט אים אָנגעיאָגט אַזוי הויך ביז ער האָט אים געפּאַקט ליגנדיק אויסגעצויגן פאַר דעם כסא הכבוד . . .

בלעם דער רשע, דער גיפט־מישער, ליגט מיט אַ פרומען פנים פאַר דעם כסא הכבוד . . . דאָס איז דאָך די שמד־שטיק פון אַלע געפערלעכע אַנטיסעמיטן, וועלכע שפּילן די ראָלע פון וועלט־פאַרזאָרגער, גרויסע פּאַטריאָטן און פרומאַקעס, וועלכע האָבן אַ געפערלעכן כח אין זייער מויל, ווי בלעם בשעתו, און ווי היינט היטלער און דאָס פרומע קאַטוילישע גלח׳ל קאָגלין . . . זיי פליען מיט דעם כח פון זייער כשוף אי־בער די הימלען און דאָס פאָלק באַוואונדערט זיי . . . די מאַסן ווערן פאַר׳כשופ׳ט פון זייער כח הדבור . . . מ׳זעט איינפאַך ווי זיי ליגן אויסגעצויגן פאַר דעם כסא הכבוד — אָט אַזאַ פאַרדאַמטע אויגן פאַרבלענדעניש ליגט אין די דאָזיגע דעמאַגאָגען . . .

לערנט אונדז די לעגענדע וואָס מיר דאַרפן טאָן כדי זיי צו באַקעמפן . . .

מיר דאַרפן פליען נאָך העכער פון זיי און מיט דעם כח פון אונדזער שם המ־פורש דאַרפן מיר באַלייכטן זייער שווינדל און אויגנפאַרבלענדעניש. דאָס האָט פנחס געטאָן, ווען ער האָט געפונען בלעם'ן ליגנדיק פאַר דעם כסא הכבוד. ער האָט אָנגע־שטעלט זיין „ציץ" אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן „קודש לד'". אויף בלעם'ן, און דער דעמאַגאָג האָט זיך ניט געקענט האַלטן . . . ער איז אַראָפּגעפאַלן פון הימל. מען האָט אים דאָן געפּאַקט און גע'משפט ווי אַ געמיינעם פאַרברעכער און אים הינגע־ריכטעט . . .

אַזוי דערציילט זיך אין דער מעשה'לע פון דער גמרא און מדרשים . . .

דער היינטיקער נאַציזם איז אויך אַ שטיק כשוף און דעמאַגאָגישע אויגן־פאַר־בלענדעניש פון די מאָדערנע בלעם'ס, זיי פליען אין דער לופטן ווייל זיי האָבן דאָס פאָלק פאַר'כשופ'ט. די מאַסן דענקען, אַז ביי זיי ליגט דער „שם המפורש" . . .אָבער זיי וועלן דאָך זעענדיק ווערן, ווען דאָס ליכט פון דער אמת'ער ג—ט קולטור וועט באַלויכטן זיי־ערע פינסטערע פירער און די מאַסקעס וועלן אַרונטערפאַלן פון זייערע פנים'ער. זיי וועלן זיך ניט קענען האַלטן אויף דער הויך און וועלן פאַלן עד שאול תחתיה — און די וועלט וועט דאָן אָפּאָטעמען פרייער . . .

ביז דאָן, אָבער, טאָרן מיר ניט אָפּלאָזן אונדזערע „כלי קודש", דאָס מיינט, דעם ארון און דעם ציץ מיט דעם „שם המפורש" און נאָכאַנאַנד בלאָזן אין די „חצוצרות התרועה" און באַלייכטן דעם שווינדל און די געמיינהייטן פון די דעמאַגאָגן, ביז די נאַ־צישע שלאַנגען וועלן פאַרניכטעט ווערן, און ערשט דאָן וועלן מיר קענען מיט פרייד אַריינמאַרשירן אין ארץ ישראל, ניט קוקנדיק אויף אַלע שטרויכלונגען, וואָס ליגן נאָך אויף אונדזער וועג אל המנוחה ואל הנחלה — און ביז דאָן — חזק, חזק ונתחזק!

# דברים

## שבת חזון ברייננט אונדז די שטראָפרייד פון משה רבנו און די פלאַמיקע חורבן־זעאונג פון ישעיה הנביא. — ביידע שליסן זיך מיט טרייסט און גאולה־אָנזאָג. — די "דברי תוכחות" פון משה רבנו אַ קלאַסישער מוסטער פאַר נביאים און גייסטיקע פירער. —

„אלה הדברים" אוהבו של אדם אומר לו: השמר בעצמך! המקומות שהכעיסו לפני המקום בהם, דפכך סתם את הדברים והזכירם ברמז מפני כבודן של ישראל. (רש"י).

„אלה הדברים" אוהבו של אדם אומר לו: השמר בעצמך! אבל שונאו אומר לו: אל תתירא, כדי להפילו . . . משה היה מוכיחן, אבל בלעם הרשע אמר להם: אל תתיראו, עשו כל מה שאתם מבקשים . . . (ילקוט שמעוני).

„אלה הדברים" — הרי משה עד שלא זכה לתורה כבד פה היה: „לא איש דברים אנכי". כיון שזכה לתורה, נתרפא לשונו והתחיל לדבר „דברים" . . . (דברים רבה א').

„אל כל ישראל" — מלמד שהיו כלם בעלי תוכחה והיו יכולים לעמוד בתוכחות. (ילקוט שמעוני).

מניין לרואה בחברו דבר מגונה שחייב להוכיחו? — שנאמר (ויקרא י"ט): „הוכח תוכיח" . . .

אמר רבי טרפון: תמה אני, אם יש בדור הזה שמקבל תוכחה... אמר רבי אלעזר בן עזריה: תמיהני אם יש בדור הזה שיודע להוכיח! . . . (ערכין ט"ז).

אמר אביי: האי צורבא מרבנן דמרחמין ליה בני מתא, לאו משום דמעלי טפי, אלא משום דלא מוכח להו במילי דשמיא . . . (כתובות ק"ח)

שבת חזון! . . .

דער שבת פאַר תשעה באב — דער באַדריקטער און אומעטיקער שבת פון אונדזער נאַציאָנאַלער אבלות, ברייננט אונדז תמיד די רמזים׳פולע שטראָפרייד פון משה רבנו, וועלכער האָט איבערגע׳חזר׳ט מיט די אידן זיין תורה, שטייענדיק אויף דער זייט פון ירדן, און די פלאַמיקע שטראָפנדיקע זעאונג פון ישעיהו הנביא וועלכער האָט פאָר־אויסגעזאָגט דעם חורבן . . .

און די פרומע פאָלקס־טראַדיציע אונדזערע, וועלכע האָט אַזוי קאָלירפול און פּלאַסטיש אויסגעפורמט אונזער נאַציאָנאַל־רעליגיעזן לעבנס־נוסח, האָט דעם שבת

פאַר תשעה־באב ניט גערופן אויף דעם נאָמען פון דער סדרה „דברים“, נאָר „שבת חזון“ — אויף דעם נאָמען פון דער הפטרה, וואָס הייבט זיך אָן מיט „חזון ישעיהו בן אמוץ“ — מיט דעם חורבן־זעאונג פון דעם שטראָפער־נביא . . .

און אין דער קאָנסטעלאַציע פון אונדזערע זוניקע און זינגענדיקע שבתות פון יאָר דערשיינט דער „שבת חזון“ אונטער אַ וואָלקן פון נאַציאָנאַלן טרויער, ווייל עס איז דער שבת פון אונדזערע טרויעריקע „ניין טעג“ פון פאַר תשעה־באב — אונדזער היסטאָרישער שלים־מזל׳דיקער טאָג, וועלכער האָט אונדז געבראַכט אַלע אונדזערע גרויסע נאַציאָנאַלע אומגליקן.

אין דעם ניינטן אָב איז פאַרניכטעט געוואָרן אונדזער ערשטער בית המקדש דורך נבוכדנצר׳ס חיילות, אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם רוצח נבוזראדן. אין דעם ניינטן אב איז פאַרברענט געוואָרן דער צווייטער בית המקדש דורך די רוימישע לעגיאָנען פון טיטוס הרשע. תשעה באב איז געפאַלן ביתר. די לעצטע פעסטונג פון די אידישע רעוואָלוציאָנערע העלדן, אונטער דער פירערשאַפט פון בר־כוכבא. אין אָט דעם פאַרשאָלטענעם טאָג איז אויך דורכגעפירט געוואָרן דער גירוש ספרד, די אַרויסטרייבונג פון די אידן פון שפאַניע.

איז דעריבער אונדזער שיינער הייליקער שבת פון פאַר תשעה־באב אָן אומעטיקער, אַ געדריקטער, אַ פאַרזאָרגטער, אַ בלאַסער . . .

די מלכה שבתא, די שיינע ליכטנדיקע קעניגן שבת, די פרומע מטרוניתא, די צניעות׳דיקע כלה אונדזערע, קומט טאַקע צו אונדז, ווי אַלע מאָל, אַ שיינענדיקע, אָן אויסגעפוצטע מיט אַלע אירע וואונדער־צירונג פון „רזא דשבת“ . . . זי איז, אָבער, איצט פאַרטראַכט און אומעטיק . . . איר פרומער פנים איז בלאַס, און פון אירע צניעות׳דיקע שולמית־אויגן קוקט אַרויס אַ באַהאַלטענער צער — דער שטילער צער פון דעם „אחר“, כביכול, וואָס שרייט אַרויס יעדן טאָג פון צווישן די חורבות פון דעם הר הבית אין ירושלים, ברומענדיק, ווי אַ פאַרוואָגלטע טויב: „אוי לי שהחרבתי את ביתי!“ — ווי מיר, ווי מיר, וואָס וואָס איך האָב חרוב געמאַכט מיין הויז און פאַרטריבן מיינע קינדער פון דעם טיש פון זייער פאָטער ! . . .

שבת, אָבער, טאָרן מיר ניט טרויערן. אין דעם טאָג פון שבת הערט אויף יעדע אבלות. שבת מוזן מיר אַלע אונדזערע ווייטיקן דערשטיקן אין זיך, און אונטערהאַלטן די שיינע הייליקע כלה מיט תורה און גייסטיקייט — האָט אונדז די טראַדיציע געלערנט. אַז דעם שבת פאַר תשעה־באב זאָלן מיר זיך פאַרטיפן און פאַרגייסטיקן מיט די שטראָפרייד פון „אלה הדברים אשר דבר משה אל בני ישראל בעבר הירדן“ — די דברי תוכחות פון משה רבנו, וואָס ער האָט גערעדט צו אַלע אידן שטייענדיק אויף דער זייט ירדן.

און ווען מיר זיינען פאַרטיק מיט דער סדרה „דברים“. זאָלן מיר זיך אויסלייטערן אין די פייערדיקע שטראָפרייד פון „חזון ישעיהו“ — ישעיה הנביא׳ס זעאונג,

וואָס האָט פאַרויסגעזען דעם אָנקום פונם חורבן, אָנווייזנדיק אויף די סיבות, וואָס האָבן אים אַרויסגערופן . . .

און נאָכדעם ווי מיר פאַרנעמען די פלאַמיקע נבואה פון ישעיה, וועלכע ענט־האַלטן אַ פירוש אויף די „דברי תוכחות" פון אונדזער ערשטן און גרעסטן נביא, משה בן עמרם, געפינען מיר אַ פירוש צו דעם זין פון אונדזער לעבן, אַ פאַרענטפערונג פאַר אונדזער מורא׳דיקער פאָלקס־טראַגעדיע און אַ ליכטיקן נחמה־פולן אָנזאָג פאַר אונדזער צוקונפט . . .

ווארום: „כל הנביאים פותחים בתוכחות וחותמים בנחמות" (שוחר טוב ד׳) — אַלע נביאים הייבן אָן מיט שטראָפרייד און שליסן מיט נחמות — — — — — — —

און געלערנט האָבן זיי דאָס פון זייער רבי׳ן, דער פאָטער פון אַלע נביאים, משה רבנו, וועלכער שליסט אויך זיינע „דברי תוכחות" מיט דעם דערמוטיקנדיקן טרייסט־וואָרט, וואָס פאַרזיכערט אונדז דעם ענדגילטיקן נצחון איבער אונדזערע שונאים, אונדז אָנזאָגנדיק, אַז מיר זאָלן ניט פאַרצווייפלט ווערן און זיך ניט שרעקן פאַר זיי — „לא תראום כי ד׳ אלקים הוא הנלחם לכם" — איר זאָלט ניט מורא האָבן פאַר זיי, ווארום ג—ט אייער האַר, ער קעמפט פאַר אייך . . .

אַזוי אויך דערטראָגט זיך צו אונדז אַ ליכטיקע טרייסט־נבואה און אַ זוניקער גאולה־אָנזאָג פון „חזון ישעיהו", וועלכער פאַרזיכערט אונדז, נאָכדעם ווי ער זידלט אונדז גוט אויס און וואַרפט אונדז פאַר אונדזערע שווערע חטאים, אַז מיר זיינען נאָך ניט פאַרלאָרן, אַז אַלץ הייבט אָפ פון אונדז אַליין . . . מיר קענען נאָך אַלץ גוט מאַכן . . .

„לכו נא ונוכחה, יאמר ד׳. אם יהיו חטאיכם כשנים, כשלג ילבינו, אם יאדימו כתולע, כצמר יהיו" — קומט נאָך, לאָמיר זיך דורכשמועסן זאָגט ג—ט, אויב אייערע זינד וועלן זיין ווי אַ רויטער פאָדים, וועלן זיי ווייס ווערן ווי שניי; אויב זיי וועלן זיין ווי אַ רויטער וואָרעם וועלן זיי ווערן (ווייס) ווי וואָל, ווארום „שערי תשובה לא ננעלו" — די טויערן פון תשובה זיינען ניט פאַרשלאָסן געוואָרן . . .

וואָס פאַר אַ גוואַלדיקער אָפּטימיזם בנוגע דעם גורל פון דעם מענטשן און וואָס פאַר אַ טיפע חסד׳פולע באַציאונג צו דעם זינדער עס ווערט דאָ אויסגעדריקט און דער „וויזיע" פון דעם שטראָפער־נביא !

נאָכדעם ווי ער שמייסט זיין פאָלק מיט אַזעלכע ברענענדיקע ווערטער ווי „הוי גוי חוטא, עם כבד עון, זרע מרעים, בנים משחיתים", זאָגנדיק פאָרויס דעם מורא׳־דיקן אומגליק, דעם חורבן פון „בת ציון" — רופט ער צו תשובה, שליסנדיק זיין זע־אונג מיט דער נחמה־פולן אָנזאָג פון „ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה ! . . .

---

און איצט לאָמיר זיך צוהערן צו די שטראָפרייד פון גרעסטן נביא פון אַלע צייטן און אַלע דורות פאַר אים און נאָך אים, משה בן עמרם, וועלכער הייבט־אָן איבער־צו׳חזר׳ן מיט די אידן די תורה ,וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט אין דעם מדבר, אַריינ־

פלעכטנדיק הארציקע „דברי תוכחות", וואס זיינען געווען אנגעלאדן מיט אזוי פיל ליב־שאפט צו זיין פאלק און מיט אידישן גורל . . .

אונדזערע חז"ל זאגן, אז משה איז דורכגעגאנגען די גאנצע געשיכטע פון די מדבר־וואנדערונגען, אנדייטנדיק אלע נעמען פון די פלעצער, וואו אידן האבן געזינ־דיקט.

„אלה הדברים" — „לפי שהן דברי תוכחות ומנה כאן כל המקומות שהכעיסו לפני המקום, לפיכך סתם הדברים והזכירם ברמז מפני כבודם של ישראל" — ווייל זיי זיינען שטראפרייד, און ער האט אויסגערעכנט אלע פלעצער, וואו זיי האבן דערצערנט דעם אויבערשטן, האט ער דעריבער פארשטעלט די ווערטער און זיי דערמאנט מיט א וואונק, אן אנדייט, צוליב דעם כבוד פון די אידן (רש"י).

ביז איצט האבן מיר געזען משה רבנו אין דער ראלע פון גואל, תורה־געבער, פאלקס־פירער, קעמפער און לערער. איצט, אבער, ווען ער האט זיי דערפירט ביז צו די טויערן פון ארץ ישראל און שטייענדיק פאר זיין ערדישן אפשייד פון זיי אויף אייביק, הייבט ער אן איבערצו׳חזר׳ן מיט זיי די תורה און דערביי זעען מיר אים אין דער ראָ־לע פון א מוכיח, ווייזנדיק א מוסטער פאר אלע נביאים און גייסטיקע פירער פון שפע־טערדיקע דורות ווי אזוי מ׳דארף רעדן צום פאלק, אים מוסר׳ן און שטראפן . . .

דאס ווארט „מוכיח" אין העברעאיש מיינט ניט בלויז א שטראפער, אדער מוסר־זאגער. עס מיינט אויך א וועגווייזער, אן איבערצייגער, אן „אויגן־עפענער", אן אויפ־קלערער.

פון דעם אויסדרוק „הוכח תוכיח" דרינגט די גמרא, אז ווען איינער זעט א מיאוס׳ע זאך ביי זיין חבר, איז ער פארפליכטעט אים אנצואווייזן אויף דעם („צריך להוכיחו"), ווייל עס שטייט: „לא תשנא את אחיך בלבבך הוכח תוכיח את עמיתך ולא תשא עליו חטא" — זאלסט ניט פיינט האבן דיין ברודער אין דיין הארצן; אויסריידן זאלסטו אויסריידן דיין חבר, כדי דו זאלסט ניט טראגן איבער אים א זינד.

די גמרא (ערכין ט"ז) טייטשט, אלזא, דעם ווארט הוכחה, אגווייזן, אויפקלערן, ארויפקלערן, ארויפפירן אויף דעם ריכטיקן וועג.

און אזוי ווי די תורה פארבינדט עס מיט דעם פארבאט, אז מ׳טאר קיינעם ניט פיינט האבן, מוז די תוכחה פון איינעם צו א צווייטן באוועגט זיין פון מענשנליבע . . .

משה רבנו האט אונדז אנגעוויזן א מוסטער ווי אזוי צו שטראפן א יחיד אדער א כלל — דער „שטראפער" מוז קודם כל זיין באזעלט פון א טיפער ליבשאפט צו דעם געשטראפטן . . . דאן דארף ער היטן דעם כבוד פון דער פערזאן, אדער פערזאנען, וועל־כע ער וויל שטראפן . . .

דאן דארף דער מוכיח אליין זיין א געלערנטער, ווארום ביז משה האט ניט זוכה געווען צו דער תורה, האט ער ניט געקענט ריידן . . . האט ער דאך אליין געזאגט לא איש דברים אנכי". עס האט אים געפעלט ווערטער . . . אבער אזוי שנעל ווי ער

האָט זוכה געווען צו דער תורה, האָט ער געפונען ווערטער . . . איז ער געוואָרן אַ רעדנער. „אלה הדברים אשר דבר משה״ . . . (דברים רבה א׳).

דאָס איז, אפשר אַ מוסר השכל פאַר אונדזערע מאָדערנע ראביים, וועלכע אַנשטאָט „דברי תוכחות״ וועלכע זיי זיינען מחויב צו האַלטן פאַרן עולם,ווידמען זיי זייערע „סערמאָנס״ צו בוך־רעוויו׳ס און טעאַטער־רעצענזיעס, ווייל עס פעלט זיי דער „אלה הדברים, מפני שלא זכו לתורה . . . ״

אייגנטלעך ,איז שווער צו פאַרשטיין, וואָרום דער ג—טלעכער פירער האָט געפונען פאַר נויטיק ,שטייענדיק ביי די טויערן פון ארץ ישראל צו מוסר׳ן די אידן פאַר די פאַרגאַנגענע חטאים.

דער דור המדבר איז דאָך שוין געווען אויסגעשטאָרבן. זייערע חטאים זיינען דאָך שוין געווען אַ זאַך פון דער געשיכטע. הייגט, וואָרום פייניקן דעם יונגן דור מיט די אַמאָליקע זינד פון זייערע עלטערן?

און וואָס מיינט דער פסוק זאָגנדיק: בעבר הירדן בארץ מואב הואיל משה באר את התורה הזאת לאמר: ד׳ אלקינו דבר אלינו בחורב לאמר: רב לכם שבת בהר הזה — אויף יענער זייט ירדן האָט משה גענומען באַשיידן די דאָזיקע תורה אַזוי צו זאָגן: ד׳ אונדזער ג—ט האָט געזאָגט צו אונדז אין חורב אַזוי צו זאָגן: גענוג אייך צו זיצן אויף דעמדאָזיקן באַרג, פאַרקערט אייך, גייט פון דאַנען אַוועק צו די בערג פון אמורי, און צו אַלע זיינען שכנים. — — — — — — —

איז דען דאָס די גאַנצע תורה? איז דאָס דער זין פון דער גאַנצער תורה?

און דער מדרש געפינט נאָך פאַר נויטיק צו באַטאָנען: „ד׳ אלקינו דבר אלינו בחורב״ — „לא מדעת עצמי כי אם הקדוש ברוך הוא צוני״ — ניט פון מיין אייגענעם געדאַנק, נאָר דער הייליקער געבענטשט איז ער, ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן אַוועק פון באַרג חורב און גיין איינגעמען דאָס לאַנד כנען (ילקוט שמעוני).

און ווען האָט עס משה ניט גערעדט אין נאָמען פון ג—ט? אַלץ וואָס דער רועה נאמן האָט געזאָגט און געטאָן, איז דאָך געווען מפי הגבורה . . . וואָרום דוקא דאָ דאַרף ער עס באַטאָנען, אַז ער רעדט ניט מדעת עצמו? — — — — — — —

נאָר דער תירוץ איז, אַז דאָ איז געשטאַנען פאַר משה׳ן אַ יונגער דור, וואָס איז אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ מדבר . . . געלעבט פון נסים און געפירט אַ פרייען מדבר־לעבן . . . זיי, די יונגע אידן האָבן נאָך ניט געפילט דעם טיפן באַדייט פון דער אידישער געשיכטע, פון דער גרויסער גייסטיקער ירושת אבות און דעם זין פון דער תורה אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם נאַציאָנאַלן היימלאַנד . . .

אינטערעסאַנט איז די אַגדה פון ילקוט שמעוני, וואָס דערציילט, אַז די יונגע אידן, וועלכע זיינען שוין געשטאַנען אויף דער זייט ירדן, האָבן באַטראַכט משה רבנו פאַר איבער־געעלטערט פאַר אַן עובר בטל . . .

„בשעה שבא משה להוכיח את ישראל סוף ארבעים שנה, היו ישראל מרננים

ואומרים: „אינו בדעתו" —וועז משה איז געקומען שטראָפן די אידן צום ענדע פון די פערציק יאָר, האָבן די אידן געמורמלט און געזאָגט: ער איז ניט ביי זיין שכל . . .

דער טיפער געדאַנק פון אָט דער אגדה איז, אַז דער יונגער דור פאַרלירט אָפט דעם כח אָפּצושאַצן די גרויסע גייסטיקע ווערטן פון זיינע אַלטע קולטור־שאַפער . . . עס פעלט דער יוגנט דער היסטאָרישער חוש צו דערקענען דעם גייסט, וואָס האָט אויס־געפורמט זייער מאָדערנע נשמה . . .

זעען מיר דאָך היינט, ווי אונדזער יונגער דור, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין דעם גלות פון אונדזער מדבר־וואַנדערונגען, קוקט אויף דעם אַלטן דור, מעגן זיי זיין געלערטע, חכמים און אנשי מעשה, ווי אויף אַלטמאָדישע עובר־בטל'דיקע מענשן . . .

אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט האָט פאַרלאָרן דעם פאָדעם פון זייער אידי־שער געשיכטע. זיי ווייסן ניט די היסטאָרישע, רעליגיעז־נאַציאָנאַלע טענדענצן פון דעם אידנטום . . . ביי זיי איז רעכט, למשל, אַז אידיש, די שפּראַך פון מדבר־וואַנדערונגען, מיט די דיאַלעקטן פון יעדן „ויסעו" און „ויחנו", זאָל ווערן די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון ארץ ישראל . . . ניט פאַרשטייענדיק דעם קולטור־היסטאָרישן מהות פון דעם אידנטום, איז ביי זיי רעכט איינצופירן די פוסטע „וועלטלעכקייט" פון דעם ווילדן מדבר אין דעם אידישן דערציאונגס־וועזן . . .

ניט באַגרייפנדיק דעם אייגנאַרטיקן רעליגיעז־נאַציאָנאַלן זין פון היסטאָרישן אידישן המשך. מעסטן זיי דאָס אידיש פאָלק מיט דעם מאָס פון אַלע פעלקער, און ביי זיי, ביי דער יוגנט הייסט עס, איז דער צוריקקער קיין ארץ ישראל אויך מער ניט פאַר־בונדן מיט דעם באַרג סיני . . .

דעריבער האָבן אונדזערע חכמים דערפילט ,אַז ווען משה רבנו איז געקומען צו די יונגע אידן איבער'חזר'ן מיט זיי די תורה, האָט ער געפונען פאַר נויטיק איבער־צוגיין מיט זיי די אידישע געשיכטע און זיי אָנווייזן אויף אַלע פלעצער און אַלע מאָ־מענטן, וואו אידן האָבן געהאַט זייערע „עליות און ירידות", כדי זיי זאָלן דערזען דעם זין פון דעם אידישן המשך.

און אין זיינע „דברי תוכחות" ווייזט ער אָן דעם יונגן דור אויף דעם היסטאָ־רישן צוזאַמענבונד צווישן דעם באַרג חורב און ארץ ישראל . . .

אַזוי האָט משה געוויזן אַ ביישפּיל ווי אַזוי צו „שטראָפן" אידן, מ'דאַרף לער־נען מיט זיי דעם סוד פון אידישן לעבן ,דעם זין פון אידישע יסורים'דיקן קאַמף אויף דער וועלט און די האָפנונג אויף אַ ליכטיקער צוקונפט.

און קודם כל דאַרף דער „שטראָפער" זיין באַזעלט מיט אַ טיפער ליבע צו די, וועמען ער גייט שטראָפן.

„אלה הדברים" — אוהבו של אדם אומר לו: השמר בעצמך" — אַ פריינט פון אַ מענשן וואָרנט אים, ער זאָל זיך היטן פון אַ געוויסער געפאַר. אָבער אַ שונא זאָגט אים: האָב קיין מורא ניט, כדי ער זאָל אַריינפאַלן . . . משה האָט זיי געשטראָפט, אָבער

בלעם הרשע האָט זיי געזאָגט: האָט קיין מורא ניט טוט וואָס אייער האַרץ גלוסט, זיינען טאַקע די אידן געפאַלן אין שיטים און שלמה האָט שוין אויף דעם געשריען „נאמנים פצעי אוהב״ — געטריי זיינען די וואונדן פון אַ פריינט -- דאָס איז משה רבנו — „ונעת־רות נשיקות שונא״ — פאַררעטעריש זיינען די קושן פון אַ פיינט — דאָס איז בלעם הרשע (ילקוט שמעוני).

נאַטירלעך, דאַרפן די מענשן, וועלכע נויטיקן זיך אין „דברי תוכחות״, האָבן דעם מאָראַלישן כח אויסצוהערן שטראָפרייד. אונדזערע חז״ל וויסן צו דערציילן, אַז די אידן פון יענעם דור זיינען געווען מאָראַליש שטאַרק גענוג צו קענען פאַרטראָגן משה׳ס שטראָפרייד:

„אל כל ישראל״ — מלמד שהיו כולם בעלי תוכחה והיו יכולים לעמוד בתוכחות (ילקוט שמעוני).

און דאָס איז שוין גאָר אַ הויכע מדרגה. וואָרום פונקט ווי מ׳דאַרף וויסן ווי צו שטראָפן, אַזוי דאַרף מען קענען אויפנעמען די שטראָפרייד פון אַ מוכיח, אַ נביא, אַ חכם אָדער אַ רב . . .

זאָגט רבי טרפון: איך וואונדער זיך אויב עס איז דאָ אין היינטיקן דור ווער עס קען שטראָפן!

זאָגט רבי אלעזר בן עזריה: איך וואונדער זיך אויב עס איז דאָ אין היינטיקן דור, ווער עס קען צונעמען שטראָפרייד! . . .

זאָגט רבי עקיבא: איך וואונדער זיך אויב עס איז דאָ אין היינטיקן דור עמי־צער, וואָס ווייס ווי אַזוי צו שטראָפן (ערכן ט״ז).

ואנן מה נענה אַבתריהו? וואָס זאָלן מיר, פון אונזער איצטיקען דור, שוין זאָגן נאָך די גאָלדענע אָנקלאָגנדיקע ווערטער פון די דריי גרויסע תנאים, וועלכע האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייער דור?

אויב די צרה מיט אונדזער היינטיקן דור איז, וואָס מיר וויסן ניט ווי צו שטראָפן, און וואָס מיר קענען אויך ניט פאַרנעמען קיין שטראָפרייד . . .

דעריבער הערן מיר ניט קיין שאַרפע קריטיק אויף אונדז אַליין פון דער אי־דישער פרעסע, וועלכע זוכט צו קיצלען און צופרידנשטעלן דעם געשמאַק פון אירע לייענער, אָבער ניט אים אויפצוהייבן דורך דברי תוכחות . . .

אפילו אונדזערע רבנים און גייסטיקע פירער האָבן אויך אויפגעהערט צו שטראָפן זייערע געמיינדעס, ווייל זיי האָבן מורא, זיי וועלן מיט אַזעלכע דרשות ניט „אויסנעמען״ . . .

עס זעט אויס, אַז דאָס איז אַן אַלטע מכה. אויף וועלכער דער גרויסער שאַרפזיניגער אַמורא אביי דער בר פלוגתא פון רבא׳ן, האָט זיך באַקלאָגט:

„אמר אביי: האי צורבא מרבנן, אָט דער תלמיד חכם, דער רב, הייסט עס, וואָס זיין שטאָט האָט אים ליב, איז ניט ווייל ער איז בעסער פון אַלע אַנדערע רבנים, נאָר

ווייל ער שטראָפט זיי ניט, ער רעדט ניט צו זיי וועגן „מילי דשמיא״, (כתובות ק״ה): אַנ־שטאָט תורה און ערנסטע געדאַנקען, דערציילט ער זיי וויצן און קיצלדיקע מעשה׳לעך...

דער דור, וועלכן משה רבנו האָט גע׳מוסר׳ט, שטייענדיקביים שוועל פון ארץ־ישראל, איז געווען אַ מאָראַליש שטאַרקער, זיי האָבן עס „געקענט נעמען״, ווי מ׳זאָגט אויף אַמעריקאַניש, זיינען זיי טאַקע אַריין אין ארץ ישראל . . .

דער דור, צו וועלכן ישעיה הנביא האָט גערעדט, האָט קיין שטראָפרייד ניט געקענט פאַרטראָגן ,זיינען זיי געשטראָפט געוואָרן פון די גויים . . .

אויך דער דור פון ירמיה הנביא האָט ניט געקענט פאַרטראָגן זיינע וואַרנונגען און פלאַמיקע שטראָפרייד. פאַר וועלכע זיי האָבן אים פאַרפאָלגט און אין תפיסות גע־וואָרפן. זיינען זיי דעריבער געשטראָפט געוואָרן פון די גויים . . .

אויך דער צווייטער חורבן, זאָגט די גמרא, איז געקומען ווייל שלא הוכיחו זה את זה — ווייל זיי האָבן ניט געשטראָפט איינער דעם אַנדערן . . .

און אויך היינט, האָב איך שטאַרק מורא ,אַז מיר ליידן, ווייל מיר האָבן ניט דעם ריכטיקן שטראָפער און עס פעלט אונדז די מאָראַלישע שטאַרקייט צו פאַרנעמען שאַרפע שטראָפרייד פון אונדזערע גייסטיקע פירער . . .

אָבער, מיר דאַרפן אויך וויסן ,ווי צו שטראָפן אין דער היינטיקער בלוטיקער צייט פון חורבן און אומקום פאַר דער גאַנצער מענשהייט, וואָס האָט מיטגעבראַכט די גרעסטע טראַגעדיע פאַר אונדזער פאָלק!

מיר דאַרפן גיין אין די וועגן פון אונזערע געטלעכע שטראָפער, די נביאים, וועלכע האָבן געהאַט פאַר זיך אַ מוסטער פון דעם „אב לנביאים״, פון משה רבנו, וועקנ־דיק דעם מאָראַלישן מוט, שטאַרקנדיק דעם בטחון און תמיד שליסן די שטראָפרייד ווי משה רבנו האָט געשלאָסן זיינע דברי תוכחות פון דער היינטיקער סדרה:

„אל תיראם כי ד׳ אלקיכם הוא הנלחם לכל״ — — — — — — — — — — — — — —

# ואתחנן

## שבת נחמו — דער שבת וואָס זינגט צו אונדז מיט דעם הער־לעכן גאולה אָנזאָג פון דעם טרייסטער־נביא — די פאַר־בינדונג פון משה רבנויס "ואתחנן" און ישעיה׳ס "נחמו נחמו עמי" — דער סוד פון אונדזער גבורה און ענדלעכן נצחון

„נחמו נחמו עמי יאמר אלקיכם" — רבי חנינא בר פפא אמר: אמרו ישראל לישעיה: ישעיה רבנו, תאמר שלא באת לנחם לאותו הדור שחרב בית המקדש בימיו? אמר להם לכל באתי לנחם — „אמר" אלקיכם אין כתיב כאן, אלא „נאמר" ואלקיכם. (ילקוט שמעוני).

„כי מי גוי גדול אשר לו אלקים קרובים אליו" — איזו אומה כאומה זו שיודעת אופיה של אלוה. (ירושלמי ר"ה פרק א׳).

„כי מי גוי גדול" — איזו אומה שגאלה אלקים כאומה זו. (מדרש ילמדנו)

„ואתם הדבקים" — ומה אם כשהוא מזדוג לבשר ודם זוכה להיות כמותו, ישראל שמדבקים לחיו של עולם על אחת כמה וכמה שיהיו קיימים לעולם. (ילקוט שמעוני).

אין לעאָן פויכטוואַנגערס באַרימט בוך „יוסיפוס" איז דאָ אַ געשפּרעך צווישן דעם אידישן פּריסטערלעכן אינטעליגענט, וועלכער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט פאַר דער גריכיש־רוימישער קולטור, און זיין רוימישן פריינט אַ פאַטריציער פון הויכן קולטור־רעלן שטאַנד, וועלכער זאָל האָבן געזאָגט זיין אידישן פריינד, שפּאַצירנדיק אין דעם אַלטן רוים:

„איר אידן, זייט דאָך גליקלעכער פון אונדז רוימער . . . עס איז אמת, אַז מיר קענען באַווייזן גרויסע דערגרייכונגען אין טעכניק, אין שטאַטס־וועזן, אין אָרגאַ־ניזאַציע און רעכטס־ווּיסנשאַפט. אָבער דאָס אַלץ קענט איר, ווי יעדעס פאָלק דערגרייכן דורך לערנען, איר קענט זיך אויסלערנען צו זיין גוטע מיליטאַריסטן, פעאיקע שטאַטס־מענער און פאָליטישע פירער. דערפאַר האָט איר עפּעס, וואָס קיינער קען פון אייך ניט אַוועקנעמען און מיר וועלן עס קיינמאָל ניט לערנען, ווייל דאָס איז אַן אייגנאַרטיקע אייגנשאַפט פון אייער פערזענלעכקייט. — איך מיין: אייער פיינע פעאיקייט צו פילן ג—ט . . . מיר, רוימער, זיינען טעמפּ אין דער הינזיכט" . . .

אָט די דאָזיקע ווערטער פון דעם רוימישן פאַטריציער־אינטעליגענט ווערן פאַר מיר רעאַל און לעבעדיק גראַדע דעם „שבת נחמו" ווען מיר לייענען די סדרה „ואת־

חנך״, אין וועלכער די תורה דעקט אָפּ דעם קוואַל פון העכסטער גליקזעליקייט, וואָס קוועלט און שפרודלט אין די טיפע אָפּגרונטן פונם היסטאָרישן אידנטום — אַט יענער אומדערשעפּלעכער קוואַל, פון וואַנען אונדזער פאָלק האָט געשעפּט זיין אייביק ליכטיק לעבן און זיין אומבאַזיגבאַרע גבורה קעגן אַ וועלט מיט שונאים אין אַלע זיינע גלות׳ן, אין אַלע זיינע נאַציאָנאַלע חורבנות, גירושים, רדיפות און שחיטות, זינט פּרעה מלך מצרים ביז דעם היינטיקן בלוטיקסטן צורר היהודים, היטלער הרשע ימח שמו . . .

און ערשט נאָכדעם ווי איר האָט זיך פאַרטיפט און פאַרגייסטיקט מיט די הייליקע ווערטער פון דער היינטיקער סדרה, ווי זיי ווערן דערקלערט און אויסגעטייטשט פון אונדזערע גייסטיקע ריזן די חכמים פון תלמוד און מדרש —ערשט דאַן דערפרישט איר זיך מיט דעם קוואַל פון נחמה, וואָס שטראָמט פון דעם גרויסן נביא־טרייסטער:

„נחמו נחמו עמי
יאמר אלקיכם!״
טרייסט טרייסט מיין פאָלק,
זאָגט אייער ג—ט.

ווארום אין דער היינטיקער בלוטיקסטער צייט פון אונדזער לאַנגן ביטערן גלות, ווען די מורא׳דיקסטע טראַגעדיע שפּילט זיך אָפּ פאַר אונדזערע אויגן; ווען איוב׳ס צרות קומען אויף אונדז איינע נאָך דער אַנדערער מיט דער שנעלקייט פון „עוד זה מדבר וזה בא״; ווען עס ליגן פאַר אונדז אויסגעוואָרצלטע רואינירטע קהלות, וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן פאַר הונדערטער יאָרן; ווען די געשרייען פון טויזנטער געפייניקטע אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן און פון די פאַרצווייפלטע אויסגעהונגערטע, אויסגעמוטשעטע פליכטלינגע, וואָס געפינען זיך אויף די שבעה ימים, צורייסן די שטורמע הימלען און מאַכן ציטערן די לופט פון דער וועלט; ווען עס קוקן צו אונדז אַרויף די פאַרגלעזערטע יאוש׳פולע אויגן פון די אידישע קרבנות וועלכע ליגן איצט אויף דעם תהום פון ים, וועלכער האָט זיי באַפרייט פון זייערע צרות — איצט, נאָך טשעמבערליינ׳ס שוואַרצן „ווייס־פּאַפּיר״ און נאָך מעקדאָנאַלד׳ס פינסטערע גזירה אָפּצושטעלן די אידישע אימיגראַציע קיין ארץ ישראל אויף זעקס חדשים — איצט זאָג איך וואָלטן מיר ניט געקענט, ניט געדאַרפט און אפילו ניט געטאָרט טרייסטן אונדזער אבל־פאָלק, בעת אונדזערע מתים ליגן נאָך פאַר אונדזערע אויגן ,אין אַלע קהלות און תפיסות פון דעם אייראָפּיאישן גיהנום! . . .

„אל תנחם את חברך בשעה שמתו מוטל לפניו״ — (אבות ד׳) — — — — — —

און עס ליגן נאָך פאַר אונדז די מתים . . . זייערע געפייניקטע קערפּערס זיינען נאָך ניט פאַרקילט געוואָרן . . . אַלטע ,שיינע שעפערישע קהלות אידישע פון בערלין, פראַנקפורט, ברעסלאַו, קעניגסבערג, ווין פּראַג פּרעסבורג ,און צענדליקע אַנדערע אידישע געמיינדעס, וועלכע זיינען געוואָרן אָפּגעווישט און אַ תל געוואָרן פון זייערע מיטגלידער? ווער עס איז רואינירט און פאַרפייניקט אין קאָנצענטראַציע לאַגערן, ווער עס איז אומגעקומען דורך די קוילן פון געסטאַפּאָ און ווער עס איז אַנטלאָפן און גע־

פינט זיך איצט אויף אייניקע פּאַרפעסטעטע שיפן און ווען דער שווערד האָט ניט דערשלאָגן, האָט דערגרייכט דעם הונגער טויט און מגפות . . .

און דערהערנדיק דעם טרייסט געזאַנג וואָס דער נביא הגאולה האָט מיט אַזא טיפער צערטלעכער פּאַלקסליבע, מיט פלאַמיקער התלהבות און מיט אַזוי פיל פּאָעטישער שיינקייט אויסגעזונגען, וואָלט איר געפילט ווי דאָס וואָלט חלילה געווען אַ „שירה יתומה", אַ פּאַר'יתומ'ט ליד, וואָס איז געקומען פון אַ זינג־פויגל אַנזאָגן דעם אַנקום פון זומער בעת אַלץ אַרום איז קאַלט און פאַרפרוירן און די בייזע ווינטער זאַווערוכעס בו־שעווען אומדערבאַרעמלעך ! . . .

אָבער, ערשט נאָכדעם, ווען מיר האָבן דורכגעלייענט די סדרה ואתחנן קלינגען און זינגען פאַר אונדז די טרייסט־ווערטער פון דעם נביא מיט זייער פולער פרישקייט, שטאַרקייט און אמת'דיקייט, ווי ווען זיי זיינען אויסגעזונגען געוואָרן צו די פאַרטריבע־נע אידן אין דעם גלות בבל.

ווי דער ילקוט שמעוני זאָגט אַז ישעיה הנביא'ס טרייסט־נבואה איז געזאָגט געוואָרן פאַר אַלע דורות:

„אמרו ישראל לישעיה: ישעיה רבנו, תאמר שלא באת לנחם אלא אותו הדור שחרב בית המקדש?" — די אידן האָבן געפרעגט ישעיה'ן: ישעיה אונזער רבי, מיינסטו צו זאָגן אַז דו ביסט געקומען טרייסטן בלויז צו יענעם דור וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן אין זיינע טעג?

אמר להם: לכל הדורות באתי לנחם" — האָט דער נביא זיי געענטפערט: — איך בין געקומען טרייסטן פאַר אַלע דורות. ‚אמר" אלקיכם לא כתיב כאן אלא "יאמר" אלקיכם — עס שטייט דאָך דאָ ניט געשריבן „האָט געזאָגט" אייער ג—ט, אין לשון עבר, נאָר „יאמר" אין לשון הווה ועתיד.

דעריבער רעדט צו אונדז די טרייסט־נבואה אויך צו אונדזער היינטיקן און לעצטן גלות:

נחמו נחמו עמי !

טרייסט, טרייסט מיין פאָלק, אין דייטשלאַנד, אין פוילן ,אין רומעניע, אין רוסלאַנד און טרייסט מיין פאָלק אין ארץ ישראל ! . . .

ווארום אין דיינע טיפסטע און ביטערסטע ליידן ביזטו נאָך אַלץ דאָס גליקלעכ־סטע פאָלק אויף דער וועלט . . .

כי מי גוי גדול אשר לו אלקים קרובים אליו כד' אלקינו בכל קראנו אליו". ווארום וואו האָט איר אין דער גאַנצער וועלט אַזוי גרויס פאָלק, וואָס ג—ט זאָל אים זיין אַזוי נאָענט ווען נאָר עס רופט צו אים.

די געניאַלע ג—ט־דערקענטניש וואָס ציט זיך דורך דעם אידישן פאָלק פון אברהם אבינו דורך אַלע אונדזערע נביאים, חכמים, תנאים, אמוראים גאונים, מקובלים און קדושים ,איז די אייגנשאַפט פון דעם עם ישראל . . . קיין פאָלק אויף דער וועלט איז

ניט באַשאַנקען מיט דעמדאָזיקן זעקסטן חוש צו פילן ג—ט און זען ג—טלעכע וויזיעס, ווי די קינדער פון אידישן פאָלק . . .

אין זיין בוך „די ביבלישע אַלטערטימער", שרייבט דער באַרימטער קריסט־לעכער אַרכעאָלאָג און געלערטער, פאול וואלץ, אַז די עטישע דערקענטניש פון ג—ט, פאַרבינדנדיק דעם וועלטן־באַשאַפער מיט דער זיטלעכקייט־לערע איז אַ געניאַלע דער־פינדונג פון די אידן, וועלכע קען ניט וויסנשאַפטלעך דערקלערט ווערן.

דאָס איז אַלזאָ געווען דער „זעקסטער חוש" פון דעם אידישן פאָלק, צו דער־זען, ג—ט אין זיין עטישער אויסשטראַלונג, ווי אברהם אבינו האָט אים געפרעגט: „השו־פט כל הארץ לא יעשה משפט?"

דערקענענדיק ג—ט האָבן די אידן אויך דערקענט זיינע מידות, זיין כאַראַקטע־ריסטיק, און דאָס איז דער טיפער געדאַנק פון דער תלמודישער אויסטייטשונג פון דעם פסוק „ כי מי גוי גדול".

„איזו אומה כאומה זו שיודעת אופיה של אלוה" (ירושלמי ר"ה פ' א') — וועל־כע אומה איז ווי די אידישע אומה וואָס ווייסט די כאַראַקטעריסטיק, די מידות הייסט עס ,פון ג—ט . . .

דער מדרש „ילמדנו" זאָגט אויף דעם פסוק „כי מי גוי גדול" — איזו אומה שגואלה אלקים כאומה זו —וואָס פאַר אַ פאָלק איז איר אויסלייזער ג—ט אַליין ווי די דאָזיקע אומה . . .

דער מדרש האָט דערפילט אַז אין דעם פסוק פון דער תורה ליגט באַהאַלטן דער סוד פון אונדזער גאולה און דער כח פון אונדזער נצחון איבער אונדזערע שונאים, און די טרייסט־נבואה פון ישעיה איז מער ניט ווי אַ ירושה אויף דער היינטיקער סדרה...

און ווייל מיר זיינען אַזוי נאָענט צו ג—ט, האָבן מיר מיט אים באַהעפט. און די דאָזיקע באַהעפטונג איז דער יסוד פון נצח ישראל לא ישקר . . .

„ואתם הדבקים בד' אלקיכם חיים כלכם היום" — זאָגט אויף דעם דער ילקוט שמעוני: מה דאָך ווען אַ מענש באַהעפט זיך מיט אַן אַנדער מענשן איז ער זוכה צו ווערן אַזוי ווי יענער, היינט אַ פשיטא שוין די אידן „שמדובקים לחיו של עולם על אחת כמה וכמה שיהיו קיימים לעולם" — די אידן וואָס זיינען באַהעפט מיט דעם לעבן פון דער אייביקייט, וועלן זיי דאָך אַודאי און אַודאי לעבן אייביק . . .

און דעריבער איז:

נחמו נחמו עמי ! . . .

היינט, „ומי גוי גדול אשר לו חוקים ומשפטים צדיקים ככל התורה הזאת אשר אנכי נותן לפניכם היום" — און וואו האָט איר נאָך אַזאַ גרויס פאָלק וואָס האָט אַזעל־כע גערעכטע דינים און עטישע געזעצן ווי אונדזער תורה!

ביי אַנדערע פעלקער קענען אַזעלכע „משפטים צדיקים" ניט זיין, ווייל זיי זייי־נען ניט נאָענט צו ג—ט און זיי פעלט דער חוש צו וויסן „אופיה של אלוה" . . .

מיר האָבן דערפילט אַז דער „אופי של אלוה" איז דער מקור הצדק החסד והטוב, האָבן מיר דעריבער „חוקים ומשפטים צדיקים" . . .

האָבן מיר זיך גע'טובל'ט אין דעם מקור הצדק, החסד והטוב, איז דעריבער אונדזער קולטור געוואָרן דער קוואַל פון גערעכטיקייט, פון חסד און גוטסקייט.

מיר האָבן זיך באַהעפט מיט דעם אין־סוף איז דעריבער אונדזער לעבן געוואָרן אין סוף . . . און דעריבער:

נחמו נחמו עמי! . . .

מעג די וועלט ווי פינסטער זיין, מעגן מיר ווי גרויזאַם פאַרפאָלגט ווערן, ווייסן מיר דאָך, אַז מיר וועלן מוזן אַרויסקומען זיגער פון דעם מורא'דיקן קאַמף וואָס ווערט געפירט אַנטקעגן אונדז פון די פינסטערע מענשנפיינטלעכע כחות אויף דער וועלט . . .

אָט דאָס אַלץ האָט משה רבנו געפונען פאַר נויטיק צו דערקלערן די יונגע אידן, וועלכע זיינען אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין דעם מדבר און וועלכע האָבן נאָך געדאַרפט דורכמאַכן אַ שווערן און בלוטיקן קאַמף פאַר דעם ארץ אבות . . .

שטייט דער גרעסטער נביא און וואונדערלעכסטער באַפרייער, דער געטרייסטער פאָלקס פירער און לערער, משה בן עמרם, על ראש הפסגה, אויף דעם סאַמע שפּיץ באַרג, וואוהין ג—ט האָט אים געהייסן אַרויפגיין און וואַרפן זיינע שמאַכטנדיקע בליקן אויף אַלע זייטן פון געגאַרטן לאַנד . . .

זיין גרויס הארץ איז באַלאַדן מיט אַ טיפער בענקשאַפט . . .ווי זייער וואָלט ער געוואָלט זען זיין הייס־געליבט פאָלק, עטאַבלירט אויף זיין לאַנד! האָט ער דאָך, ווי אַ געטרייע מוטער, געטראָגן אַלע יסורים און לאַסטן פון זיין פאָלק, געקעמפט און געליטן פאַר זיי און פון זיי, איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר זיי, און מיט אַזוי פיל געדולד זיי דערצויגן און געלערנט מיט זיי, ווי אַזוי זיי זאָלן פירן זייער לעבן און ווי אַזוי זיי זאָלן זיך איינאָרדענען אין זייער לאַנד אַלס „אור גוים", מיט אַ „תורה קולטור" וואָס זאָל באַלייכטן די גאַנצע מענשהייט מסוף העולם ועד סופו! . . .

און איצט שטייט ער שוין מיט די אידן אויף דער זייט ירדן, און שווערע בלוטיקע קאַמפן דערוואַרטן נאָך דעם אידישן פאָלק ביז ער וועט קומען אל המנוחה ואל הנחלה — און פונקט אַזוי ווי אַ מוטער וואָס מאַכט חתונה אַ בת יחידה, פאָרט אַוועק אין אַ נייער פרעמדער היים, וויל מיטפאָרן מיט איר געליבט קינד און זען ווי זי וועט זיך דאָרט איינאָרדענען און איינלעבן — אַזוי בעט זיך משה רבנו ביי ג—ט, ער זאָל אים דערלויבן אַריבערגיין דעם ירדן און זען מיט זיינע אויגן דאָס לאַנד, וואָס איז באַשטימט צו ווערן די נאַציאָנאַלע היים פון אידישן פאָלק.

„אעברה נא ואראה את הארץ הטובה אשר בעבר הירדן" . . .

און ווען ג—ט זאָגט, אַז זיין גורל איז פאַרזיגלט, וואָרום יהושע וועט אַריינפירן און צוטיילן דאָס לאַנד צווישן די אידן, ווייזט אונדז משה רבנו אַ ביישפּיל פון געדולד און בטחון אין ג—ט .ער אונטערוואַרפט זיך אונטער זיין גורל — דער גורל פון אַלע גרויסע אידעאַליסטן פאָלקס־באַפרייער און מענשן־באַגליקער, וועלכע זיינען פאַראורטיילט

צו דעם „ושמה לא תבוא״—זיי טאָרן ניט געניסן די פרוכטן פון זייערע קאַמפן און ליידן . . .

שטייט ער, דער גרעסטער נביא פון אַלע צייטן און אַלע דורות, אויף דעם ראש הפסגה, און זיין ג—טלעכע אספקלריה המאירה מאַכט אים זען ווי דער מדרש זאָגט, „מסוף העולם ועד סופו״ — פון איין עק וועלט ביז צו דעם אַנדערן . . . ער דרינגט דורך אַלע דורות און אַלע צייטן און ער זעט די גורל׳האַפטע וואונדער געשיכטע פון זיין פאָלק פון אַלע אירע שאָטן און זונען־זייטן . . . ער זעט דורות גאַנצע פון נביאים, תנאים, גאונים, העלדישע מאַרטירער, קדושים וטהורים, צדיקים, מקובלים, חכמים, פיטנים, פי־לאָזאָפן און דיכטער, און די אינספיראַציע פון זייער שעפערישקייט ציט זיך פון איין קוואַל — דער טיפער פאַרגייסטיקטער ג—ט דערקענטניש און זיין תורה, וואָס איז געווען דער זין און תכלית פון זייער לעבן.

אָט די דאָזיקע ג—ט דערקענטניש איז פון זיי אַלץ טיפער אַנטוויקלט, פאַר־פייגערט געוואָרן מיט די אידעאַלן פון „חוקים ומשפטים צדיקים״ פון וועלכע דאָס גאַנ־צע קונסט־געוועב פון דעם טראַדיציאָנעלן אידנטום איז אויסגעפורמט געוואָרן מיט דינאַמישן אינהאַלט און קאַלירפולן נוסח . . .

און משה רבנו דערציילט די יונגע אידן, וועלכע דאַרפן נאָך קעמפן פאַר זייער היימלאַנד, איבערחזורנדיק מיט זיי די וואונדערלעכע קאָסמישע סצענע פון קבלת התו־רה ביים באַרג סיני, דעם פסוק פון קדוש השם, יחוד השם און אהבת השם — שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד — מיט וועלכן אונדזערע קדושים און מאַרטירער זיינען גע־גאַנגען אויף אַלע עשאַפאָטן, געשפרונגען אין אַלע פייערן און אַלע וואַסערן . . .

„און גאָט האָט גערעדט צו אייך פון דעם פייער . . . „קול דברים אתם שומ־עים ותמונה אינכם רואים זולתי קול״ — אַ שטימע פון ווערטער האָט איר געהערט, אָבער איר האָט ניט געזען קיין שום געשטאַלט, בלויז אַ שטימע . . .

קיין פיזיש בילד, קיין מאַטעריעלע געשטאַלט, בלויז אַ גייסטיקע שטימע האָט זיך דורכוויברירט אין דעם געביט פון אידישן פאָלק — די קאָסמישע שטימע פון דער נשמה פון דער וועלט, וועלכע איז געקומען צו פּראָקלאַמירן די גרונט־פּרינציפּן פון זיין תורה־קולטור . . .

יא, „כי מי גוי גדול . . .״ וואו איז נאָך דאָ אַזאַ פאָלק אויף דער וועלט, וואָס האָט אַזאַ געהייליקטן, פאַרגייסטיקטן געמיט, אין וועלכן עס לעבט די וואונדערלעכע, וועלט־דערלייזנדיקע באַרג סיני סצענע ! . . .

אָט אין דעם ליגט דער סוד פון אונדזער אייביקייט און אונדזער אומבאַזיגבאַ־רע גבורה, און דעריבער איז די היינטיקע סדרה אַזוי גוט צוגעפּאַסט צו דער סדרה ואתחנן, ווייל ישעיה׳ס טרייסט־נבואה איז אַ פירוש צו משה׳ס תורה פאַר אַלע דורות, און דעריבער זאָל געבענשט זיין דער היינטיקער שבת און די קומענדיקע שבתים פון די „שבע לנחמותא״, וועלכע ברענגען אונדז די זוניקע זיסע גאולה־געזאַנגען פון דעם טרייסטער־נביא, וועקנדיק אין אונדז מוט און האָפנונג, גלויבן און גבורה אין אונדזער היינטיקער טראַגישער צייט.

# עקב

## ארץ ישראל איז אונדז געגעבן געוואָרן דורך יסורים, און דורך צער און פּיין וועלן מ י ר ע ס ו ו י ד ע ר ג ע װ ו י נ ע ן . . .

„תניא, רבי שמעון בן יוחאי אומר: כתיב: „כי כאשר ייסר איש את בנו כן ד׳ אלקיך מיסרך״, וסמיך ליה: „ כי ד׳ אלקיך מביאך אל ארץ טובה״ — מלמד, שלא נתנה ארץ ישראל לישראל אלא על ידי יסורים״.

אין דער היינטיקער סדרה „עקב״ געפינען מיר דעם שליסל צו דער אייגנאַרטי־קער טיפער רעליגיעזער פילאָזאָפיע פון דעם אידנטום, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט זיין ג—ט קולטור און תורה ציוויליזאַציע פאַר דעם אייביקן אומפאַרענדלעכן יסוד און תכ־לית פון דעם גאַנצן וועלט באַשאַף . . .

אין זיין אומענדלעכער חכמה האָט ג—ט באַשאַפן די וועלט און אַריינגעגעבן אין איר אייזערנע געזעצן, די „כחות הטבע״, לויט וועלכע זי זאָל זיך אַנטוויקלען און פּראָגרעסירן צו העכערע מדרגות פון פולקאָמענהייט . . .

אין זיין אומענדלעכן חסד האָט דער בורא אַלס דערגענצונג צו זיין יצירה, באַשאַפן די תורה און אַריינגעגעבן אין איר די ליכטיקע, דערהויבענע געזעצן פון זיין חכמה, חסד, רחמים, צדק, גבורה, יופי, הוד און תפארת, וועלכע זיינען אייזנפעסט, אומפאַרענדלעך און אייביק, ווי די כחות פון דער נאַטור . . .

אונדזערע חז״ל זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבן געזאָגט, אַז די תורה ווי זי איז איבערגעגאַנגען געוואָרן צו די מענשן, איז נאָך שטאַרקער און אומפאַרענדלע־כער ווי די כחות הטבע. וואָרום בעת די געזעצן פון דער נאַטור קען ג—ט ענדערן לויט זיין ווילן, קען ער, כביכול, ניט ענדערן אַ דין פון דער תורה . . . דאָס ווערט קלאָר איי־לוסטרירט דורך דעם וואונדערלעכן און הייסן ויכוח צווישן די תנאים רבי אליעזר בן הורקנוס און די חכמים, איבער דער פראַגע צי אַ „תנור של עכנאי״ (אַ אויוון וואָס איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע חלקים און האָט אויסגעזען ווי אַ שלאַנג) איז מקבל טומאה אָדער ניט? ווי עס ווערט דערציילט אין דער (מסכת בבא מציעא נ״ט) רבי אליעזר האָט עס מטהר געווען און די חכמים האָבן עס מטמא געווען.

״אין דעם טאָג — דערציילט די גמרא — „האָט רבי אליעזר געבראַכט אַלע ראיות וואָס זיינען דאָ אויף דער וועלט, צו באַווייזן אַז דער דין איז ווי ער האָט גע־

פסק'נט, און די חכמים האָבן זיינע באַווייזן ניט אָנגענומען. ווען ער האָט געזען אַז קיין לאָגישע אַרגומענטן העלפן אים ניט, האָט ער זיך געווענדעט צו די כחות פון דער נאַטור.

"אויב דער דין איז ווי איך זאָג, זאָל דער באָקסער בוים באַווייזן" — האָט רבי אליעזר געזאָגט — „האָט זיך דער באָקסער־בוים אויסגעריסן פון זיין אָרט.

האָבן די חכמים אים געזאָגט: „מ'ברענגט ניט קיין ראיה פון אַ באָקסער־בוים", ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ דין פון דער תורה . . .

האָט ר' אליעזר גערופן דעם שטראָם וואַסער, ער זאָל באַווייזן אַז ער איז גע־רעכט האָט זיך דער שטראָם אומגעקערט און גענומען גיין אויף צוריק. און די חכמים האָבן אויך דעם באַווייז ניט אָנגענומען. וואָס ווייס אַ שטומער שטראָם וואַסער וועגן אַ דין פון דער תורה ? . .

האָט ר' אליעזר אַפּעלירט צו די ווענט פון בית המדרש. האָבן זיי זיך גענומען איינבויגן און געסטראַשעט איינצופאַלן . . .

„גער בהם ר' יהושע" — האָט זיך ר' יהושע וועלכער האָט געהאַלטן מיט די חכמים אויף זיי אָנגעבייזערט זאָגנדיק, „אויב תלמידי חכמים זיינען זיך מנצח איינער דעם אַנדערן אין הלכה, וואָס מישט איר זיך אַריין?" דאָס איז ניט אייער עסק . . .

זיינען די ווענט ניט איינגעפאַלן צוליב דעם כבוד פון יהושע, אָבער זיי האָבן זיך אויך ניט אויסגעגלייכט צוליב דעם כבוד פון ר' אליעזר . . .

און ווען ר' אליעזר האָט געזען אַז די ראיות פון די נאַטור געזעצן זיינען ניט שטאַרק גענוג צו איבערצייגן די חכמים, אַז דער דין איז ווי ער פּסק'נט, האָט ער זיך גע־ווענדעט צו הימל:

„מן השמים יוכיחו" — פון הימל וועט מען באַווייזן, אַז איך בין גערעכט. איז אַרויס אַ בת קול און געזאָגט: וואָס ווילט איר פון ר' אליעזר'ן וואָס דער דין איז ווי ער פּסק'נט אומעדום . . .

„עמד ר' יהושע על רגליו" — האָט זיך ר' יהושע אויפגעשטעלט אויף זיינע פיס און געזאָגט:

„לא בשמים היא" — די תורה איז ניט אויפן הימל, מיר קוקן ניט אויף דעם בת קול . . . „שכבר כתבו בתורה בהר סיני: אחרי רבים להטות — ווארום דו רבונו של עולם האָסט שוין לאַנג צוריק געשריבן אין דער תורה ביים באַרג סיני: די מיינונג פון דעם רבים, די מאַיאָריטעט איז אַנטשיידנדיק . . . און מיר זיינען דער רבים געגן ר' אליעזר'ן . . .

מיר לערנען פון דער דאָזיקער דראַמאַטישער תנאים דיסקוסיע, ערשטנס ווי אייזנפעסט און ווי הייליק איז דער פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע, פון דעם רבים, וואָס די תורה האָט שוין, מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק פּראָקלאַמירט ביים באַרג סיני . . .

און צוּוייטנס, אַז די געזעצן פון אונדזער הייליקער תורה זיינען שטאַרקער, און אמת׳דיקער פון די נאַטור געזעצן, וואָרום בעת ג—ט קען ענדערן ווען ער וויל, די נאַטור כחות, קען ער, כביכול, ניט ענדערן אַ פּרינציפּ פון דער תורה . . .

ווייל בעת דער גאַנצער קאָסמאָס איז מעשי ידיו של הקב״ה איז אָבער די תורה דער אור ד׳, דאָס ליכט, די אויסשטראַלונג פון ג—ט, וואָס איז אומפאַרענדלעך און אין סופ׳יק, ווי דער ג—טלעכער אין־סוף זעלבסט . . .

און דעריבער זאָגט די תורה :

„והיה עקב תשמעון את המשפטים האלה ושמרתם ועשיתם אותם, ושמר ד׳ אלקיך את הברית ואת החסד אשר נשבע לאבותיך״ — און עס וועט זיין ווייל איר וועט פאָלגן די דאָזיקע משפטים און איר וועט זיי אָפּהיטן און אויספירן, וועט ג—ט דיין האַר אָפּהיטן דעם בונד און די גנאַד וואָס ער האָט געשוואוירן צו דיינע אבות . . .

מיין ניט מיין געליבט פאָלק, אַז ווי באַלד איך האָב געשוואוירן צו דיינע עלטערן און געמאַכט מיט זיי אַן אייביקן בונד, אייך גרויס און גליקלעך צו מאַכן, וועל איך שוין קענען אָפּהיטן מיין שבועה אונטער אַלע אומשטענדן . . . איר זייט טאַקע ביי מיר אַן עם סגולה, אַן אויסדערוויילט פאָלק; איר האָט טאַקע זכות אבות, צוליב וועלכע איך האָב געשוואוירן „לא מאסתים ולא געלתים לכלותם להפר בריתי אתם״ — אינגאַנצן וועל איך ניט פאַרמיאוס׳ן און מיין בונד מיט אייך ניט צושטערן — אָבער איך האָב אין דער יצירה אַריינגעגעבן אַ געזעץ פון „סיבה ומסובב״, אורזאַך און עפעקט — ווען איינער טרינקט טויטלעך סם, מוז ער שטאַרבן .. . . ווען איינער שטעקט זיין האַנט אין פייער, מוז זי ברענען . . . דאָס זיינען אָבער נאָך אַלץ סיבות פון די נאַטור כחות וועלכע איך קען ענדערן לויט מיין ווילן . . . איך קען אָבער ניט ענדערן די עפעקטן פון די סיבות וועלכע קומען פון דער תורה, וואָרום „לא בשמים היא״ . . .

„והיה עקב״ — ווייל און צוליב דעם וואָס איר וועט אָפּהיטן די תורה, וועל איך קענען דערפילן די שבועה און דעם בונט מיט אייערע אבות . . .

עס איז אָבער דאָ נאָך אַ סיבה, נאָך אַן „עקב״:

„והיה אם שכח תשכח את ד׳ אלקיך והלכת אחרי אלקים אחרים וכו׳ — העדתי בכם היום כי אבד תאבדון״ — און עס וועט זיין, אויב פאַרגעסן וועסטו פאַרגעסן דיין ג—ט און וועסט נאָכגיין נאָך פרעמדע אָפּגעטער, דו וועסט זיי דינען און זיך בוקן צו זיי — בין איך אייך מתרה און זאָג היינט עדות, אַז פאַרלוירן וועט איר פאַרלאָרן גיין, ווי די פעלקער וואָס ג—ט האָט געמאַכט אונטערגיין פאַר אייך — עקב לא תשמע בקול ד׳ אלקיכם״ — ווייל איר האָט ניט געפאָלגט די שטים פון ג—ט אייער האַר . . .

דעריבער האָבן אונדזערע גרויסע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע נביאים מיט אַזאַ אומענדלעכער פאָלקס־ליבע און אַזאַ טיפן צער, פאַראויסגעזאָגט דעם פּאָליטישן אונטערגאַנג פון זייער פאָלק, ווייל צדק און יושר איז פאַר זיי געווען נאָך שטאַרקער ווי די נאַ־

טור געזעצן און אויב די אידן לעבן ניט מיט די אייביקע עטישע פרינציפן פון זייער תורה, דאַן העלפט ניט די גרויסע אהבה וואָס ג—ט פילט צו זיי . . . זיי מוזן געשטראָפט ווערן . . . זיי מוזן אויסגעלייטערט ווערן אין די יסורים פון גלות, און ג—ט אַליין, כביכול, ליידט מיט זיי . . . ער אַליין געפינט זיך מיט זיין פאָלק אין גלות, ווייל ער קען ניט ענדערן דעם עקב פון דער תורה . . . און ווען די אידן וויינען, וויינט ער, כביכול, מיט מיט זיי, ווייל ער קען ניט ענדערן דעם „עקב" פון זיין תורה . . .

און דאָס איז דער מיסטישער סוד פון „שכינתיה בגלותא", די שכינה געפינט זיך אין גלות צוזאַמען מיט איר געליבט פאָלק און שרייט: „קלני מראשי, קלני מזרעי..."

און דאָס איז דער זין פון דער לעגענדע, וואָס דערציילט, אַז ווען די אבות הקדושים האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר זייערע קינדער, ביי ג—ט ער זאָל אָפּשטעלן דעם חורבן, האָט ער זיי געענטפערט: „גזרה היא מלפני!" — דאָס איז אַ דעקרעט פון מיר, וועלכן איך קען כביכול, ניט צוריקציען . . . די פעסטע אייזערנע גזרה פון „עקב" . . .

און משה רבנו, וועלכער האָט איבערגע'חזר'ט זיין תורה מיט די יונגע, אין מדבר אויפוואַקסנדיקע אידן, ערב זייער אַריינדרינג אין ארץ ישראל, זוכט צו באַפעס־טיקן זיין תורה דורך פאַרטיפן אין זיי די גרויסע ריינע ג—ט־דערקענטניש, וועקן ביי זיי די אמת'ע אהבת השם און יראת השם און דערמוטיקן זיי אַז זיי זאָלן זיך ניט דער־שרעקן פאַר יסורים וואָס זיי וועלן קומען אל המנוחה ואל הנחלה, ווארום:

„. . . כי כאשר ייסר איש את בנו ד' אלקיך מיסרך" — ווי אַ פאָטער שטראָפט זיין קינד, מיט דערזעלביקער ליבע שטראָפט דיך ג—ט דיין האַר . . .

וואָרום ווען דער מענש האָט דעם טיפן דינאַמישן ג—ט גלויבן, דאַן פילט ער אַז ג—ט איז דער מקור הטוב והחסד און די יסורים דערהויבן אים צו העכערער אויס־לייטערונג און פולקאָמענקייט . . .

דעריבער האָבן אונדזערע חכמים דערהויבן די מענשלעכע יסורים צו דער העכסטער מדרגה, ווייל „גדולים יסורים שממרקין עונותיו של אדם" און די העכסטע גליקזעליקייט פון דעם מענשלעך לעבן פון יחיד ווי פון כלל קומען דורך יסורים . . .

די יסורים זיינען פון דער אידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע אַזוי סובלימירט גע־וואָרן, אַז די גרעסטע מתנות וואָס ג—ט האָט געגעבן צום אידישן פאָלק — די תורה, עולם הבא און ארץ ישראל האָט ער זיי געגעבן דורך פיין און ליידן, זאָגן אונדזערע חז"ל:

„תניא רבי שמעון בן יוחאי אומר: כתיב: כי כאשר ייסר איש את בנו כן ד' אלקיך מיסרך, וסמיך ליה: כי ד' אלקיך מביאך אל ארץ טובה — מלמד שלא נתנה ארץ ישראל לישראל אלא על ידי יסורים" (ברכות ח".) — האָבן געלערנט אין אַ ברייתא רבי שמעון בן יוחאי זאָגט: עס שטייט געשריבן: אַזוי ווי אַ מענש שטראָפט זיין קינד אַזוי שטראָפט דיר ג—ט דיין האַר און באַלד דערנאָך: ווארום ג—ט דיין האַר ברענגט דיר צו אַ גוט לאַנד — דאָס לערנט אונדז אַז ארץ ישראל איז ניט געגעבן געוואָרן צו אידן נאָר דורך יסורים . . .

און די דאָזיקע יסורים פילן מיר אויך איצט ווען מיר שטייען ערב אונדזער אַריינדרינג אין ארץ ישראל . . . אונדזערע העלדישע חלוצים פירן אַן אַ הערויאישן קאַמף פאַר דעם רעכט אויף אונדזער לאַנד. פאַר יעדן שפּאַן ערד, פאַר יעדער פּאָזיציע באַצאָלן מיר מיט דעם בלוט און לעבן פון אונדזערע בעסטע און געטרייסטע קינדער. אָבער, מיר זיינען ניט פאַרצווייפלט, מיר האָבן באַצאָלט מיט אונדזערע לעבנס, דורך די אַלע דורות פאַר דער תורה; מיר קעמפן און באַצאָלן מיט אונדזערע לעבנס פאַר דעם עולם הבא, פאַר דער צוקונפטיקער בעסערער וועלט און מיר באַצאָלן איצט מיט בלוטיקע יסורים פאַר ארץ ישראל, און אַזוי ווי די תורה איז אמת און אַזוי ווי אַ בעסערע וועלט מוז און וועט אויסגעקעמפט ווערן, אַזוי זיינען מיר זיכער, אַז מיר וועלן אַרויסגיין די זיגער אין דעם איצטיקן לעצטן קאַמף פאַר אונדזער גאולה אין ארץ ישראל — — — —

# עקב

## וואָס פאַר אַ סאָרט יראת שמים משה רבנו האָט פאַרלאַנגט פון אידן — די יראת די וואָס אונדזערע חכמים האָבן דערהויבן צו העכסטער מדרגה פון רעליגיעזן לעבן.

„ ועתה ישראל מה ד׳ אלקיך שואל ממך כי אם ליראה" — אמר ר׳ חנינא: הכל בידי שמים, שנאמר „ועתה ישראל" וכו׳.
אטו יראת שמים מילתא זוטרתא היא? והאמר משום ר׳ שמעון בן יוחאי אין לו לחקב"ה אלא אוצר של יראת שמים, שנאמר (ישעיה ל"ג): „יראת ד׳ היא אוצרו" — אין, לגבי משה מילתא זוטרתא היא. (ברכות ל"ג).

אמר ריש לקיש: מאי דכתיב (ישעיה ל"ג) והיה אמונת עתיך חוסן ישועות חכמה ודעת יראת ד׳ היא אוצרו — „אמונת" זה סדר זרעים וכו׳ ואפילו להכי: „יראת ד׳ היא אוצרו".

אמר רבא בשעה שמכניסין אדם לדין אומרים לו: נשאת ונתת באמונה קבעת עתים לתורה? ואפילו הכי אי יראת ד׳ היא אוצרו, אי לא—לא. (שבת ל"א).

אמר ר׳ חמא בר פפא כל אדם שיש עליו חן, בוודע שהוא ירא שמים, שנאמר (תהלים ק"ג) „וחסד ד׳ מעולם ועד עולם על יראיו". (סכה מ"ט).

דרש בר קפרא: איזהו פרשה קטנה שכל גופי תורה תלוין בה? — „בכל דרכיך דעתו והוא יישר אורחותיך" (משלי ג׳).
(ברכות ס"ג).

„ליראה את ד׳ אלקיך" — יראה המתקשרת עם שם אלקים זהו יראת העונש, מפני ששם אלקים זהו מדת הדין, ויראה המתקשרת עם שם ד׳ זהו יראת הרוממות, כי שם ד׳ זהו מדת הרחמים, וכאן נאמר „ד׳ אלקיך" להראות על ב׳ מדרגות היראה לפי חילופי דרגות האדם. (הכתב והקבלה).

**דער יסוד פון רעליגיע איז די טיפע ג—ט דערקענטניש . . .**

**דער יסוד היסודות פון אַ רעליגיעזן לעבן איז יראת שמים, די מורא פאַר ג—ט . . .**

**און פונקט ווי דער ג—ט גלויבן האָט זיינע מדרגות אין דער מענשלעכער פאַרשטעלונג, „לפי כוחם של בני אדם" (זע „געקליבענע פערל פון פ׳ יתרו) אַזוי איז אויך די עמפינדונג פון יראת שמים לויט די גייסטיקע און פסיכישע כחות פון דער מענשלעכער פערזענלעכקייט . . .**

**אָבער, הכל מודים, אַז אָן דער עמפינדונג פון ג—ט אין דער טיפעניש פון**

דעם מענשלעכן וועזן קען ניט זיין קיין רעליגיעז לעבן. און אויב מיר ווילן ברענגען מענשן צו רעליגיע, מוזן מיר קודם כל זיי ברענגען צו ג—ט . . .

און דאָס באַציט זי ניט בלויז אויף אַטעאיסטן און אומגלויביקע, וועלכע מיר דאַרפן זוכן צו איבערצייגן דעם אומזין פון זייער אַטעאיזם און די טיפע טעמפּע נאַריש־קייט פון זייער אומגלויבן, נאָר מיר דאַרפן מונטערן און וועקן די גרויסע מאַסן, אַזוי גערופענע גלויביקע, וועלכע זיינען אַפּטמאָל ווייטער פון ג—ט, ווי די אומגלויביקע . . .

איר וועט געפינען אַ סך מענשן, וואָס גלויבן אין ג—ט און אין „יענער וועלט״ אפילו, אָבער דער גלויבן ליגט ביי זיי אַ טויטער אין האַרצן. ער איז ניט משפיע אויף זייערע מחשבות און ניט אויף זייערע מעשים.

און די זיינען צום באַדויער, דער רוב בנין ורוב מנין פון דער „גלויביקער״ מענשהייט, וועלכע האַלטן אויס רעליגיעזע פירער און שטיצן רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

און אויך מיר אידן זיינען געבענשט בעוונותינו הרבים, מיט אַט דער דער־שיינונג פון אַטראָפירטע און פּאַראַליזירטע ג—ט גלויבנס וועלכע שלאָגן אָן אָדער און ווערן אַביסל רירעוודיק אין די דריי טעג פון ראש השנה און יום כפור, אָבער אַ גאַנץ יאָר פילט מען זיי קוים . . .

און עס איז נאַטירלעך, אַז עלטערן מיט פּאַראַליזירטע ג—ט־גלויבנס אין זייערע הערצער קענען ניט משפיע זיין אויף זייערע קינדער . . . ווערט דעריבער, די אי־דישע יוגנט דערווייטערט פון דעם דינאַמישן קוואַל פון׳ם אידנטום און גייט אויס פון גייסטיקער אויסצערונג, ווערנדיק אָפּגעריסן פון אידישן ג—ט און אידישן פאָלק.

די אידישע יוגנט ווערט איצט געפּייניקט פון פאַרשיידענע ביטערע ספקות ניט האָבנדיק דעם טיפן ג—ט גלויבן, געפינט זי זיך בלאָנדזשענדיק אויף אַ שטורמדיקן ים אין אַ צעבראָכענער שיף, וואָס האָט ניט קיין קאָמפּאַס . . . ווערט זי, די אידישע יוגנט געטראָגן און געוואָרפן פון די כוואַליעס אָן אַ תכלית און אָן אַ ברעג . . .

און גראַדע איצט, אין דער טראַגישסטער צייט פון אונדזער מאַרטירער־גע־שיכטע איז דער אידישער באַוואוסטזיין וואַך געוואָרן אין אונדזער יוגנט, דאָס אידיש געמיט איז געוואָרן רעספּאָנסיוו געשטימט צו פאַרנעמען אַ רעליגיעזן מעסעדזש, אַ לויטערן רוף צו ג—ט, אין ווען די געפּייניקטע נשמה זוכט טרייסט און דערפרישונג.

איז, אָבער, די צרה וואָס אונדזערע מאָדערנע גייסטיקע פירער וועלכע ריידן די שפּראַך פון אונדזער יוגנט און פאַרשטיין, מער אָדער ווייניקער, אירע ווייטיקן און פּראָבלעמען, האָבן פאַרלאָרן די הויפּט־עובדא פון זייער הייליקער שליחות, און דאָס איז דעם רוף צו ג—ט אין אַ מאָדערנער פאָרם און צו אמת׳ער יראת שמים אין ליכט פון קולטור, וואָס מוז פירן דעם היינטיקן מענשן צו דער העכסטער גליקזעליקייט . . .

אדרבא, גייט אַריין אין די טעמפּלען און סינאַגאָגעס אין אַ שבת אָדער, אַ יום־טוב, און איר וועט הערן „סערמאָנס״ פון ראַבאַיס איבער אַלערליי טעמעס בוך־קריטיקן, רעצענזיעס, דיסקוסיעס איבער סאָציאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע, און פּאָליטיק,

אָבער זעלטן ווען, וועט איר הערן אַ סערמאָן איבער דער אייזערנער לאָגיק פון מציאות הבורא, איבער דער פילאָזאָפיע פון אמונה, איבער דער פאַרהעלטעניש צווישן ג—ט און מענש אין אַ מאָדערנער באַלייכטונג אָדער, איבער די יסודות פון רעליגיעזן אידנ־טום, וועלכע זאָלן זייערע צוהערער אַרויסהויבן פון זייער וואָכעדיקייט און אָנפילן מיט התרוממות הנפש און קדושה . . . די ליטעראַרישע, דראַמאַטישע און סאָציאַל־פּאָליטי־שע דיסקוסיעס פון די ראַבייס קענען ניט אָנפילן די געמיינדע מיט רעליגיעזן עקסטאַז, און אַודאי ניט די יוגנט, וועלכע הערן אַזעלכע אָפּהאַנדלונגען אין די אוניווערסיטעטן פון גרעסערע געלערטע.

רעליגיעזע פירער האָבן די אויפגאַבע צו וועקן דעם רעליגיעזן געפיל ביי זיי־ערע געמיינדעס, ברענגען צו זיי אַ פלאַמיק ג—ט'ס וואָרט, רופן זייערע צוהערער צו ג—ט גלויבן און ג—ט באַהעפטונג וואָס איז דער איינציקער וועג צו אַ ריינעם גייסטיקן און עטישן לעבן, פאַר דעם יחיד, ווי פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט . . .

נאַטירלעך דאַרף דער מאָדערנער פּרעדיקער זיך באַנוצן מיט די מאָדערנע וויסנשאַפטן צו באַלייכטן זיין רעליגיעזן שטאַנדפּונקט. ער איז, אָבער, ניט באַרופן צו מאַכן זיינע צוהערער פאַר ליטעראַרישע פיינשמעקער און טעאַטער־קריטיקער, פאַר דעם זיינען פאַראַן אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס —

אָט די געדאַנקען קומען מיר תמיד אויפן זינען, לייענענדיק דעם ספר דברים, וואו משה רבנו חזר'ט איבער מיט אידן די תורה און האַלט פאַר זיי „דברי תוכחות" דערמאָנענדיק די פאַרשיידענע היסטאָרישע מאָמענטן, שילדערנדיק אַזעלכע רירנדיקע בילדער און, תמיד, שליסנדיק מיט אַ רוף צו ג—ט־באַהעפטונג, צו אהבת השם און יר־את השם . . .

און שטייענדיק אין ערבות מואב, אויף דער זייט פון ירדן, האָט דער גרעס־טער נביא פון אַלע צייטן פאַר אים און נאָך אים געוויזן אַביישפּיל, אין דעם טאָג פאַר זיין אָפּשייד פון דער ערדישער וועלט, פאַר אַלע גייסטיקע פירער און רעליגיעזע פּרעדיקער, וואָס זייער אויפגאַבע דאַרף זיין, שטייענדיק אויף דער בימה פאַר זייערע געמיינדעס . . .

און אָט זעען מיר אים, דעם גרויסן תורה־געבער, אין דער היינטיקער סדרה „עקב", ווי ער מוסר'ט און וואָרנט די אידן פון אַלע צייטן, פאַרשפּרעכנדיק זיי די העכס־טע גליקן, ווען זיי וועלן זיך צוהערן און היטן די דאָזיקע געזעצן, און אַז זיי וועלן ליידן, אויב זיי וועלן נאָכגיין נאָך פרעמדע אָפּגעטער, און דערביי פליען דורך גייסטריי־כע בילדער פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט און בליציקע געדאַנקען, ווי „כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם" — ווארום ניט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענש, נאָר אויף אַלץ וואָס קומט אַרויס פון ג—ט'ס מויל לעבט דער מענש.

און „וידעת עם לבבך כי כאשר ייסר איש את בנו ד' אלקיך מיסרך" דאַרום זאָלסטו וויסן אין דיין האַרצן, אַז ווי אַ מאַן שטראָפט זיין קינד, שטראָפט דיר ד' דיין ג—ט.

און אַז דו וועסט האָבן גליק און וועסט ווערן רייך און מעכטיק, זאָלסטו ניט זאָגן: „כחי ועצם ידי עשה לי החיל הזה״ — מיט מיין כח און די מאַכט פון מיין האַנט האָט מיר פאַרשאַפט דעמדאָזיקן פאַרמעג . . . און זאָלסט געדענקען ד׳ דיין ג—ט, ווארום ער איז דער, וואָס גיט דיר כח אָנצושאַפן פאַרמעג, כדי אויפצושטעלן זיין בונד וואָס ער האָט געשוואוירן צו דיינע עלטערן, אַזוי ווי היינטיקן טאָג . . .

און אַריבערגייענדיק די פּאַסירונג פון דעם עגל, און ווי אַזוי ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר זיי ביי ג—ט, וועלכער האָט זיי מוחל געווען די זינד און זיי געגעבן אַנדערע לוחות, בעט זיך משה ביי זיין געליבט פאָלק:

„ועתה ישראל מה ד׳ אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה את ד׳ אלקיך ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו ולעבוד את ד׳ אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך״ — און איצט ישראל, וואָס פאַרלאַנגט ד׳ דיין גאָט פון דיר? נאָר בלויז מורא צו האָבן פאַר ד׳ דיין ג—ט, ווי צו גיין אין אַלע זיינע וועגן, און אים ליב צו האָבן, און צו דינען ד׳ דיין ג—ט מיט דיין גאַנצן האַרצן, און מיט דיין גאַנצער נשמה.

אונדזערע חכמים דרינגען פון אָט דעם פסוק אַ באַשטעטיקונג אויף „בחירת־חפשית״ — אַז דער מענטש וואָס איז אַלץ פאַראויסבאַשטימט געוואָרן פון זיין באַשאַפער, האָט דאָך אַ פרייען ווילן, איבער וועלכן ג—ט אַליין, כביכול, האָט קיין דעה ניט . . . דער מענטש אַליין איז דער בעל הבית איבער זיך און ער אַליין קען באַשטימען צו זיין אַ צדיק אָדער אַ רשע . . .

און די תורה בעט זיך ביים מענטשן אַז ער זאָל ניט זיין זיין אייגענער שונא . . .

„זאָגט רבי חנינא: אַלצדינג איז די הענט פון הימל, אַחוץ יראת שמים, ווייל עס איז געזאָגט געוואָרן: „ועתה ישראל מה ד׳ אלקיך שואל מעמך״ וכו׳ — דערי־בער בעט ג—ט וואָס ווייל זען דעם מענטשן גליקלעך, ביים מענטשן, ער זאָל האָבן יראת השם . . .

פרעגט די גמרא: איז דען יראת השם אַ קלייניקייט, האָט דאָך ר׳ חנינא אַליין געזאָגט אין נאָמען פון ר׳ שמעון בן יוחאי, אַז דער הייליקער געבענשט איז ער האָט ניט קיין אַנדער אוצר ווי נאָר יראת השם? ענטפערט די גמרא: יאָ, פאַר משה׳ן איז טאַקע יראת השם אַ קלייניקייט. (ברכות ל״ג).

אייגנטלעך איז דאָך יראת השם פאַר דעם גלויביקן מענטשן באמת אַ קלייני־קייט. קוים גלויבט ער, אַז עס איז דאָ אַ ג—ט מיט אַ גיהנום און גן עדן, אויף יענער וועלט, איז דאָך לייכט פאַר דעם פשוט׳סטן מענטשן מורא צו האָבן פאַר ג—ט, קעגן וועלכן קיינער קען זיך ניט שטעלן אין דעם יום הדין. טאָ ווארום פרעגט די גמרא: „אטו יראת ד׳ מילתא זוטרתא היא״?

און וואָס מאַכט מען דאָ אַזאַ ווען פון יראת השם, אַז דאָס איז דער איינציקער אוצר געבענשט איז ער? — די מורא פאַר שטראָף ליגט אין דער נאַטור פון די נידריק־סטע בעלי חיים . . .

און די גמרא (שבת ל׳) וויל נאָך האָבן אַז יראת ד׳ שטייגט אַריבער די ששה סדרי משנה, וואָס איז די גאַנצע תורה שבעל פה, און דער גרויסער אמורא רבא זאָגט דאָרט, אַז ווען דער מענש ווערט געבראַכט צום אויבערשטן משפט און מען פרעגט אים: האָסטו ערליך געהאַנדלט? האָסטו באַשטימט שטונדן פאַר תורה־לערנען? האָסטו געהאָט האָפנונג אויף הילף, האָסטו זיך מפלפל געווען אין חכמה און דערגרייכט צו דער מד־רגה פון הבנת דבר מתוך דבר? און ווען ער קען אויף אַלע פראַגעס ענטפערן מיט „יא״, איז דאָס נאָך אַלץ ניט גענוג. ווארום יראת ד׳ איז זיין אוצר. האָט ער עס געהאַט, איז גוט, טאָמער ניט — ניט . . .

ווארום האָבן די חכמים אונדזערע געמאַכט אַזאַ וועזן פון יראת ד׳, אַז זיי האָבן עס געמאַכט פאַרן גרעסטן אוצר פון ג—ט און מענש?

נאָר די יראת השם וואָס משה האָט פאַרלאַנגט פון די אידן און וועגן וועלכן אונדזערע חכמים האָבן גערעדט, איז ניט די פשוט׳ע מורא פאַר ג—ט צוליב די שטראָף, דאָס איז די זעלביקע מורא וואָס מענשן מיט פאַרברעכערישע אינסטינקטן האָבן מורא פאַר מלכות, פאַרן געזעץ פון דער מדינה, פאַר דעם פריזאָן.

אַזאַ יראת החטא איז נויטיק פאַר אַ סך מענשן, ווי זי איז נויטיק פאַר אַ מדינה, דעריבער האָבן אונדזערע חכמים געהייסן מתפלל זיין בשלומה של מלכות שאלמלי מוראה איש את רעהו חיים בלעו . . .

אָבער, פונקט ווי אַ מענשלעכע געזעלשאַפט שטייט אויף אַ זייער נידריקער מאָראַלישער מדרגה , ווען זי מוז האָבן אַ מלכות מיט פריזאָנס, איינצושרעקן פאַרברע־כער, אַזוי שטייט יעדער יחיד אויף אַ נידריקער מדרגה, ווען ער מוז האָבן יראת שמים אין דער פאָרמע פון מורא פאַרן גיהנום, כדי ער זאָל ניט באַגיין אַן עבירה . . .

און ניט אויף יענער יראת שמים איז געזאָגט געוואָרן „יראת ד׳ היא אוצרו״ . . .

די אמת׳ע לויטערע און געלייטערטע יראת שמים קומט פון דער טיפער לוי־טערער ג—ט דערקענטניש, וואָס פילט אָן דעם מענשן מיט התרוממות הנפש, מיט דער גוואַלדיקער דערהויבנדיקער ג—ט באַוואונדערונג פאַר זיין אין־סופי׳קער אַל־מאַכט . . .

דאָס איז דאָס זעלביקע געפיל וואָס באַהערשט דעם מענשן, ווען ער שטייט פאַר דעם ברויזנדיקן ים, פאַר ריזיקע בערג, אָדער ווען ער באַטראַכט דעם מאַיעסטע־טישן און סודות׳פולן זון־אונטערגאַנג אָדער זון־אויפגאַנג, וואָס מאַכן ציטערן האַרצן מיט אַ שטימונג וואָס קען בלויז באַצייכנט ווערן אַלס רעליגיעז . . .

יראת שמים מיינט דערפילן די אייגענע נישטיקייט געגנאיבער דער אומענד־לעכער גרויסקייט פון ג—ט. יראת ד׳ מיינט יראה מאהבה, די ערפורכט וואָס דער מענש דערפילט צו ג—ט אויס זיין ליבשאַפט און פאַרערונג צו אים.

דער מענש וואָס איז געבענשט מיט אַזאַ יראת ד׳ איז פון די בני עליה . . . ער איז תמיד ריין פון זינד, ווייל ער טראָגט תמיד אַ לעבעדיקן דינאַמישן ג—ט גלויבן אין זיין האַרצן, וואָס פאַרפלייצט אים מיט אהבת השם און אהבת הבריות . . .

אַט אויף אַזאַ סאָרט יראת שמים זאָגט ר׳ חמא בר פפא: „כל אדם שיש עליו חן בידוע שהוא ירא שמים (סוכה מ״ט): ווארום אַ מענש, וואָס האָט דעם אמת׳ן חן, מוז זיין באַלעבאָס פון ג—ט׳ס חסד .. . . .

און אַזאַ מדרגה פון יראת שמים איז גאָר גאָר אַ הויכע און אַ שווער׳ע און לא כל אדם זוכה צו פילן ג—ט אין אַלע זיינע מחשבות און מעשים. פאַר אַזאַ אדם העליון איז טאַקע אַ קלייניקייט מקיים צו זיין די גאַנצע תורה. אַזאַ מענש דינט ג—ט אויף אַלע זיינע וועגן, וועלכע ווערן פאַר אים גלייך און גלאַט.

„ דרש בר קפרא: וועלכע איז אַ קלייניקע פרשה׳לע וואָס איז כולל די הויפט יסודות פון דער תורה? דאָס איז דער פסוק (אין משלי ג׳) „בכל דרכיך דעהו והוא יישר אורחותיך״. — דו טראָג נאָר ג—ט אין האַרצן אויף אַלע דיינע וועגן, און ער וועט שוין זיי אויסגלייכן, ווי פאַרדרייט זיי זאָלן ניט זיין . . .

אַט דער טיף רעליגיעזער געדאַנק וועגן די מדרגות פון יראת ד׳ ווערט קלאָר אַרויסגעבראַכט אין דעם „הכתב והקבלה״, וועלכער ציט אַן אונטערשייד צווישן „יראת ד׳ ״ און „יראת אלקים״, יראה, זאָגט ער וואָס ווערט פאַרבונדן מיט אלקים, וואָס איז מדת הדין, איז די מורא פאַר שטראָף, און דאָס איז שוין אַ נידריקע מדרגה פון יראת שמים. יראה, וואָס ווערט פאַרבונדן מיט ד׳ וואָס איז מדת הרחמים, מיינט יראת הרוממות, דאָס איז שוין די הויכע מדרגה פון יראת שמים, וועגן וועלכער מיר האָבן אויבן גערעדט און דאָ וואו משה רבנו ,בעט זיך אַז אידן זאָלן האָבן יראת שמים, זאָגט ער: „ליראה את ד׳ אלקיך״ — להראות על ב׳ מדרגות היראה לפי חילופי מדרגות האדם — אָנצואווייזן אויף די צוויי מדרגות פון יראת שמים לויט דעם אונטערשייד פון די מענשלעכע פערזענלעכקייטן . . .

און דאָס דאַרף ווערן די לאָזונג פון אַלע אונדזערע רעליגיעזע פּרעדיקער — „ועתה ישראל מה ד׳ שואל מעמך כי אם ליראה . . .

ווארום אין דעם לעצטן אַנאַליז, איז דאָס אומגליק פון אונדזער היינטיקער וועלט, וואָס עס פעלט יראת שמים פוןביידע מדרגות . . .

# ראה

## דער פרייער ווילן וואָלט דעם בלינדן מענטשן ניט געהאָלפן אין זיין בלאָנדזשעניש, ווען ג—ט קומט אים ניט צוהילף מיט זיין תורה. — משה רבנוס "ראה" דאַרף דינען ווי אַ פּראָזשעקטאָר וואָס ווייזט דעם ריכטיקן לעבנס וועג...

„ראה אנכי" — אמר ר' אלעזר: משאמר הקב"ה הדבר הזה בסיני — באותה שעה: מפי עליון לא תצא הרעות והטוב" (איכה ג') — אלא מאיליה הרעה באה על עושה הרעה, והטובה באה על עושה הטובה. אמר ר' חגי: ולא עוד שנתתי לכם שני דרכים, אלא שנכנסתי לפנים משורת הדין ואמרתי לכם (דברים ל'): „ובחרת בחיים" (דברים פ' ד').

„ברכה וקללה" — הברכה אם תשמעו והקללה אם לא תשמעו, כיוצא בו אתה אומר (בראשית ד'): „הלא אם תטיב שאת" ברכה: „ואם לא תטיב שאת" — קללה... (ילקוט שמעוני).

תנו רבנן: „ושמתם"" (דברים י"א) — סם תם... נמשלה תורה כסם חיים. משל לאדם שהכה את בנו וכו')... כך אמר להם הקב"ה לישראל: בני, בראתי יצר הרע ובראתי לו תורה תבלין, ואם אתם עוסקים בתורה, אין אתם נמסרים בידו, שנאמר: „הלא אם תטיב שאת", ואם אין אתם עוסקים בתורה, אתם נמסרים בידו, שנאמר: „לפתח חטאת רובץ". (קידושין ל').

תני בשם ר' אלעזר: הסייף והספר נתנו מכורכין מן השמים. אמר להם הקב"ה אם שמרתם מה שכתוב בספר זה, הרי אתם נצולים מן הסייף, ואם לאו — סוף שהוא הורג אתכם...

תנו בשם ר' שמעון בן יוחאי: הככר והמקל ירדו מכורכין מן השמים. אמר להם: אם שמרתם את התורה, הרי ככר לאכול ואם לאו, הרי מקל ללקות... (ויקרא רבה פ' ל"ה).

דער מענטש איז די טיפסטע און טונקלדיקסטע מיסטעריע פון גאַנצן וועלט באַשאַף.

זיין נשמה איז איין קנויל פון פאַרפּלאָנטערטע ווידערשפּרוכן און ווילדע פּאַראַדאָקסן...

זיין האַרץ איז אַ שלאַכט פעלד פון אומרואיקע אַנטקעגנגעזעצטע דראַנגען, וועלכע ברויזן אין אים אין דער בחינה פון „אור וחשך משתמשים בערבוביה"...

ניטאָ קיין בריאה אויף דער וועלט, וואָס איז אַזוי זיגזאַגיש אין איר אַנטוויק־לונגס גאַנג, ווי דער מענש.

ניטאָ קיין באַשעפעניש אונטער דער זון, וואָס איז אַזוי צוטיילט אין זיך און קעגן זיך, ווי דער „בחיר" פונ׳ם וועלט־באַשאַף — דער „חביב אדם שנברא בצלם".

זיין פּערזענלעכקייט איז אַ דואַלע, באַשטייענדיק פון צוויי עקסטרעמען, פון וועלכע איינער ציט אים אויבנצו, צו די הימלען, צו גאָט, און דער אַנדערער שלעפּט אים אונטנצו, צום פינסטערן תהום, צום טייוול.

אָט איז ער דאַכט זיך ריין ווי אַ מלאך און באַרמהאַרציק ווי ג—ט און אָט ווערט ער דער ברוטאַלסטער רוצח.

אָט קען ער איינשטעלן זיין לעבן צו ראַטעווען אַ פייגעלע, אַ הינטל, אָדער אַן אַנדער שטומע באַשעפעניש, און אָט איז ער עלול אויסצומאָרדן גאַנצע פעלקער צוליב אַן איינגערעדטער אַמביציע.

און נאָך גרעסער איז די מיסטעריע וואָס גאָט האָט דעם „גבר" פון דער גאַנצער בריאה, וועמען אַ ליאַדע פליג אַ מאָסקיטאָ אָדער אַ מיקראָב קען אַוועקלייגן, געמאַכט פאַרן בעל הבית איבער דער וועלט און אים באַשאָנקן מיט אַ פרייען ווילן. וואָס דאַרף דורכברעכן אַלע פינסטערע וואָלקנס און אים פירן צו דער זון . . .

ווי אַזוי וועט דער מענש קענען זיך אַרויסקאַראַבקען פון זיין פינסטערן היה׳שן צושטאַנד און זיך אויסלייטערן פון זיינע ערדישע דראַנגען, ווען זיין האַרץ געפינט זיך תמיד אין אַ צושטאַנד פון „אוי לי מיוצרי ואוי לי מיצרי" און ער איז אַזוי עלנד און שוואַך ? . . .

אַלע בעלי חיים האָט דער בורא פאַרזאָרגט מיט נאַטירלעכע וואָפן צו פאַרטיי־דיקן זיך אין זייער לעבנס־קאַמף — שאַרפע ציינער צו בייסן, שפּיציקע הערנער צו שטעכן, שטאַרקע און פלינקע פיס צו בריקען, אָדער צו אַנטלויפן פון שונא, וועלכע כלי־זיין האָט דער בורא געגעבן צו דעם אויסדערוויילטן פון זיין יצירה, צו דעם „מלך אביון". וועמען ער האָט באַשטימט פאַר דעם הערשער פון דער וועלט, און אויף וועמען ער האָט אַרויפגעלייגט אַזאַ שווערע אחריות, אַזאַ גבורה׳דיקע אויפגאַבע פאַר זיין קורצן לעבן אויף דער ערד ? . . .

וואָס איז די פעולה, אַז דער מענש האָט שוין אַ פרייען ווילן, אַז ער איז אַזוי שוואַך פיזיש, געפּענטעט גייסטיק און איז אַ „בן אדם יושב חושך וצלמות".

וואָס קען העלפן דעם מענשן זיין „בחירה חפשית", אַז ער איז בלינד און קען ניט זען אַליין דעם ליכטיקן ברייטן שליאַך, וואָס דאַרף אים פירן צו אַלץ העכערער השתלמות ? . . .

אויף דעם ענטפערט די רעליגיעז־אידישע פילאָזאָפיע, אַז ג—ט האָט, אין זיין גרויס חסד, אויך דעם מענשן פאַרזאָרגט מיט אַ מעכטיקן וואָפן, וואָס זאָל אים העלפן באַקעמפן דעם יצר הרע אין אים — די תורה.

„בראתי יצר הרע ובראתי תורה תבלין" (קידושין ל׳).

און שוין לאַנג איידער גאָט האָט געשאַפן די וועלט (לויט דער אגדה איז דאָס געווען צוויי טויזנט יאָר פאַר בריאת העולם) האָט ער שוין געהאַט באַשאַפן די תורה פאַר דעם מענטשן . . .

מיר זעען איין, ווי אַזוי די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער וועלט איז דורך דעם מענטשן פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם קיום התורה, וואָס דאַרף דורך דעם אידישן פאָלק פאַרשפּרייט ווערן אין דער גאַנצער מענטשהייט.

אָט דעם מיסטיש־פילאָזאָפישן געדאַנק דרינגט די גמרא פון דעם איבעריקן „הא״ פון „יום הששי״, וואָס עס שטייט געשריבן ביים זעקסטן טאָג, אין וועלכן דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן:

זאָגט ריש לקיש „מלמד שהתנה הקדוש ברוך הוא עם מעשה בראשית ואמר להם: אם ישראל מקבלים התורה אתם מתקימים, ואם לאו, אני מחזיר אתכם לתהו ובהו״. — דאָס לערנט אונדז, אַז דער הייליקער געבענטשט איז ער האָט אויסגענומען אַ תנאי מיט דעם וועלט באַשאַף און זיי געזאָגט: אויב אידן נעמען אָן די תורה, וועט איר עקזיסטירן, און טאָמער ניט — קער איך אייך אום צוריק צו תהו ובהו . . .(שבת פ״ח).

דער „כי טוב״ פון דעם „בראשית״ איז, אַלזאָ, געוואָרן אָפּהענגיק פון דעם „אחרית הימים״, וואָס דאַרף ברענגען דעם תיקון צו דער יצירה . . .

און דער „אחרית הימים״ פון דעם „עולם שכולו טוב״ איז אויסגעחלומט און דערזען געוואָרן פון דעם אידישן פאָלקס געניוס, וואָס האָט מקבל געווען די תורה . . .

די תורה האָט אַלזאָ געדינט ווי אַ מעכטיקער פּראָזשעקטאָר, וואָס האָט געעפנט די אויגן פון דעם מענטשן און אים געוויזן דעם ליכטיקן וועג צו דעם „עולם שכלו טוב״ . . .

און איבער׳חזר׳נדיק מיט די יונגע אידן די תורה, פאַר זיין ערדישן אָפּשייד פון דער וועלט. האָט משה רבנו זיי אָנגעוויזן אויף דעם גרויסן דערלייזנדיקן באַדייט פון דער תורה פאַר דער מענטשן וואָס איז געבענטשט מיט אַ פרייען ווילן.

און דער גרעסטער נביא פון אַלע צייטן פאַר אים און נאָך אים האָט דורכגעבליקט דעם גאַנצן וועלט באַשאַף, פון זיין טונקעלן „בראשית״ ביז צו זיין ליכטיקן „אחרית הימים״ און ער האָט באַטראַכט דעם זיגזאַג גאַנג פון דעם אָרעם עלנדן מענטשן: אָט מאַכט ער איין טריט פאָרויס, און אָט גייט ער צוריק צען טריט . . . אָט הויבט ער זיך אויף און קלעטערט צו דער זון, און זינקט צום פינסטערן תהום . . .

און דער עלנד שרייט, וויינט און יאָמערט אין דעם צוטומלטן מענטשן וועלכער פילט זיך ווי אַ בלינדע הילפלאָזע חיה אין אַ פאַרמאַכטן שטיג, ניט זעענדיק, אין זיין בלינדקייט, די אָפענע טיר, וואָס פירט צו ליכט און פרייהייט . . .

און די תורה קומט צו דעם מענטשן און ווייזט אים אָט יענע טיר פון ליכט און פרייהייט און אים עפענענדיק די אויגן, בעט זי זיך ביי אים: „ראה״, זע . . .

און באַטאָנענדיק דעם פרייען ווילן פון דעם מענטשן, וואָס קען אים פאַרפירן

אין כף־הקלע, ארגומענטירט משה רבנו מיט יעדן אידן באַזונדער און מיט יעדן אידן פון אַלע צייטן, דעריבער רעדט ער אין אַ לשון יחיד און לשון הווה — וואָס מיינט צו יעדן יחיד פון יעדער צייט . . .

„ראה אנכי נותן״ — זע, איך עפן דיינע אויגן און זע . . . איך גיב פאר היינט אַ ברכה און אַ קללה . . .

דער מדרש האָט דאָ גלייך דערפילט אַ דיסאַנאַנץ אין דער רעליגיעזער האַר־מאָניע פון מקור הטוב והחסד. קומט דאָך פון ג—ט׳ס מויל, כביכול, ניט אַרויס קיין שלעכטס, טאָ ווי קומט עס וואָס די תורה זאָגט: „איך גיב אייך היינט אַ ברכה און אַ קללה ? . . .

„ראה אנכי״ — האָט ר׳ אלעזר געזאָגט: ווען דער היילִיקער געבענשט איז ער האָט געזאָגט אָט דאָס וואָרט ביים סיני — אין דעם מאָמענט האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער פסוק (פון „איכה״ ג׳) „מפי עליון לא תצא הרעות והטובות״ פון אויבערשטנס מויל קומט ניט אַרויס דאָס שלעכטס און דאָס גוטס — אלא מוז איך זאָגן, „מאליה הרעה באה על עושה הרעה, והטובה באה על עושה הטוב״ — פון זיך קומט דאָס שלעכטס אויף דעם שלעכטס־טוער און דאָס גוטע אויף דעם גוט־טוער. דאָס מיינט, אַז דאָס מענשלע־כע גליק הענגט אָפּ פון מענשן גופא, און אי זיינע פריידן, אי זיינע לײדן, זיינען אַ פועל יוצא פון זיינע אייגענע האַנדלונגען.

גיט צו ר׳ חגי: ניט נאָר האָט ג—ט געטאָן מיט דעם מענשן גרויס חסד, וואָס ער האָט אים געגעבן צוויי וועגן, מיט אַ פרייען ווילן אויסצוקלייבן אין וועלכן וועג צו גיין, נאָר „איך בין אַריינגעגאַנגען לפנים משורת הדין און אייך אָנגעזאָגט „ובחרת בחיים״ — איך האָב אייך געפירט צום אייביקן לעבן . . . (דברים רבה פ׳ ד׳)

אַ טיפערן געדאַנק, וואָס דריקט אויס דעם תמצית פון דער טעאָלאָגישער פילאָ־זאָפיע פון אונדזערע חז״ל, געפינען מיר אין ילקוט שמעוני וועלכער פאַרבינדט דעם פסוק פון „ראה״ מיט דעם גורל׳דיקן באַשאַף פון דעם מענשן וואָס איז שוין ביי זיין בראשית אים אָנגעזאָגט געוואָרן אַז ער איז דער בעל הבית איבער זיין ווילן און אַז זיין גליק הענגט אָפּ פון אים אַליין:

„ברכה וקללה״ — הברכה, אם תשמעו, והקללה, אם לא תשמעו כיוצא בו אתה אומר (בראשית ד׳:) „הלא אם תטיב שאת — ברכה . . .

אויך די גמרא (קידושין ל׳) ברענגט אַ ברייתא, וואו עס ווערט אויסגע־דריקט דער זעלביקער געדאַנק, נעמלעך, אַז די תורה איז אַ וואָפן געגען דעם יצר הרע, פאַרבינדט עס מיט דעם פסוק פון בראשית „אם תטיב שאת וכו׳״ . . .

דער מענש איז אונטערגעוואָרפן אונטער די אייביקע נאַטור געזעצן, איינ־שליסנדיק דעם געזעץ פון קאַוזאַליטעט, דאָס הייסט פון אורזאַך און עפעקט, אָדער ווי מיר רופן עס אין העברעאיש „סיבה ומסובב.

און אייביקער נאָך, ווי די נאַטור־געזעצן, וואָס גאָט האָט אַריינגעגעבן אין זיין

צירה זיינען די געזעצן פון דער תורה . . . נאָך מער, בעת די נאַטור געזעצן זיינען, לויט דעם גלויבן פון אונדזערע חכמים, אונטערגעװאָרפן דעם װילן פון ג—ט, קען ער אָבער כביכול ניט ענדערן די געזעצן פון דער תורה, װאָרום „לא בשמים היא", װי דאָס איז קלאָר באַװיזן געװאָרן אין דער מחלוקה צװישן רבי אליעזר און די חכמים װעגן אַ „תנור של עכנאי" צי ער איז מקבל טומאה אָדער ניט (זע בבא מציעא נ"ט).

און פונקט װי אַן ליכט קען דער מענש ניט זען, אַזוי קען ער ניט האָבן קיין אמת'ען גליק אָן דער תורה װעלכע איז „אורה" . . .

און כל זמן מענשן װעלן ניט קומען צו אָט דער דערקענטעניש, װעט זיכער זייער לעבן זיין פול מיט שטרויכלונגען און אומגליקן לויט דעם געזעץ פון קאַזואַלי־טעט . . .

װאָרום, „מיר האָבן געלערנט אין נאָמען פון אליעזר": דאָס שװערד און דאָס בוך זיינען געגעבן געװאָרן איינגעװיקלט אין איינעם פון הימל. האָט זיי דער הייליקער גע־בענטשט איז ער, געזאָגט: אויב איר װעט היטן דאָס װאָס עס איז געשריבן געװאָרן אין אָט דעם ספר, װעט איר דאָך ניצול װערן פון אָט דעם שװערד, און אויב ניט, װעט דער סוף זיין אַז ער װעט אייך פאַרניכטן. (ויקרא רבה פ' ל"ה).

און אין דער היינטיקער צייט, װען די װעלט טרינקט זיך, אין דעם בלוט פון די מלחמות, און אונדזער מאַמע ערד װאַרפט זיך אין קאָנװאַולסיעס פון באָמבעס און פייער, מיט װעלכע מענשן פאַרניכטן זיך איינער דעם אַנדערן, קענען מיר זען דעם אמת, פון רבי אלעזר'ס בילדלעכן מאמר, הספר והסיף נתנו מכורכין מן השמים . . .

און ניט נאָר װאָלטן מיר ניצול געװאָרן פון מלחמות, נאָר דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבן װאָלט בעסער געװען, װען די געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג װאָלט געװען באַזירט אויף די יסודות פון תורה ונבואה.

אָט דער געדאַנק, װערט אויסגעדריקט אין דעמזעלביקן מדרש אין נאָמען פון ר' שמעון בן יוחאי, װעלכער זאָגט, אַז „אַ לאַבן ברויט און אַ שטעקן זיינען געגעבן גע־װאָרן איינגעװיקלט פון הימל, און הקדוש ברוך הוא האָט זיי געזאָגט: װעט איר היטן די תורה װעט איר האָבן ברויט צו עסן. טאָמער ניט — האָט איר אַ שטעקן צו שלאָגן . . .

און דער אָרימער מענש װעט מוזן יאָמערן כל זמן זיינע אויגן װעלן זיין בלינד צום „ראה" פון אונדזער ליכטיקער אייביקער תורה, װאָס פירט די געזעלשאַפט צו שלום און פרייהייט און דעם יחיד צו דער העכסטער גליקזעליקייט.

# שופטים

## דאָס גרויסע ליכט, וואָס אונדזער תורה האָט אָנגעצונדן אין דעם היכל המשפטים — דער "צדק צדק תרדוף" אַלס באַזע פאַר אַלע אויסטייטשונגען פון געזעץ — וואָס פרעזידענט רוזוועלט האָט געפאָדערט פון סופרים קאורט, און וואָס אונדזערע חכמים האָבן שוין געגעבן.

„שופטים ושוטרים" — „שופטים" אלו הדיינים, „ושוט־רים" אלו הפרנסים שמנהיגין את העדה . . . (תנחומא).

„שופטים ושוטרים" — אמר ר' שמעון בן גמליאל: אל תהי מלגלג בדין שהוא אחד משלשה רגלי העולם, למה ששנו חכמים (אבות פ' א'): על שלשה דברים העולם עומד: על הדין ועל האמת ועל השלום, תן דעתך שאם הטיתה את הדין שאתה מזעזע את העולם שהוא אחד מרגליו . . . (דברים רבה פ' ה').

אמר ר' שמואל בר נחמני אמר ר' יונתן: כל דיין שדן דין אמת לאמתו, משרה שכינה בישראל . . . (סנהדרין ז').

דרש ר' נחמן: מאי דכתיב (משלי כ"ט): מלך במשפט יעמיד ארץ ואיש תרומות יהרסנה" — אם דיין דומה למלך שאינו צריך לכולם, — יעמיד ארץ; ואם דומה לכהן שמחזר על הגרנות — יהרסנה. (כתובות ק"ה: (סנהדרין ז').

„ושפטו את העם משפט צדק" — שיהיו מטין את העם לכף צדק, אמר ר' יהודה בר שלום: שיהיו מטין ומלמדין עליהן זכות לפני הקב"ה. (תנחומא).

אָמר רבא: מאי טעמא דשוחדא? — כיון דקביל ליה שוחדא מיניה איקרביא ליה דעתיה לגביה והוי כגופיה ואין אדם רואה חובה לעצמו.

מאי „שוחד"? שהוא חד . . . (כתובות ק"ה).

„צדק צדק תרדוף" — אחד לדין ואחד לפשרה. (סנהדרין ל"ב).

אין דער הייגטיקער סדרה „שופטים האָט אונדזער הייליקע תורה אָנגעצונדן אַ גרויס און אייביק ליכט, וואָס האָט, ווי די מנורה אין בית המקדש, באַלויכטן איר היכל המשפטים, איר יוסטיץ־סיסטעם וואָס זי האָט אויפגעשטעלט פאַר דעם פרידן און גליק פון דער מענשלעכער געזעלשאַפט — — — — — — — —

דאָס ליכט פון „צדק צדק תרדוף" . . .

אַט דאָס זוניק, וועלט און מענש־דערלייזנדיק ליכט האָט געדאַרפט אַרייַנלייכטן אין די נשמות און אַנוואַרימען די הערצער פון די ריכטער און געזעץ היטער, די שטאָט־לעך־באַפולמעכטיקטע אויסטייטשער און דורכפירער פון געזעץ — די שופטים ושוט־רים — כדי זאָלן תמיד משפט'ן דעם פאָלק אַ „משפט צדק".

און אַנזאָגנדיק, אַז עס זאָלן אויפגעשטעלט ווערן ריכטער און אויפזעער, שופ־טים ושוטרים, אין יעדער געמיינדע פון יעדן שבט אין דעם אידישן לאַנד, געפינט די תורה פאַר נויטיק צו באַטאָנען:

„ושפטו את העם משפט צדק" — און זיי זאָלן משפט'ן דאָס פאָלק מיט אַ גע־רעכטן משפט.

און כדי צו באַוואָרענען אַז די אויסטייטשער פון גערעכטיקייט זאָלן ניט פאַר־בלענדט ווערן פון אירגענד וועלכער פאַרטייאישקייט אָדער פערזענלעכער פאַר אינ־טערעסירטקייט, זאָגט אָן די תורה די אידישע דיינים און פאָליציאַנטן:

„לא תטה משפט, לא תכיר פנים, ולא תקח שוחד, כי השוחד יעוור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים" — זאָלסט ניט דערקענען קיין פנים און ניט נעמען קיין שוחד, ווארום שוחד מאַכט בלינד די אויגן פון די קלוגע און פאַרקרימט די ווערטער פון די גערעכטע.

„צדק צדק תרדוף" — נאָך גערעכטיקייט, בלויז נאָך גערעכטיקייט זאָלסטו זיך יאָגן

דאָס איז די מאָס מיט וועלכע אידישע ריכטער דאַרפן מעסטן זייערע אויס־טייטשונגען פון געזעץ, בעת זיי טראָגן אַרויס זייערע אַנטשיידונגען איז אַ משפט צווישן מענש און מענש און צווישן יחיד און כלל.

דאָ אַנטדעקט זיך פאַר אונדז די אין־סופ'יקע חכמה פון דער תורה, ווי זי ווערט אויסגעטייטשט און דערקלערט פון אונדזערע חכמים אין צוזאַמענהאַנג מיט די דינים פון ריכטער און געריכט־פּראָצעדור סיי בנוגע דיני ממונות, סיי בנוגע דיני נפשות.

די תורה האָט געוואוסט, אַז דאָס לעבן איז אַ פליסנדיקער שטראָם, וואָס איז פּושט צורה ולובש צורה בעת דער מענש איז בנאַטור קאָנסערוואַטיוו, באַגעגענענדיק יעדע נייע אָרדנונג אָדער רעפאָרם מיט חשד און ווידערווילן, אַלטע געזעצן, ווידער, האָבן אַ טבע צו ווערן טרוקן און איינגעדאַרט, און אויב דער מענש איז אויסגעליידיקט פונם דינאַמישן לעבן און אין זיין נשמה לייכט ניט דאָס ליכט פון אַ תורת חיים, איז ער עלול אונטערצוגראָבן די יסודות פון זיין היכל המשפטים און זיין גאַנצער יוסטיץ־סיס־טעם קען צוזאַמענברעכן, און אַנשטאָט „צדקה" אין זיינע געריכטן, הערט מען נאָר „צע־קה" — דעם געשריי פון די באַ'עוול'טע און געקריוודעטע . . .

האָט אונדזער תורה, וואָס איז אַ תורת חיים אַוועקגעשטעלט אַ לעבעדיק

שטראָמיק ליכט אין די אידישע געריכטן, וואָס זאָל באַלייכטן די אידישע געזעצן און זיי האַלטן אין שטראָמיקער לעבעדיקייט צוזאַמען מיט די אידישע ריכטער, וועלכע דאַרפן אָנהאַלטן דעם פּראַגרעם פון „צדק צדק תרדוף" אין אַלע זייערע אויסטייטשונגען פון געזעץ, סיי ווען זיי טראָגן אַרויס אַ פּסק־דין, סיי ווען זיי מאַכן אַ פּשרה.

„צדק צדק תרדוף" — אחד לדין ואחד לפשרה . . . (סנהדרין ל"ב):

דאָס איז דאָך, אייגנטלעך, געווען דער הויפּט מאָטיוו פון פּרעזידענט רוזוועלט'ס קאַמף פאַר דער רעאָרגאַניזירונג פון דעם סופרים קאָורט. ער האָט ניט געוואָלט ענ־דערן די קאָנסטיטוציע פון יונייטעד סטייטס, וואָס איז באמת געשאַפן געוואָרן פאַר דעם גליק און פרייהייט פון גאַנצן פאָלק און אַלס אַזעלכע, איז זי טאַקע אינספּירירט גע־וואָרן פון אונדזער תנ"ך. וואָס מר. רוזוועלט האָט געוואָלט, איז געווען אַ מער ליכטיקן סופרים קאָורט, וואו די געזעצן זאָלן אָטעמען מיט דעם פרייהייטלעכן גייסט פון זיינע באַשאַפער און די אויסטייטשונגען פון די ריכטער זאָלן זיין צוגעפּאַסט צום לעבן און ניט יקוב הדין את ההר . . .

און וואָלטן די אַלטע ריכטער געפּאַסט אנטשיידונגען פון די קאָנסטיטוציאָנע־לע געזעצן אין דעם שטראָמיקן ליכט פון „צדק צדק תרדוף", וואָלט אונדזער פּרעזי־דענט ניט געדאַרפט פאַרזוכן דעם טעם פון אַ פאַרלאָרענעם קאַמף . . .

אָט דעמזעלביקן קאַמף האָבן אָנגעפירט אונדזערע נביאים קעגן די אידישע מלוכה־אויטאָקראַטן, וועלכע האָבן געזוכט אויסצוטייטשן דעם געזעץ לויט זייערע קלאַסן־אינטערעסן.

און כדי צו פאַרהיטן אַזעלכע ווידערהאָלונגען, האָבן שפּעטער אונדזערע חכמים פון תלמוד און מדרש די געשטאַלטיקער און אויספורמען פון היסטאָרישן אידנטום לדו־רות, פאַרוואָרפן אַ זוניק ליכט אויף אונדזער גאַנצן געריכט סיסטעם, וואָס מאַכט אונדזער גערעכטיקייט זעעוודיק און קלאָר אין געגנזאַץ צו דער „יוסטיצאַ" פון אַנדע־רע פעלקער, וועלכע איז נעבאָך אַ בלינדע . . .

„זאָגט ר' שמעון בן גמליאל: נעם ניט אַזוי לייכט דעם ענין דין, אָדער משפּט, ווארום ער איז איינער פון די דריי פיס, אויף וועלכע די וועלט שטייט, ווי די חכמים האָבן געלערנט (אבות א'): אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אויף דעם משפּט, און אויף דעם אמת, און אויף שלום, טאָ זיי פאַרזיכטיק, ווארום אויב דו פאַרניגסט דעם דין אַ קאַפּעלע, מאַכסטו טרייסלען די וועלט . . ." (דברים רבה פ"ה).

האָט געזאָגט ר' שמואל בר נחמני, אין נאָמען פון ר' יונתן: יעדער דיין וואָס משפּט אַ דין אמת לאמתו, מאַכט אַז די שכינה זאָל רוען צווישן אידן. און דער דיין, וואָס משפּט ניט קיין אמת'ן דין לאמתו מאַכט אַז די שכינה זאָל זיך אָפּטאָן פון אידן. (סנהדרין ז').

דער אויסדרוק אין דער גמרא פון „דין אמת לאמתו" איז אַ וואָרנונג צו דעם ריכטער, אַז עס קען געמאָלט זיין אַ "דין אמת", וואָס איז ניט "לאמתו" — ניט צו זיין

אמת'ן אמת הייסט עס . . . דער ריכטער מעג זיך טאַקע זיין ערלעך און אומפּאַרטייאיש און דער דין וואָס ער פּסק'נט מעג אויך זיין לויט דעם וואָרט פון געזעץ, און דאָך איז ער ניט געווען אין גייסט פון זיין טיפן לעבעדיקן אמת, וואָס באַלעבט דעם געזעץ . . . דער דיין קען אַמאָל באַוואוסטזיניק זיין אונטער דער השפּעה פון אַ געוויסן געמיטצושטאַנד, וואָס האָט באַאיינפלוסט זיין פּסק־דין און דאָס איז שוין ניט „דין אמת לאמתו" . . .

נאַטירלעך איז עס צו זיין אַבסאָלוט אָביעקטיוו, מ'קען זיך דאָך ניט אויסטאָן פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט.

דער אמת איז, אָבער אָביעקטיוו. ער איז ניט אָפּהענגיק פון אַנדערע עלעמענטן. און אַזוי איז אויך דער דין וואָס דאַרף זיין אמת . . . האָט אָבער, דער דיין צו טאָן מיט מענשלעכע אינטערעסן און אומשטענדן און דער אויסטייטשער פונם דין איז אויך מער ניט ווי אַ מענש, און אויב דער ריכטער קען זיך דערהויבן אַריינצובליקן אין דעם אמת'ן אמת פון דעם דין, רוט טאַקע די שכינה צווישן אַזאַ געזעלשאַפט.

האָבן טאַקע אונדזערע חכמים זיך געהיט זיי זאָלן חלילה, ניט געשטרויכלט ווערן ביים אַרויסגעבן אַ פּסק דין אין אַ דין תורה. זיי האָבן זיך ניט אַנגענומען צו זיין ריכטער ווען זיי וועלן נוטה זיין צו איין צד. די גמרא (אין כתובות ק"ה) רעכנט אויס אַ גאַנצע צאָל אמוראים, וועלכע האָבן זיך אַנטזאָגט אויסצוהערן אַ דין־תורה, ווייל איינער פון די בעלי־דין האָט באַגריסט דעם דיין, אָדער האָט אים אַרויסגעוויזן אַן אַנדער אויסדרוק פון געוויינלעכער מענשלעכער פריינטשאַפט.

לויט דער מיינונג פון אונדזערע חכמים האָט אַ ריכטער געדאַרפט זיין אינגאַנצן פריי און אומאָפּהענגיק עקאָנאָמיש, געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש.

רב נחמן בר כהן האָט אָנגעווענדט דעם פּסוק פון (משלי כ"ט:) „מלך במשפּט יעמיד ארץ ואיש תרומות יהרסנה" — אַ מלך האַלט אויף דאָס לאַנד מיט משפט, אָבער דער מענש פון מתנות פירט זי איבער — אויף דיינים און ריכטער. דערקלערנדיק: „אם דיין דומה למלך" — אויב דער דיין איז גלייך צו אַ מלך וואָס דאַרף צו קיינעם ניט אָנקומען, איז „יעמיד ארץ", האַלט ער אויף דאָס לאַנד — ואם דומה לכהן שמחזר על הגרנות — אויב ער איז גלייך צו אַ כהן וואָס לויפט אַרום איבער די שייערן צו קריגן תרומה און מעשר — אַזאַ ריכטער פירט איבער די וועלט (כתובות ק"ה).

היינט ווער רעדט נאָך אַ שוחד, און אַפילו שוחד דברים, אַ כאַבאָר פון אַ גוט וואָרט, איז אַודאי פאַרבאָטן און פּסלט דעם ריכטער פאַר דעם משפט.

ווארום דער מענש, ווי ערלעך און געלערנט ער זאָל ניט זיין איז קיינמאָל ניט באַוואָרנט קעגן אַן אומשולדיקער און אומבאַוואוסטזיניקער השפּעה.

„ זאָגט רבא וואָס איז דער טעם פון שוחד? ווייל אַזוי שנעל ווי ער בעמט פון אים שוחד, דערנענטערט זיך דער דיין צום בעל־דין און ער ווערט פּסיכאָלאָגיש איין גוף מיט אים, ואין אדם רואה חובה לעצמו — און אַ מענש זעט זיך ניט אַליין שולדיק.

דאָס איז אַ פיינע פאַרשטענדניש פון די פסיכאָלאָגישע כחות פונם מענשן.

די גמרא גייט נאָך דאָרט ווייטער טייטשנדיק דאָס העברעאיש וואָרט „שוחד" — שהוא חד — דאָס מאַכט אים איינס מיטן בעל־דין (כתובות ק"ה).

אַ פיינעם פערלדיקן געדאַנק אויף „שופטים ושוטרים" געפינען מיר אין מדרש תנחומא, וועלכער טייטשט: „שוטרים" — אלו הפרנסים שמנהיגין את העדה" — די „שופטים" מיינט די תורה טאַקע די דיינים, אָבער, די „שוטרים" זיינען די אידישע מנהיגים, די קהל'שע פירער און כלל טוער וועלכע פירן די געמיינדע . . . אויך זיי דאַרפן משפטן דאָס פאָלק אַ „משפט צדק" . . . אויך זיי פונקט ווי אידישע דיינים און רבנים, דאַרפן זיך באַציען צום פאָלק מיט ערלעכקייט און אומפאַרטייאישקייט . . . מוסר זאָגעריי . . . זאָלען זיי זיך לערנען צו פאַרשטיין דעם פאָלק, זיינע נויטן און זיי־נע שוואַכקייטן . . .

„ושפטו את העם משפט צדק" שיהיו מטין את העם לכף צדק. אמר ר' יהודה בר שלום: שיהיו מטין ומלמדין עליהם זכות לפני הקדוש ברוך הוא" — זיי זאָלן זיך אַביסל אַ נייג טאָן אויף דער זייט פון אָרימען פאָלק און זיי דן זיין לכף צדק . . .

און אַנשטאָט זוכן חטאים, זאָלן זיי בעסער זיך אַ נייג טאָן און זוכן אויף זיי אַ זכות פאַר דעם הייליקן געבענשט איז ער. (תנחומא).

וואָס פאַר אַ טיפע פאָלקס ליבשאַפט עס ליכטיקט אין דעם דאָזיקן מאמר: ער וואָלט זיך געפּאַסט פאַר ר' לוי יצחק בערדיטשעווער ז"ל, דער גרעסטער מלמד־זכות אויף פראָסטע אידישע פאָלקס מענשן.

# כי תצא

## ווי די תורה האָט פאַרזייט די זאָמען פון וועלט שלום, וואָס האָבן זיך פאַנאַנדערגעוואָקסן אונטער אונדזערע נביאים און חכמים. — ווארום די תורה האָט טאָלערירט מלחמת רשות. — די היינטיקע מלחמת חובה קעגן עמלק־היטלער.

„כי תצא למלחמה" — במלחמת הרשות הכתוב מדבר. (ספרי).
אין מוציאין ממלחמת הרשות אלא על פי בית דין של שבעים ואחד (סנהדרין, ב').

לא יצא האיש (בשבת) לא בסיף ולא בקשת ולא בתרים ולא באלה ולא ברומח. רבי אליעזר אומר: תכשיטין הם לו. וחכמים אומרים אינו אלא לגנאי. שנאמר: „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות . . . ולא ילמדו עוד מלחמה".
**(שבת ס"ג).**

רבי אליעזר בן יעקב אומר: מניין שלא תצא אשה בכלי־זיין למלחמה? תלמוד לומר: „ לא יהיה כלי גבר על אשה".
**(נזיר נ"ח)**

„יפת תואר" — מלמד שלא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע. מוטב שיאכלו ישראל בשר תמותות שחוטות ואל יאכלו בשר תמותות נבלות (קידושין כ"ב).

„ כי יהיה לאיש בן סורר ומורה" — הסמיך הכתוב פרשה זו לפרשת „יפת תואר", לומר לך שכל הנושא יפת תואר יהיה לו בן סורר ומורה. (סנהדרין ק"ז).

„זכור אשר עשה לך עמלק" — רבי בנאה פ"ח: „מאזני מרמה תועבת" ד' " (משלי י"א) — אם ראית דור שמדותיו של שקר, דע שהמלכות מתגרה באותו הדור (מדרש תנחומא).

**מ**לחמה — די אַלטע קללה פון די פעלקער און דער רויטער שרעק פון'ם אידנטום היינגט ווידער איבער דער אָרימער צעטומלטער מענשהייט ! . .

אַלץ איז צוגעגרייט פאַר דעם יום־ההרגה פאַר דעם מורא'דיקן שעכטונגס־טאָג פון די יונגע מענשלעכע קרבנות צו דעם אָפּגאָט מאַרס, וואָס האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דעם אַמאָליקן מענשן־פרעסנדיקן מולך, אין דער מאָדערנער ג—טלאָזער וועלט ! . . .

אַלץ איז גרייט פאַר דער גרויסער טייוולאָנישער בלוטיקער וואַקכאַנאַליע: די הימלען זיינען אָנגעלאָדן מיט קאָכעדיק בליי און בלוט און באָמבעס: די לופט איז פול מיט ליגן ,באַטרוג, פאַרראַט און פאַלשקייט; די מענשלעכע הערצער זיינען אויפגערייצט

און אַנגעלאָדן געוואָרן מיט האַס, רציחה און חיה׳שקייט . . . באַלד וועט דאָס אַלץ עקס־פּלאָדירן, און עס וועט אויסברעכן דער בלוטיקער מבול, ברענגענדיק טויט און פאַר־וויסטונג, אומקום און מגפות צו אַ מענשהייט, וואָס האָט איר וועג צו ג—ט פאַרלאָרן . . .

מורא׳דיק שוידערלעך וועט זיין דער פּרייז פון דער אנקומענדיקער וועלט־מלחמה, ווי מורא׳דיק שוידערלעך עס זיינען די זינד און די פאַרברעכנס וואָס האָבן זי אַרויסגערופן . . .

אָרימע געפּייניקטע אומה מיינע! דעם גרעסטן קרבן וועסטו מוזן ברענגען צו דעם מלחמה־אָפּגאָט, וועלכן דו האָסט שוין לאַנג פאַרטריבן פון זיך, וועלכן דו האָסט מיט דעם גאַנצן עטישן פייער פון דיין אידישער נשמה . . .

דו וועסט, אפשר, מוזן בלוטן מער ווי אַנדערע פעלקער, אין דער מלחמה, וועלכע דו האָסט ניט געזוכט, ניט צוגעגרייט און, אַודאי ניט אָנגעצונדן . . .

און דאָך באַשולדיקן אונדז די שונאים, אַז מיר, אידן, האָבן קאָנספּירירט, אינטריגירט, און געהעצט צו דער וועלט מלחמה.

זיי, די אידישע שונאים, די אמת׳ע גיפט־מישער פון דער וועלט און מלחמה־צינדער, וואָס האָבן דערהויבן דעם מאָסן מאָרד פאַטריאָטיזם צו דער העכסטער טוגנט; זיי די פאַשיסטישע פּאַגאַנעס, וואָס טראָמפּלען אויף אַלע אידעאַלן פון רעכט און יו־שר און לעבן מיט דעם ווילדן דזשאַנגל געזעץ פון מאַכט איז רעכט — באַשולדיקן די אידן, וואָס האָסן מלחמה און וואָס האָבן מער צו פאַרלירן פון מלחמה, אין העצן צו אַ וועלט־שחיטה — ווי לעכערלעך, ווען דאָס וואָלט ניט געווען אַזוי טראַגיש! . . .

דאָס אידנטום האָט קיינמאָל ניט פאַרהערלעכט דעם מלחמה־קולט. אונדזערע פּאַטריאַרכן, די אבות הקדושים, ווערן ניט פאַרגעשטעלט אַלס קריגס־פירער און בויגן־שיסער . . . דער גרעסטער פאַרדינסט פון יעקב׳ן געגנאיבער זיין ברודער עשו איז וואָס דער ערשטער איז געווען אַ „איש תם יושב אהלים״, בעת דער לעצטער איז געווען אַ „איש יודע ציד״ . . .

ווען דאָס אידנטום וואָלט באַטראַכט דעם שווערד פאַר אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין לעבן, וואָלט עס דאָך ניט באַטראַכט פאַר אַ קללה, מיט וועלכער עס האָט באַשאָנקן דעם רויטן פעטער עשו׳ן . . .

אַפילו אין דער ביבלישער צייט, ווען די אידן זיינען געצוואונגען געוואָרן אָנ־צופירן מלחמות פאַר זייער פאָלקס־קיום און זייער ג—ט־קולטור, ווי פאַר זייער נאַ־ציאָנאַלער היים, זעען מיר, ווי די תורה האָט געקוקט קרום אויף דעם מלחמה קולט, וואָס איז געווען דאַמאָלסט איינגעוואָרצלט אין דעם לעבן פון די פעלקער, ווי דער קר־בנות־קולט אָן וועלכער די פעלקער האָבן ניט געקענט לעבן.

מיר זעען דאָ, אַז די תורה האָט געדולדעט, טאָלערירט הייסט עס, דעם מל־חמה קולט אַלס אַזעלכעס, פּונקט אַזוי ווי זי האָט טאָלערירט דעם קרבנות־קולט, וועלכן זי האָט איבערגעלאָזן ביי אידן צוליב פּעדאַגאָגישע מאָטיוון, כדי זיי אָפּצוברעכן פון דעם פרעמדן געצנדינסט.

האָט דעריבער די תורה אויסגעליידיקט דעם קרבנות־קולט פון זיין געצנ־דינערישן אינהאַלט, און אים דערהויבן צו אַ העכער גייסטיקער מדרגה מיט אַ טיפן עטישן אינהאַלט וואָס איז אין איינקלאַנג מיט דעם פאַרגייסטיקטן עטישן ג—ט באַגריף פון אידנטום.

אַזוי האָט אויך די תורה, בנוגע דעם מלחמה־קולט, זיך גערעכנט מיט די מענשלעכע שוואַכקייטן און מיט זיין שטענדיקן גערצנגל מיט זיינע ווילדע נאַטור־אינסטינקטן און חיה'שע ליידנשאַפטן, וואָס ברויזן אין זיינע בלוטן. זי האָט, דעריבער, איבערגעלאָזן די מלחמה־אינסטיטוציע אין דעם נאַציאָנאַלן אידישן לעבן. אָבער זי האָט געזוכט אויסצורייניקן זי פון דער פאַגאַנישער ווילדקייט און זי רעגולירן דורך עטישע כללים פון שלום און מענשנליבע, אין איינקלאַנג מיט דעם גייסט פון דעם אידנטום.

ווארום ווי מיר האָבן שוין געזען, לערנט די תורה מיט דעם מענשן ווי אַ גוטער דערציער, "מן הקל אל הכבד", פון לייכטן געגנשטאַנד צום שווערערן. אַזוי פירט די תורה דעם שוואַכן זינדיקן מענשן, נאָכגייענדיק מיט אים אָביסעלע אויף דעם פינסטערן וועג פון זינד, כדי אים נאָכדעם אַרויסצופירן אויף דעם ברייט ליכטיקן שליאַך וואָס פירט צו לויטערקייט, גייסטיקייט און צו דער העכסטער גליקזעליקייט . . .

אויב מיר ווילן זען דעם אורקוואַל פון דעם אידישן אידעאַל פון וועלט־שלום, וואָס גליט און פינקלט אין די וויזיעס פון אונדזערע נביאים און לייכט אַרויס ווי טויזנט זונען, פון אונדזער תלמודישער און מדרש'דיקער ליטעראַטור אויב איר ווילט זען דעם הייליקן קוואַל, פון וועלכן אונדזערע נביאים און חכמים האָבן געשעפּט זייער טיפע בענקשאַפט צו שלום און זייער האַס צו מלחמה — זאָלט איר אַריינבליקן מיט אָפּענע אויגן אין דער הייגטיקער סדרה „כי תצא", וואו די תורה רעדט וועגן אַ „מלחמת־רשות" וועגן אַ פרייוויליקער מלחמה, הייסט עס, ווי אַזוי די תורה רעגולירט עס ,ביז כמעט צו אומענדלעכקייט . . . און ווי אַזוי די תורה פאַרבינדט עס מיט אַנדערע געזעצן, וואָס האָבן צו טאָן מיט מענשלעכע ליידנשאַפטן ווי אויך מיט מענשלעכער רחמנות אויף די שטומע בעלי חיים, ווי עופות, פייגל און בהמות . . .

און צו דעם אַלעמען האָט נאָך די תורה צוגעגעבן נאָך עפּעס וואָס שטראַלט ווי אַ לויכטנדיקע קרוין פון הייליקייט — כתר קדושה . . .

עס זיינען דאָ, לויט דער תורה צוויי סאָרטן מלחמות: אַ מלחמת מצוה, אָדער אַ מלחמת חובה, דאָס הייסט אַ מלחמה, אין וועלכער יעדער מאַן איז פאַרפליכטעט, ווי די מלחמה געגן די „שבע עממין", די זיבן פעלקער פון דער אַלטער כנענ'ישער ארץ ישראל, וועלכע די אידן זיינען פאַרזאָגט געוואָרן צו פאַרטיליקן עד חרמה, אָדער אַ „מלחמת מגן", אַ פאַרטיידיגונגס קריג, ווען דאָס לאַנד ווערט אַטאַקירט. דאַן מוז יעדער אַרויס באַגעגענען און אָפּשלאָגן דעם שונא, "אפילו חתן מחדרו וכלה מחופתה", ווי די גמרא זאָגט אין (סוטה פרק ח').

אין דער „מלחמת מצוה", וואָס די אידן האָבן געמוזט פירן מיט די פּאַגאַני־

שע פעלקער פון כנען, וועלכע זיינען מיט זייערע פּאַסקודסטוועס, פּאַגאַנסטווע, רויב און מאָרד קולטור, געשטאַנען אין וועג פון אידישן פאָלק, האָבן די אידן געמוזט זיין שטריינג, ווי עס זיינען בכלל געווען יענע מלחמות פון יענע אַלטע צייטן, פון יענע „באַרבאַרישע" מלחמות קענען מיר איבערהויפּט ניט אַרויסלערנען דעם אייביקן ליב־טיקן גייסט פון שלום און פעלקער־ברידערלעכקייט, ווייל די „מלחמת שבע עממין", איז ניט געווען קיין אייביקער דין. עס איז געווען אַ „מצות עשה שהזמן גרמא" . . . עס איז געווען דאָס געבאָט פון יענער צייט אַז די אידן דאַרפן פאַרטיליקן און אָפּרייניקן דאָס הייליקע לאַנד, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס די היים פון דער ריינער ג—ט־קולטור און תורה־ציוויליזאַציע.

עס איז דעריבער, נאַריש און לעכערלעך פון די יעניקע, מעגן זיי זיין אונדזערע פריינט אָדער פיינט, וועלכע זוכן צו מעסטן די אידישע עטיק מיט דעם פּסוק פון „לא תחיה כל נשמה". ניט דער פּסוק באַשטימט דעם גייסט פון תורה פאַר די אייביקייטן, נאָר דער פּסוק „כי תקרב אל עיר להלחם עליה וקראת אליה לשלום — ווען דו וועסט גיין מלחמה צו האַלטן אויף אַ שטאָט, זאָלסטו קודם כל איר אָנבאָטן שלום . . .

אָדער דער פּסוק: „כי תצא מחנה על אויביך ונשמרת מכל דבר רע" — דו גייסט אַרויס אין קריגס־לאַגער קעגן דיין שונא, זאָלסט זיך אָפּהיטן פון יעדער פאַר־דאָרבענער זאַך. אָדער „והיה מחנך קדוש" — אָט אין די דאָזיקע פּסוקים אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער אייביקער עטישער גייסט פון דער תורה, וואָס איז דער וואָרצל פון דער תורה, וואָס איז דער וואָרצל פון דעם וועלט־פרידן, וואָס האָט זיך אַזוי פּראַקטיק פונאַנדערגעוואַקסן אין דעם היסטאָרישן אידנטום.

דעם אייביקן אַנטי־מלחמה גייסט פון דער תורה געפינען מיר, דעריבער, אין די דינים און רעגולאַציעס פון אַ מלחמת רשות, וועלכע די תורה האָט אויסדריקלעך ניט פאַרבאָטן, אָבער דאָך שטאַרק באַשרענקט מיט איר גייסט פון ליבע און רחמנות.

מיר דאַרפן ניט פאַרגעסן, אַז מלחמה איז אין דער ביבלישער צייט געווען אַן אומפאַרמיידלעכער איבל. פעלקער זיינען, ווי די נאַציס און פאַשיסטן היינט, געווען פאַר־זונקען אין רויב און מאָרד. מלחמה איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דער העכסטער טוגענט. קריגס־פירער זיינען פאַרהערלעכט געוואָרן און מלחמה־העלדן זיינען ממש פאַרגעטערט געוואָרן פון זייערע פּאָעטן, דענקער און „נביאים", ווי פריער געזאָגט. האָט אונדזער תורה, וואָס האָט פאַרהאַסט מלחמות און בלוט פאַרגיסונג אין יעדער פאָרם האָט זיך געמוזט רעכענען מיט די איינגעבוירענע אינסטינקטן און זינדיקע געפילן פון די מענטשן, וועלכע זי איז געקומען צו דערהויבן און פאַרגייסטיקן. דאָס אידיש פאָלק איז אָבער, דאָך נאָך ניט געווען בכח אָפּצוזאָגן זיך פון מלחמות, וואָס איז געווען ביי אַנדערע פעלקער פאַררעכנט פון די שענסטע „מענטשלעכסטע ספּאָרט־טעטיקייטן און פאַר די העכסטע טוגענט פון לעבן".

פעלקער פלעגן פירן מלחמות צוליב דער פונקציע פון שלאָגן זיך, צוליב

פאַרטיליקן דעם שוואַכן, אָדער צוליב באַרויבן אים פון זיין אייגנטום. דאָס איז געווען זייער העכסטער ספאָרט — באַפאַלן אַ שוואַך פאָלק, פאַרניכטן זיין לאַנד און פאַנגען די באַזיגטע אַלס שקלאַפן — אַזעלכע „פרייוויליקע מלחמות" זיינען געוואָרן דער ציל און תכלית פון לעבן פון פילע אַמאָליקע טיראַנען, ווי עס איז דער ציל און תכלית פון די היינטיקע טיראַנען . . .

קומט אונדזער תורה און זאָגט, אַז מלחמה צוליב שלאָגן זיך, אָדער צוליב פאַרניכטן דעם שוואַכן איז באַרבאַריש. אויב דו ווילסט שוין יאָ גיין אין אַ מלחמה אויף דיין פיינט, ווייל דו ווילסט פאַרגרעסערן דיין מאַכט, מוזטו קודם כל פאַרשלאָגן שלום. מוזט זען אויסצוגלייכן דעם סכסוך אָן בלוט־פאַרגיסונג . . .

דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גוואַלדיקע רעפערענץ אין די ריכטונג פון וועלט שלום.

צוליב דעם ווילדן מלחמה־קולט זיינען די פעלקער פאַרשקלאַפט געוואָרן פון זייערע אייגענע הערשער און דיקטאַטאָרן. ווער עס האָט זיך נאָר געקענט שלאָגן, האָט געמוזט זיין אַ סאָלדאַט. מענער זיינען אַזעקגעשלעפט געוואָרן פון זייערע ווייבער, טאַטעס פון זייערע קינדער, חתנים פון זייערע כלות, אָרימע פויערים פון זייערע ערשט פאַרפלאַנצטע פעלדער געגן זייער ווילן. „קאָנסיענשאָס אָבדזשעקטאָרס" זיינען געוואָרפן געוואָרן אין תפיסות. דער וואָס האָט געהאַט אַ שטיקל געוויסן מיט אַ „ווייכער האַרץ" און מורא געהאַט צו פאַרגיסן מענשלעך בלוט, איז מיט גוואַלד געשלעפט געוואָרן צום שלאַכטפעלד צו הרג׳ענען מענשן.

און די מלחמה איז באַזונגען געוואָרן פון דיכטער און קינסטלער און די מאָסן־מערדער זיינען פאַרהערלעכט געוואָרן און די אומגעקומענע זיינען פאַרהייליקט גע־וואָרן . . . ספּעציעלע ימים טובים האָט מען באַשטימט אין זייער אָנדענק . . . מאָ־נומענטן האָט מען זיי געשטעלט און תפילות האָט מען פאַר זיי געזאָגט . . .

קומט צו גיין די תורה אונדזערע און זאָגט: אַז מלחמה איז גאָר ניט אַזוי וויכ־טיק און אַודאי ניט אַזוי הייליק . . . אַז „סאָלדאַטשינע" טאָר גאָר ניט איינגעפירט ווערן ביי אידן . . . די מלוכה האָט קיין רעכט ניט צוצונעמען אַ יונגען פויער פון זיין ערשט געפלאַנצטן ווייגאָרטן, אַ מאַן פון זיין ערשט־געבויטן הויז, אַ חתן פון זיין כלה, און נאָכמער — דער וואָס האָט אַ ווייך האַרץ און האָט מורא פאַר בלוט־פאַרגי־סונג און וויל ניט גיין הרג׳ענען מענשן, מעג בלייבן אינדערהיים . . .

אָט אין די דאָזיגע מלחמה־דינים שיינט אַרויס דער אייביקער מענש און וועלט־דערלייזנדיקן גייסט פון אונדזער תורה־קולטור . . .

און לאָמיר אייך זאָגן, אַז ווען די מלוכות פון 1914 וואָלטן אָפּגעהיט די מל־חמה רעגולאַציעס פון אונדזער תורה, וואָס איז געגעבן געוואָרן מיט איבער דריי טויזנט צוויי הונדערט יאָר צוריק, וואָלטן מיר ניט געהאַט אַזאַ וועלט־הריגה אין דעם „ציוויליזירטן" צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, מיט אַזאַ פאַרקריפּלטן שלום פון ווערסייל,

וואָס האָט אונדז געבראַכט די היינטיקע שוואַרצע און ברוינע דיקטאַטאָרן, וועלכע דראָ־ען מיט אַ נייער וועלט־מלחמה . . .

אונדזער תורה ווייס אַז מלחמה איז די שרעקלעכסטע קללה פון דער מענש־הייט. אויסער דעם מאַסנמאָרד פון אומשולדיקע מענשן, ווערן די קריגס־פירנדיקע אַרמייען פאַרוואַנדלט אין בעסטיעס, אַלעס מענשלעכע ווערט פאַרשוואונדן, די נידרי־קע אינסטינקטן שפּילן זיך פאַנאַנדער. דער טייוול באַהערשט די נשמה פון דעם קריגער. דעם שונא׳ס ווייב ווערט הפקר און דעם שונא׳ס טאָכטער ווערט אַ קרבן צו שטילן די העסלעכע ווילדע אינסטינקטן פון דעם צעיושעטן חייל אין דעם גיהנום פון שלאַכטפעלד.

און גראָדע פּאַסירן אַזעלכע זאַכן אין אַ „מלחמת רשות״, וואָרום אין אַ מלחמת חובה איז דער קריגער ווייניקסטנס באַזעלט פון אַ העכערער פליכט — צו באַשיצן זיין לאַנד, צו פאַרטיידיקן זיין פרייהייט, עס ליגט אים דאַן ניט אין זינען דעם שונא׳ס טעכ־טער, ווי ווען ער געפינט זיך אין אַ „מלחמת רשות״, וואו ער דרינגט אַריין אין דעם שונא׳ס לאַנד, און דאָ לאָזט ער זיך וואוילגיין מיט זיינע ווילדע טירישע אינסטינקטן. וועלכע ווערן אַרויסגערופן מיט מער ווילדקייט און צולאָזנקייט אין דעם בלוטיקן מלחמה־שפּיל . . .

דעריבער זאָגט די תורה :

„כי תצא למלחמה — און דאָס מיינט אַ פרייוויליקע מלחמה, ווי דער ספרי זאָגט: „במלחמת הרשות הכתוב מדבר״ — ווען דו וועסט אַרויסגיין צו אַ מלחמה אויף דיינע שונאים און ווען ג—ט וועט דיר העלפן און דו וועסט זיי באַזיגן און דו וועסט פאַנגען אַ געפאַנג — „וראית בשביה אשת יפת תואר וחשקת בה״ — און דו וועסט זען אין דעם געפאַנג אַ שיינע פרוי און וועסט זי גלוסטן, זאָלסטו זי נעמען פאַר דיין ווייב.

עס שטייט ניט „ואהבת אותה״ —און דו וועסט זיך פאַרליבן אין איר —נאָר „וחשקת בה״ — דו וועסט גלוסטן צו איר . . . דיין ווילדע תאווה וועט זיך צושפּילן, ווי דער שטייגער ביי אַ מענשן וואָס גייט אויף רציחה . . . זאָלסטו איר ניט פאַרגוואַל־דיקן, ווי דאָס טוען די „מלחמה העלדן״ ביי אַנדערע פעלקער, נאָר איר נעמען פאַר דיין ווייב . . . און ווען דו וועסט זי ברענגען אַהיים, מוזטו פריער אויסגעפינען אויב דיין גלוסטונג איז אַ ריינע . . . זאָל זי איר שיינעם גוף מיאוס מאַכן פאַר אַ חודש צייט. זאָל זי זיך אָפּזאָגן פון איר געצנדינערישער היים, זאָל זי אויך באַוויינען איר פאָטער און מוטער״ . . . זי איז דאָך אַ מענש מיט מענשלעכע געפילן . . . ערשט דאַן — אויב דו ליבסט זי נאָך אַלץ — זאָל זי ווערן דיין געזעצלעכע פרוי . . .

אויב אָבער, זי וועט דיר ניט מער געפעלן ווערן, זאָלסטו זי באַפרייען. דו טאָרסט זי ניט פאַרקויפן פאַר געלט און זיך ניט איזדיקעווען איבער איר, וואָרום דו האָסט זי שוין אַזוי אויך גענוג געפייניקט״ . . .

מיר זעען דאָ מיט וואָס פאַר אַן עקל די תורה קוקט אויף מלחמה און מיט וואָס פאַראַ ווידערווערטיקן געפיל זי מאַכט דאָ אַ פשרה מיט דעם מלחמה־אידן, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין „גלוסטונג״ צו אַ פרעמדער געצנדינערישער פרוי.

די תורה האָט דאָ ניט גערעדט נאָר געגן דעם יצר הרע. עס איז בעסער אידן זאָלן עסן טויטע פלייש געשאָכטענע איידער זיי זאָלן עסן טויטע פלייש פון נבלות, (קידושין כ״ב). די תורה האָט דאָ, אַלזאָ געזוכט לייכטער צו מאַכן דעם מענשן אין זיין קאַמף מיט דעם יצר הרע, וועלכער ווערט דער בעל הבית איבער אים אין דעם מלחמה שפיל . . .

אין דעם זין זאָגט דער מדרש תנחומא:

„שנו רבותינו: מצוה גוררת מצוה ועבירה גוררת עבירה — אַ מצוה ברענגט אַן אַנדער מצוה און אַן עבירה פאַראורזאַכט אַן אַנדער עבירה, אַנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַ מלחמה דערנאָך: „וראית בשביה״ — דו וועסט זען אין געפאַנג אַ שיינע פרוי און דו וועסט זי גלוסטן . . . האָסטו שוין אַ צווייטע עבירה. וואָס שטייט דערנאָך? „כי תהיין לאיש שתי נשים — ווען אַ מאַן וועט האָבן צוויי ווייבער . . . צוויי ווייבער אין הויז איז שוין קריג אין הויז . . . וואָס שטייט דערנאָך? „כי יהיה לאיש בן סורר ומורה״ . . . דער וואָס נעמט אַ יפת תואר מוז אַרויסקומען פון אים אַ בן סורר ומורה.

דאָס זעלביקע זאָגט אויך די גמרא (אין סנהדרין ק״ז), פאַרבינדנדיק די סמי־כות הפרשה פון יפת תואר מיט בן סורר ומורה. דאָס איז ניט גלאָט אַ דרש, נאָר דאָס ענטהאַלט אַ טיפער סאָציאָלאָגישער געדאַנק, וואָס רוט אויף אַ פסיכאָלאָגישער מאָטי־ווירונג.

מלחמה ווערט געטריבן פון מענשלעכעליידנשאַפטן. מיט דעם שכל ווייסן אַלע, אַז מלחמה איז אַ שפיל פאַר דעם טייוול, אַז אַפילו דער געווינער איז אויך דער פאַרלירער. אָבער די צרה איז, וואָס אין דער צוגרייטונג פאַר מלחמה, אין דער מאָבי־ליזירונג פון די אַרמייען און אין דער פראָפּאַגאַנדע צווישן פאָלק ווערט דער אַנאַלי־טישער שכל איינגעשלעפערט און די בלינדע ליידנשאַפטן ווערן געוועקט און גע־העצט...

דער מענש ווערט דאַן באַזעסן פונ׳ם טייוול, וואָס גלוסט צו אַ יפת תואר, וואָס וויל האָבן צוויי ווייבער, וואָס ליבט איינע און קריגט זיך אַרום מיט דער אַנדערער . . . זיין הויז ווערט אַ שלאַכטפעלד פאַר מענשלעכע ליידנשאַפטן, און אין אַזאַ אַטמאָספערע פון פאַר׳שכור׳טע תאוות מוז אויסוואַקסן אַ בן סורר ומורה, וועלכער וועט הרג׳ענען מענשן ווען ער וועט אויסוואַקסן . . .

און דאָס אַלץ האָט זיך אַנגעהויבן מיט אַ מלחמת רשות . . .

איצט פאַרשטייען מיר ווארום אַ „מלחמת רשות״ טאָר ניט דערקלערט ווערן סיידן דורך אַ בית דין פון איין און זיבעציק מיטגלידער (סנהדרין ב׳), אָבער ניט דער קע־ניג און ניט די מלוכה קענען דערקלערן אַ פּריוואַליקע מלחמה אויף אַ שונא אַפילו, ווייל די תורה האָט געוואוסט אַז אַ סנהדרין פון איין און זיבעציק דיינים וועט זיך גוט אי־בערלייגן ביז זיי וועלן סאַנקציאָנירן אַ קריג אויף אַ פרעמד לאַנד.

אָט אַזאַ טיפן ווידערווילן האָט אונזער תורה, שוין אין גראָען ווילדן אַלטער־טום, אַרויסגעוויזן צו מלחמה.

זעט נאָר, מיט וואָס פאַר אַ טיף־מענשלעכער רחמנות אונדזער ליכטיקע חסדים׳פולע תורה באַציט זיך צו אַ אומגליקלעכער הילפלאָזער פרוי, וואָס איז געקומען פון דעם שונא׳ס לאַנד ! . . .

ביי אַלע פעלקער פון אַלטערטום איז געווען אַ געזעץ, אַז די קריגס־געפאַנגע־נע, מאַן אָדער פרוי, האָבן געקענט פאַרקויפט ווערן אַלס שקלאַפן. אַפילו די געבילדעטע און קולטורעלע גריכן האָבן זיך ביי אָט דעם „רעכט" געהאַלטן.

אונדזער תורה, אָבער, זאָגט אָן: — זאָלסט זי ניט באַליידיקן, ווארום זי איז שוין אַזוי אויך געגנוג געפּייניגט געוואָרן. אַזאַ נאָבעלער גייסט פון רחמנות קען בלויז אַרויסשטראָמען פון דעם אייביקן קוואַל שכלו טוב וכלו חסד . . .

אַזוי האָט אונדזער תורה געזוכט צו פאַרזייען די ליבע צו שלום צווישן פעל־קער אַפילו אין זייערע מלחמות וועלכע זי האָט איינגעצוימט און „פאַרמענשלעכט" מיט אירע עטישע רעגולאַציעס, וועלכע האָבן באַצוועקט אָפּצושאַפן מיט דער צייט אינ־גאַנצן יענע מלחמות וואָס זיינען געווען, ווי מיר האָבן געזען אומפאַרמיידלעך אין יענער צייט . . .

אָט די שלום־זאָמען וואָס די תורה האָט פאַרפלאַנצט אין דעם כרם ישראל האָבן זיך שפּעטער צוואוואָקסן אין וואונדערלעכע קאָלירפולע שמעקנדיקע בלומען, וועלכע האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. אונדזערע גרויסע נביאים האָבן געמאַכט דעם וועלט פרידן פאַר דעם אידעאַל פון דעם אידנטום און דורך אים — פון דער גאַנצער מענשהייט.

דער אידישער קרעאַטיווער געניוס האָט אויף קיין ווײַלע זיך ניט אָפּגעשטעלט און ווייטער פאַרגעזעצט צו אַנטוויקלען, פאַרטיפן און אויסברייטערן דעם אידעאַל פון וועלט שלום דורך אונזערע גייסטיקע ריזן פון תלמוד און מדרש ביז דער האָס צו מלחמה און די ליבע צו שלום איז אַריין אין די בלוטן און נערוון פון אידישן פאָלק און איז געוואָרן אַ טייל פון זיין נשמה . . .

און אין דער צייט ווען פעלקער האָבן זיך געצאַצקעט מיט זייערע מלחמה צי־רונגען, מיט סאָלדאַטשינע און קריגס וואָפן זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר די גרעסטע צירונג אין וועלכער אַ מאַן קען זיך אויספּוצן, האָבן אונדזערע חכמים געקוקט אויף די מלחמה וואָפן און מאַסן־מאָרד כלי־זין, ווי אויף עקלהאַפטע פּאַסקודסטוועס, וואָס דער־נידריקן דעם מין פון מענש און אַ שאַנדע פאַר דעם צלם אלקים . . .

דעריבער טאָר אַ מאַן ניט אַרויסגיין אום שבת טראַגנדיק אַ שווערד, אַ בויגן, אַ שילד, אַ שלאַג־שטעקן און ניט קיין שפּיז זאָגט רבי אליעזר, אַז זיי זיינען תכשיטין צירונג הייסט עס, אָבער די חכמים זאָגן, אַז די אַלע מאָרד אינסטרומענטן פון מלחמה זיי־נען מער ניט ווי אַ שאַנדע פאַר דעם מענשן, ווייל עס שטייט (אין ישעיה, ב׳ ד׳) „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות" — עס וועט קומען אַ צייט ווען קיין פאָלק וועט הויבן אַ שווערד געגן אַן אַנדער פאָלק און זיי וועלן צעברעכן זייערע שווערדן אין אַקער־־

אייזנס און פון זייערע שפּיזן וועלן זיי מאַכן שנייד־מעסערס. זיך שטיצנדיק אויף דער נבואה האָבן אונדזערע חכמים אַרויסגעטראָגן דעם דין אַז מען טאָר זיי ניט טראָגן אום שבת, ווייל זיי זיינען ניט קיין צירונג, נאָר אַ שאַנדע פאַר דעם מענשן . . .(שבת ס״ג).

מלחמה איז אויך באַשרענקט בלויז צו מענער. דעריבער טאָר אַ פרוי ניט אַרויס־גיין אָנגעטאָן אין מלחמה געווער, ווייל זי טאָר ניט אָנטאָן קיין מענערשע זאַכן (נזיר כ״ח).

בעת מיר זעען, ווי דאָס אידנטום פאַרהאַסט מלחמה ביז צו דער טיפעניש פון זיין נשמה, מיינט עס נאָך ניט אַז דאָס אידנטום איז אַבסאָלוט פּאַציפיסטיש אונטער אַלע אומשטענדן.

דאָס קען מען ניט זאָגן ניט די נביאים זיינען עס געווען און ניט אונדזערע חכמים, און די תורה האָט, אין איר אייביקן האַס צו מלחמה, דאָך אָנגעזאָגט וועגן אַן אייביקע מלחמה, וואָס אי ג—ט אי דאָס אידנטום מוזן פירן געגען עמלק'ן פאַר אַלע דור־רות . . . כל זמן עמלק איז דאָ אויף דער וועלט קען כביכול ג—ט'ס נאָמען און ג—ט'ס טראָן ניט גאַנץ זיין . . . און כל זמן עמלק'ס דור לעבט אויף דער וועלט, וועלן אידן קיין רו ניט האָבן . . די וועלט וועט ניט אויסגעלייזט ווערן כל זמן עמלק'ס גייסט פאַר'סמ'ט די מענשן . . .

עמלקים זיינען דאָ אין יעדן דור. די היינטיקע עמלקים זיינען די נאַציס און פאַשיסטן וועלכע ווערן אָנגעפירט פון די צוויי גרעסטע שונאים פון דער מענשהייט, היטלער און מוסאָליני, ימח שמם וזכרם ! . . .

„זכור אשר עשה לך עמלק״ — זאָלסט תמיד געדענקען וואָס היטלער האָט דיר געטאָן, די שווידערלעכע טראַגעדיע וואָס ער האָט אויף דיר געבראַכט.

אָט די היינטיקע מלחמת עמלק איז אַ מלחמת מצוה, צו באַפרייען די גאַנצע מענש־הייט פון אַ גיפטיקער שלאַנג, וואָס וויקלט זיך אַרום איר האַלדז. אָט אין דער מלחמה מוז זיך יעדער איד באַטייליקן אַפילו חתן מחדרו וכלה מתחת חופתה, און לאָמיר האָפן אַז אין דער קומענדיקער מלחמה וועט דער היינטיקער עמלק און זיין דוך אינגאַנצן אָפּ־געמעקט ווערן פון דער ערד און מיר, צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענשהייט, וועלן אָפּ־אָטעמען פרייער . . .

# כי תצא

## וואָרום די תורה האָט גערעדט געגן דעם יצר הרע אין כי תצא למלחמה — די שלום זוימען וואָס די תורה האָט פאַרזייט אין אירע מלחמה רעגולאַציעס — וואָרום דאָס אידנטום מוז פירן אַן אייביקע מלחמה געגן עמלקין. — אונדזער היינטיקע מלחמת מצוה געגן עמלק היטלער.

„כי תצא למלחמת תמותות — במלחמת הרשות הכתוב מדבר . . . (ספרי).

„וראית בשביה אשת יפת תואר" — לא דברה תורה אלא בנגד יצר הרע מוטב שיאכלו ישראל בשר תמומות שחוטות ואל יאכלו בשר נבלות . . . (קידושין כ"א—כתב).

רבנן אמרי: תדע לך במה גדול כחו של שלום — אפילו המלחמה שאין אדם יורד לתוכה אלא בחרבות וברמחים, אמר הקדוש ברוך הוא: כשתהיו הולכין לעשות מלחמה לא תהיו פותחין תחילה אלא בשלום . . . " (דברים רבה פ' ח').

„זכור אשר עשה לך עמלק" — רבי לוי בשם רב אחא בר חנינא אומר: כל זמן שזרעו של עמלק בעולם, לא השם ולא הכסא שלם: אבד זרעו של עמלק השם שלם והכסא שלם . . . (תנחומא).

אין דער היינטיקער סדרה „כי תצא" זעען מיר, ווי אונדזער תורה נידערט אַרונטער פון אירע הימלישע הויכן און רעכנט זיך מיט די נידריקע, ערדישע און ווילדע אינ־סטינקטן פון דעם מענשן, וואָס ווערן אַרויסגערופן מיט מער ווילדקייט און צולאָזנקייט ביים סאָלדאַט אויפן שלאַכטפעלד . . .

די תורה וואָס איז ניט געגעבן געוואָרן צו מלאכים, נאָר צו זינדיקע ילוד־אשה׳ס. האָט זיך גערעכנט מיט דער צעהיצטער און צעווילדעטער תאוה, וואָס ברענט זין דעם מענשן בשעת מלחמה, ווען ער ווערט גערופן צו פאַרניכטונג און בלוט־פאַרגי־סונג . . . ווען ער ווערט באַהערשט פון דעם יצר הרע, פון דעם טייוול אַליין . . .

ווי די גמרא זאָגט עס אַזוי אויסדריקלעך און פשוט:

„וראית בשביה . . . מלמד שלא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע, מוטב שיאכ־לו ישראל בשר תמותות שחוטות ואל יאכלו בשר תמותות נבלות (קידושין כ"א—כ"ב). — דער פאַקט וואָס די תורה האָט דערלויבט צו נעמען אַן „אשת יפת תואר", אַ בילד

שיינע פרוי, וואָס אַ איד וועט דערזען אין דעם געפאַנג פון אַ מלחמה און וועט גלוסטן צו איר — דאָס לערנט אונדז. די תורה האָט עס בלויז גערעדט געגן יצר הרע . . . די תורה וואָס איז אַזוי עטיש און ריין, האָט דאָ אין איר רחמנות אויף דעם שוואַכן זינ־דיקן מענטשן, געמאַכט אַ פשרה מיט דעם טייוול אין אים, כדי ער זאָל אים אינגאַנצן ניט פאַרניכטן.

און די תורה האָט, אין איר גרויס חכמה געזאָגט: אויב אידן מוזן שוין יא עסן פלייש פון אַ קראַנקער בהמה, טאָ זאָלן זיי שוין בעסער עסן גע׳שחט׳ענע אידער גע׳פגר׳טע נבלות . . .

דאָס מיינט אַז די תורה האָט אין איר אין־סוף׳יקער חכמה געוואוסט, אַז עס איז קיין פעולה ניט צו פריידיקן הויכע מאָראַל צו מענטשן וועלכע שטייען, ווי צעהיצ־טע פערד, אויף די שלאַכט־פעלדער און זיינען באַשעפטיקט מיט מאַסנמאָרד . . .

אונדזער תורה האָט געוואוסט, אַז מלחמה איז די שרעקלעכסטע קללה פון דער מענטשהייט. דערלויבטע מאַסן־רציחה פאַרוואַנדלט מענטשן אין בלוט־דורשטיקע בעסטיעס. ווער רעדט נאָך, ווען אַט־די מאַסן־רציחה ווערט פאַרשלייערט אין אַ פאַטרי־אָטישער פליכט, פאַרהערלעכט אַלס העלדנטאַט און פאַרשליירט אין אַ אידעאַל. אַלצ־דינג וואָס איז מענטשלעך אין דעם מענטשן ווערט פאַרשוואונדן. די קריגס־פירנדיקע אַר־מייען וואַרפן אַראָפּ פון זיך דעם צלם אלקים. די חיה׳שע אינסטינקטן און די נידער־טרעכטיקסטע תאוות שפּילן זיך פאַנאַנדער גיהנום׳דיק אין די אויפגעברויזטע בלוטן.

דעם שונא׳ס לעבן מוז אוסגעלאָשן ווערן. זיין פראַצע מוז פאַרניכטעט ווערן. דעם שונא׳ס ווייב ווערט הפקר און דעם שונא׳ס טאָכטער ווערט אַ קרבן צו שטילן די ווילדע צעיושעטע ליידנשאַפטן פון חיות אין סאָלדאַטסקע מונדירן . . .

האָט די תורה אונדזערע, וועלכע איז געקומען צו העלפן דעם מענטשן איינצוצאַמען זיינע ווילדע אינסטינקטן און אויסלייטערן זיינע חיה׳שע ליידנשאַפטן, זיך גערעכנט מיט דעם אָרימען שוואַכן „בחיר״ פון דער יצירה, וואָס געפינט זיך אין פאַרשיכור׳טן צושטאַנד אויפן שלאַכטפעלד און איז ניט בכח צו קאָנטראָלירן זיינע ווילדע תאוות . . .

און ווי אַ גוטער דערציער, וואָס לערנט מיט זיינע תלמידים „מן הקל אל הכבד״ — פון לייכטן געגנשטאַנד צום שווערן — אַזוי פירט די תורה דעם שוואַכן זינדיקן מענטשן, נאָכגעבנדיק אים אַביסעלע אויף דעם פינסטערן וועג פון זינד. כדי אים נאָכדעם אַרויסצופירן אויף דעם ברייטן ליכטיקן שליאַך, וואָס פירט צו לויטערקייט, גייסטיקייט און גליקזעליקייט . . .

דעריבער זאָגט אָן די תורה:

„כי תצא למלחמה על אויביך״ — אַז דו וועסט אַרויסגיין צו אַ מלחמה אויף דיינע שונאים און גאָט וועט דיר העלפן און דו וועסט זיי באַזיגן און פאַנגען אַ געפאַנג — „וראית בשביה אשת יפת תואר וחשקת בה ולקחת לך לאשה — און ווען דו וועסט

דערזען אין דעם געפאַנג אַ בילד־שיינע פרוי און דו וועסט גלוסטן צו איר, זאָלסטו איר ניט באַפאַלן, ווי אַ ווילדע חיה. אַזוי נידריק טאָרסטו ניט זינקען אַפילו אויפן שלאַכט־פעלד . . . נאָר דו מעגסט איר נעמען פאַר דיין פרוי און איר ברענגען אין דיין הויז. דו מוזט אָבער זען, אַז זי זאָל זיך ניט פוצן פאַר דיר אַ חודש צייט . . . זאָל זי אויך האָבן אַ געלעגנהייט צו באַקלאָגן די נידערלאַגע פון איר לאַנד, צו באַווייגען אירע עלטערן, אָדער ווי די גמרא וויל האָבן, דעם ג—ט פון אירע עלטערן . . . און ערשט דאַן קען זי ווערן דיין געזעצלעכע פרוי . . .

אויב אָבער, זי וועט ביז דאַן דיר מער ניט געפעלן, זאָלסטו איר באַפרייען. דו טאָרסט איר ניט פאַרקויפן, און אויך ניט אָוועקשיינקען עמיצן פאַר אַ מתנה, און זאָלסט זיך ניט איזדיקעווען איבער איר. וואָרום זי איז שוין אויך אַזוי גענוג געפייניקט געוואָרן . . .

מיר זעען דאָ מיט וואָס פאַראַ ווידערווערטיקן געפיל די תורה מאַכט דאָ אַ פשרה מיט דעם אידן, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין „גלוסטונג” צו אַ פרעמדער געפאַנגענער פרוי.

נאָכגעבנדיק זיין תאווה, וויל אים דאָ די תורה פאַרהיטן פון אינגאַנצן פאַר'־חיה'שט ווערן . . . ער טאָר איר ניט פאַרגוואַלדיקן און אָוועקוואַרפן, ווי דאָס איז געווען, און איז ווי היינט, דער שטייגער אויף די שלאַכטפעלדער, אַ אידישער סאָלדאַט טאָר אַזוי ניט האַנדלען. אַ אידישער סאָלדאַט מוז אַרויסווייזן מענשלעכקייט צו דער אָרימער געפאַנגענער פרוי פון זיין באַזיגטן שונא . . . אַ אידישער סאָלדאַט טאָר ניט פאַרלירן זיין צלם אלקים אפילו אויפן שלאַכטפעלד . . . זיינען זיי דאָך זיינע עלטערן אַמאָל ביים באַרג סיני געשטאַנען . . . איז ער דאָך אַ אייניקל פון אברהם העברי, וועלכער האָט געוויזן אַ ביישפיל, ווי נאָבל און ווי ריין עס דאַרף געפירט ווערן אַפילו אַ באַפרייאונגס מלחמה . . .

און מיט וואָס פאַראַ טיפן רחמנות געפיל באַציט זיך די תורה צו דער אומ־גליקלעכער הילפלאָזער פרוי, וואָס איז געקומען פון דעם לאַגער פון דעם קריגס־שונא.

ביי אַלע פעלקער פון אַלטערטום איז געווען געזעצלעך צו פאַרקויפן די קריגס־געפאַנגענע פאַר שקלאַפן, אפילו די געבילדעטע און קולטורעלע גריכן האָבן זיך ביי דעם געזעץ געהאַלטן.

אונדזער תורה אָבער, מאַכט דאָ אַן אויסנאַם אָנזאָגנדיק: „זאָלסט זי ניט פאַרקויפן און דו טאָרסט ניט באַלעבאַטעווען איבער איר, דערפאַר וואָס דו האָסט איר שוין אויך גענוג געפייניקט! — אַזאַ טיף מיטגעפיל און רחמנות האָט געקענט אַרויס־שטראָמען בלויז פון דעם אייביקן מקור הרחמים והחסד, וועלכער איז אין תוך געגן אַלע מלחמות און בלוט־פאַרגיסונגען צווישן פעלקער . . .

די תורה האָט אָבער געפילט, אַז מען קען ניט אַרויסקומען מיט אַ פאַרבאָט אויף מלחמות, כל זמן אירע עטישע אידעאַלן זיינען נאָך ניט פאַרשלונגען און פאַר־דייט געוואָרן אין די קולטורן פון די פעלקער.

האָט די תורה געטאָן מיט דעם מלחמה־קולט דאָס זעלביקע וואָס זי האָט געטאָן מיט דעם קרבנות־קולט, וואָס איז איר ניט געווען לרצון נאָר „לרצונכם״ . . . און אַזוי ווי זי האָט ניט געפונען פאַר נויטיק אָפּצושאַפן אינגאַנצן דעם קרבנות־קולט, ווייל ער איז געווען פּאָפּולער און איינגעוואָרצלט אין דער מענשלעכער געזעלשאַפט, אַזוי האָט די תורה ניט געזוכט אָפּצושאַפן די מלחמה אינסטיטוציע צווישן פעלקער, נאָר איר באַשריינקען, רעפאָרמירן, פאַרמענשלעכן און זי דערהויבן אַזוי נאָענט צו איר שלום־אידעאַל, אַז אונזערע נביאים זאָלן קענען שפּעטער שעפּן פון איר די וויזיעס פון דעם וועלט־שלום, דעם אחרית־הימים . . .

דאָס זעלביקע האָט אויך די תורה געטאָן מיט דעם קרבנות־קולט, וועלכן זי האָט אויסגערייניקט פון זיין פּאַגאַנישן אינהאַלט און אים דערהויבן צו די העכסטע און מאָראַלישע און עטישע הויכן, פון וועלכע אונזערע נביאים האָבן שפּעטער געשטורעמט געגן די כהנים, וועלכע האָבן דעגראַדירט דעם געלייטערטן אידישן קרבנות־קולט מיט אַ פּאַגאַנישן אינהאַלט . . .

אין אַלע געזעצן וועגן די אומפאַרמיידלעכע מלחמות האָט אונזער תורה געזוכט צו פאַרזייען די זוימען פון שלום, פון וועלכע עס האָבן שפּעטער אַרויסגעשפּראָצט און אַזוי הערליך פאַנאַנדערגעבליט די נביאישע וויזיעס פון וועלט־פרידן, וועלט־דערלייזונג און משיחיזם, וואָס איז געוואָרן דער סאַמע מהות פון היסטאָרישן אידנטום . . .

„רבנן אמרו: תדע לך כמה גדול גדול כחו של שלום, אפילו המלחמה שאין אדם יורד לתורה אלא בחרבות וברמחים. אמר הקדוש ברוך הוא: כשתהיו הולכין לעשות מלחמה ,לא תהיו פותחין תחילה אלא בשלום, מנין — ממה שקרינו בענין (דברים כ׳) „כי אל עיר להלחם עליה וקראת אליה לשלום״ — די חכמים האָבן געזאָגט: זאָלסט וויסן זיין, ווי גרויס עס איז דער כח פון שלום, אַז אפילו אין דער מלחמה וואוהין מענשן קומען מיט שווערדן און שפּיזן אין זייערע הענט און מיט רציחה אין זייערע הערצער און זייער גרייט זיך אויסצושלאַכטן איינער דעם אַנדערן, האָט דער הייליקער געבענשט איז ער, אָנגעזאָגט: אַז איר וועט דערנענטערן זיך צו אַ שטאָט פאַר קריג, זאָלט איר פריער עפענען דעם קאַמף מיט שלום־פאַרהאַנדלונגען. מיר ווייסן דאָס פון דעם וואָס מיר לייענען אין דער תורה: „ווען איר וועט גענענען צו אַ שטאָט, צו האַלטן מלחמה קעגן איר, זאָלט איר איר פריער אָנבאָטן פרידן״ (דברים רבה פ׳ ה׳).

מלוכות האָבן געפירט מלחמות צו פאַרגרעסערן זייער מאַכט אויפן חשבון פון אַנדערע פעלקער. מלחמה איז פון די פּאַגאַנעס אַנטוויקלט געוואָרן צו דער העכסטער מידה פון פּאַטריאָטיזם. מאַסן־מאָרד און קריגס־רויב איז באַטראַכט געוואָרן אַלס די העכסטע טוגנד. די קריגס־העלדן זיינען פאַרהערלעכט און פאַרגעטערט געוואָרן. פעלקער פלעגן אויך פירן מלחמות גלאַט אַזוי, צוליב דער פונקציע

פון שלאָגן זיך . . . פאַרטיליגן דעם שוואַכן, צו רויבן זיין אייגנטום, פאַרכאַפּן זיין לאַנד — דאָס איז געווען דער גרעסטער ספּאָרט — קומט די תורה אונזערע און זאָגט אָן: אַז דו גייסט אויף מלחמה, מוזטו פאַרשלאָגן שלום. זע פריער אויסצוגלייכן דעם סכסוך אָן בלוט־פאַרגיסונג . . .

אָט דער שלום־אידעאַל, וואָס שיינט אַרויס, ווי אַ ליכטיקער דימענט פון די מלחמה־רעגולאַציעס פון אונדזער תורה, האָט מיט נאָך מער שיינקייט און פּראַכט אַרויס־געשיינט פון אונדזערע נביאים און שפּעטער, פון אונדזערע תנאים, אמוראים חכמים גאונים און מקובלים, די דערקלערער און אויסטייטשער פון אונדזער תורה, וועלכע האָבן געמאַכט דעם וועלט־פרידן אַלס דעם העכסטן אידעאַל פון אונדזער פאָלק און אים פאַרבונדן מיט דער אידישער גאולה . . .

דער קרעאַטיווער אידישער פאָלקס־געניוס האָט זיך אויף קיין איין ווײַלע ניט אָפּגעשטעלט, אפילו אין די שווערסטע בלוטיקסטע טראַגעדיעס פון אונזער לאַנגן שוידערלעכן גלות . . . די אידישע פאָלקס־נשמה האָט דורך די אַלע פינסטערע צייטן פאַרטגעזעצט צו אַנטוויקלען, פאַרטיפן, פאַרפיינערן און פאַרברייטערן דעם אידעאַל פון וועלט־שלום דורך אונזערע גייסטיקע ריזן, חכמים קדושים ומקובלים, וועמעס וועלט־דערלייזנדיקע געדאַנקען און משיחישע אידייעס לויכטן ווי טויזנט זונען פון אונזער רייכער רעליגיעזער און וועלטלעכער פאָלקלאָר אַרויס . . .

און אַזוי איז די ליבע צו שלום און האַס צו מלחמה אַריין אין די בלוטן און נערוון פון אידישן פאָלק און איז געוואָרן דער אָטעם פון זיין נשמה . . .

במה דברים אמורים, ווען איז דאָס אַלץ גערעדט געוואָרן, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אַ מלחמת הרשות, דאָס הייסט, וועגן אַ מלחמה, וואָס אַ מלוכה פירט אָן צו פאַרגרעסערן איר מאַכט. קעגן אָט אַזעלכע מלחמות האָט אונדזער תורה אויסגע־דריקט איר ווידערווילן.

„כי תצא למלחמה" — זאָגט דער ספרי: „במלחמות הרשות הכתוב מדבר" — דער פסוק רעדט דאָ וועגן אַ פרייוויליקער מלחמה, וואָס איז אין איר תוך ניט גע־ווען אין איינקלאַנג מיט דעם תורה־גייסט.

עס איז אָבער דאָ אַ „מלחמת חובה", אַ „מלחמת מצוה", דאָס איז אַ באַפריי־אונגס־מלחמה פון וועלכער אברהם אבינו האָט אונדז געגעבן אַביישפּיל . . .

מיט דעם גאַנצן עטישן און פּאַציפיסטישן גייסט פון דער תורה, האָט זי דאָך פאַרפליכטעט דעם אידישן פאָלק צו קעמפן קעגן די „זיבן פעלקער", די אַזוי־גערופענע „שבעה עממין", וואָס זענען געזעסן אין דער פאַרשפּראָכענער אידישער היימלאַנד, באַדראָענדיק די וועלט מיט איר ווילדער פאַגאַנישער קולטור.

יענע „מלחמת מצוה" איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן. דאָס האָט עקזיסטירט אַזוי לאַנג ביז די אידן זיינען אַריין אין ארץ־ישראל מיט אַרום דריי טויזנט יאָר צוריק.

עס איז אָבער נאָך געבליבן אַ „מלחמת מצוה", וועלכע איז אַקטועל און בינדנ־

דיק פאַר אַלע צייטן. דאָס איז די אומקאָמפּראָמיסלעכע מלחמה קעגן עמלק'ן און דעם עמלק'ישן דור פאַר אַלע צייטן און דורות.

דעריבער שליסט די תורה די סדרה פון „כי תצא" מיט דעם אָנזאָג פון זכירת עמלק — „זכור אשר עשה לך עמלק" — געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן אונטערוועגס, ווען איר זייט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים! . . .

עמלק שטעלט מיט זיך פאַר דעם פינסטערן צעשטערנדיקן כח פון דער מענשהייט. עמלק איז די פאַרקערפּערונג פון רשעות, שקר און רציחה אויף דער וועלט. עמלק סימבאָליזירט די ווילדע רעאַקציע, וואָס שטייט אין וועג פון דעם מענשלעכן פּראָגרעס. עמלק איז דער פאַרביסנסטער שונא פון אידישן פאָלק, ווייל אין אים הויזן די טייוולשע כחות פון גיהנום, ווייל אַלע בלוטיקע טיראַנען, זעלבסט-הערשער, מענשן־פאַרשקלאַפער און פעלקער־באַדריקער מוזן אין זייער נאַטור זיין אידנפרעסער, ווייל דער ליכטיקער גייסט פונם אידנטום דינט ווי אַ פּראָזשעקטאָר אויף זייערע מעשים תעתועים . . .

אַמאָל האָבן זיי געהייסן עמלקים. היינט הייסן זיי נאַציס, פאַשיסטן, אָבער זיי זיינען אַלע די שוואַרצע קינדער פון דעמזעלביקן טייוול, קעגן וועלכע מיר מוזן קעמפן ביז זייער געדעכעניש וועט אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד, ווייל עס איז ניטאָ קיין פשרות און קיינע „אַפּיזמענטס" מיט עמלק'ן . . . און קיינמאָל טאָרן מיר ניט פאַרגעסן וואָס די אַמאָליקע און היינטיקע היטלער-עמלקים האָבן אונדז אָנגעטאָן, ווי זיי זיינען באַפאַלן מיט אַכזריות די שוואַכע פעלקער און אַזוי ברוטאַל געפּייניקט די שוואַכסטע פון שוואַכע, די אידישע מינאָריטעט און זיך איזדיקעוועט איבער די „כל הנחשלים אחריך ואתה עיף ויגע" . . .

דעריבער מוזן מיר אויסמעקן דעם זכר פון עמלק'ן פון אונטערן הימל, ווייל כל זמן דער זאָמען פון עמלק'ן איז דאָ אויף דער וועלט, איז גאָט'ס נאָמען ניט גאַנץ און ניט זיין טראָן איז גאַנץ (תנחומא).

איז דעריבער די היינטיקע מלחמה קעגן נאַציזם און פאַשיזם אַ „מלחמת חובה" אויף אַלע אידן צוזאַמען מיט דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענשהייט.

און געלויבט איז דער אויבערשטער, וואָס מיר האָבן אַזעלכע מעכטיקע שותפים ווי אַמעריקע, ענגלאַנד און רוסלאַנד, וועמעס פירער האָבן זיך פאַרשוואָרן ניט צו מאַכן קיין שלום מיט דעם נאַצי־רעזשים און אַז די מלחמה מוז געפירט ווערן ביז „מחה תמחה את זכר היטלער ומוסאליני מתחת השמים". ערשט דאַן וועט דער אידעאַל פון אַ וועלט־שלום קענען פאַרווירקלעכט ווערן, און אונזער פאָלק וועט ענדלעך אויפגעריכט ווערן פאַר אַלע אייביקייטן.

# כי תבא

## די טרייסטפולע הקדמה צו דער "תוכחה", וואָס ענטהאַלט דעם סוד פון נצח ישראל און וואַרפט אַ ליכט אויף דעם זין פון אונדזערע ליידן. — די תורה האָט געזוכט צו באַוואָרענען אידן קעגן אַ גלות קאָמפּלעקס, אין דער אויסטייטשונג פון אונדזערע חכמים

קשה היא גלות שהיא שקולה כנגד כל הקללות שבתוכחה... (ספרי עקב) „את ד׳ האמרת היום״ — מכאן שנשבענו להקב״ה שאין אנו מעבירין אותו באל אחר, ואף הוא נשבע לנו שאין מעביר אותנו באומה אחרת (גיטין נ״ז).

„להיותך לו לעם סגולה״ — זהו בתורה ובמצוות.

„ולתת עליון על כל הגוים אשר עשה לתהלה לשם ולתפארת״ — זיהו בחכמה ובנימוס ובסדר נאה;

„ולהיותך עם קדוש״ — זהו לבלי להתערב בגוים ולבלי לעשות כמעשיהם, רק מופרש ומובדל בקדושה ובטהרה, כי בשעה שהם בשפלות אז רוצין למצוא חן בעיני העמים וכמקולקלין שבהם יעשו ויש אשר יתחתנו עמהן, לא כן בשעה שיהיו לתהלה ולתפארת, אז יהיו עם קדוש מופרש ומובדל (משך חכמה).

אמר ר׳ יוסי כל ימי הייתי מצטער על מקרא זה „והיית ממשש בצהרים כאשר ימשש העור באפלה״ — אמרתי וכי מה אכפת לו לעור בין אפלה לאורה? עד שבא מעשה לידי. פעם אחת הייתי מהלך באישון לילה, ואפלה וראיתי סומא שהיה מהלך בדרך ואבוקה בידו וכו׳ (מגילה כ״ד).

**די היינטיקע סדרה „כי תבא״ איז ניט אַזוי שטאַרק פּאָפּולאַר צווישן אונדזערע אידן, מחמת זי ענטהאַלט די באַרימטע מורא׳דיקע „תוכחה״, וואָס וואַרפט אַן אַן אימה אויף יעדן איינעם וואָס איז מעביר די פּרשה.**

**איך געדענק, ווען איך בין נאָך געווען אַ חדר־אינגל און געלערנט חומש ביי מיין רבי׳ן, ר׳ משה גאָלדעס, זכרונו לברכה, פלעגט מיר אַריבערגיין אַ סקרוך איבערן לייב, ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער פּרשה „כי תבא״.**

**אַ קליין־קייט, אַזעלכע פינסטערע, ביטערע און וויסטע קללות!**

**איך פלעג בלויז רחמנות האָבן אויף מיין אַלטן, גוטן און פרומען רבי׳ן, וועלכער האָט זיך, נעבעך, געמאַטערט צו פאַרטייטשן די נעמען פון די פאַרשיידענע קללות אויף אונזער פּראָסטן פּשוט׳ן ליטווישן מאַמע־לשון . . .**

**מיר, קינדער פון דער „חומש כתה״, אַלע זיבן-אַכט-יעריקע „משה׳לעך און שלמה׳לעך״, זיינען געזעסן אַרום דעם לאַנגן טיש מיט בלאַסע פּנים׳לעך און צע־שראָקענע אויגעלעך, וועלכע האָבן געקוקט מיט אַ טיפן רחמנות אויף דעם געקנייטשטן שטערן און אויף דער ציטערדיקער ווייסער באָרד פון אונזער אַלטן רבי׳ן, ווענעס**

ריין און הייליק מויל האָט קיינמאָל קיין קללה, חלילה, ניט אַרויסגעבראַכט, און איצט דאַרף ער נעבעך, זיצן און פּאַרטייטשן צו זיינע קליינע תלמידים׳לעך:

„והיה — און עס וועט זיין — אם לא תשמע בקול ד׳ אלקיך — אויב דו וועסט זיך ניט צוהערן צו דעם קול פון גאָט דיין האַר, אָפּצוהיטן און צו טאָן אַלע מצוות און זיינע געזעצן, וואָס איך פאַרזאָג דיר היינט — ובאו עליך כל הקללות האלה והשיגוך — וועלן אָנקומען איבער דיר אַלע די דאָזיקע קללות און זיי וועלן דיר דער־גרייכן״.

„ארור אתה בעיר וארור אתה בשדה״ — פאַרשאָלטן וועסטו זיין אין שטאָט און פאַרשאָלטן אין פעלד . . . ג—ט וועט אויף דיר אָנשיקן די מארה, די מהומה, די מגערת . . . ער וועט דיר שלאָגן מיט שחפת, קדחת, דלקת, חרחור ,חרב, שדפון און ירקון . . .

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם מאָמענט, ווען דער רבי האָט זיך אָפּ־געשטעלט. זיין ברייטער רבנישער שטערן האָט זיך פאַרטראַכט. זיין ווייסע פּאַט־ריאַרכאַלישע באָרד האָט געציטערט. אין זיינע נערוועזע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פּאָר טרערן . . . פּלוצים האָט ער אַ מיש געטאָן דעם חומש אַ פּאָר בלעטער ווייטער און אונז געהייסן אָנהויבן פון דער פרשה כ״ט.

„מיר וועלן, קינדער, איבערהיפּן די תוכחה״ — האָט ער געזאָגט מיט צער אין זיינע פייכטע אויגן — „בישקשה, אַז איר וועט עלטער ווערן, וועט איר שוין אַליין אויסגעפינען דעם באַדייט פון די קללות״ . . .

און דער רבי איז גערעכט געווען.

ווען מיר זיינען עלטער געוואָרן, האָבן מיר שוין געוואוסט ניט נאָר דעם באַדייט, נאָר אויך דעם ביטערן טעם פון דער „תוכחה״ . . .

איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז די תוכחה ליגט גאָר ניט אין דער הייליקער אומשולדיקער פרשה, נאָר אין אונדז גופא . . .

נאָר, איר ווייסט דאָך, „הכל תלוי במזל אפילו ספר תורה שבהיכל״ — אַלץ הענגט אָפּ פון אַביסעלע מזל און אפילו אַזאַ אומשולדיקע פרשה פון דער תוכחה אין דער היינטיקער סדרה.

דאַכט זיך, די פרשה איז אַ חלק פון דער תורה, וואָס איז כולה קדושה טהורה. טאָמער זאָל, חלילה, פעלן אַן אות, אפילו אַ קוצו של יוד, פון דער „תוכחה״, איז דאָך דער גאַנצער ספר פּסול, און פונדעסטוועגן, ווילן אידן ניט אויפגערופן ווערן צו מאַכן אַ ברכה איבער אָט דער פרשה פון דער תורה . . .

אין מיין שטעטל, ריטעווע, וואו די בעלי בתים פלעגן זיך אָפּטמאָל צור־פּאַטשן איבער אַ „שלישי״, אַ „שישי״ אָדער אַ מפטיר, און וואו די אָרימע אידן, די „עמך״ פלעגן זיך פילן גליקלעך, ווען זיי האָבן באַקומען כאָטש אַזאַ „בילי־געס״ עליה ווי „איינס פאַר אחרון״ — ווען עס איז אָבער געקומען צו דער פרשה פון דער „תוכחה״ האָבן אַלע מוחל געווען אויף דעם כבוד . . .

און די אָרימע, פאַרשעמטע פּרשה פלעגט נעבעך, ליגן אַן אָפענע אויפן שולחן און וואַרטן ווי, להבדיל, אַ פאַרזעסענע בתולה, אויף איר אויסלייזער, ביז דער בעל קורא אַליין ר׳ איצע חנה׳ס, אָדער דער שמש, ר׳ משה אהרן, האָט זיך אויף איר דערבאַרימט און איר מקדש געווען מיט אַ ברכה . . .

און אין דער איצטיקער טראַגישער צייט פון מלחמה, חורבן און כאַאָס, ווען די גאַנצע וועלט וואַרפט זיך אין קאָנוואולסיעס און מער ווי אויף אַנדערע פעל־קער, האָט זיך די „תוכחה״ אויף אונזער אָרימער, צעפייניקטער אומה אויסגעגאָסן, לייענען אַ סך אידן די היינטיקע סדרה מיט אַ ברוגז אין זייערע פאַרביטערטע הערצער און מיט תרעומות׳דיקע בליקן כלפי שמיא.

און יענע פאַראיבלדיקע אידן ווייסן ניט אָדער ווילן ניט וויסן, אַז די תורה איז אַזוי שולדיק אין די אידישע צרות ווי דער טיש, אין וועלכן דאָס צעלאָזן קינד האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין זיין בלינדער לויפעניש . . . אויך דאָס קינד איז ברוגז אויפן טיש, וואָס האָט אים ווי געטאָן . . .

יאָ, מענשן זיינען גאַנץ אָפט גרויסע קינדער. זיי באַגרייפן ניט, אַז אין דער גאַנצער תורה איז ניטאָ קיין איינציקע בייזע קללה פאַר דעם מענשן, אַז פון „בראשית״ ביז „לעיני כל ישראל״ איז זי כלה ברכה, ווייל זי איז די אויסשטראַלונג פון דעם מקור הטוב והחסד . . .

די קללות וואָס מיר געפינען אין דער תורה זיינען בלויז וואָרנונגען, וואָס פירן דעם מענשן צו דער העכסטער גליקזעליקייט. די אומגליקן און צרות אויף דער וועלט האָבן מענשן אַליין זיך גענומען קעגן דעם וואונש פון דער תורה, ווי דער נביא זאָגט: „כי לא אחפוץ במות המת כי אם בשובו מדרכו וחיה״ — ג—ט וויל אַז דער מענש זאָל לעבן גליקלעך . . . דער מענש, אָבער, איז קינדיש, בלינד און ווייסט ניט דעם וועג צו זיין אמת׳ן גליק, האָט אים דאָך דעריבער גאָט אַ תורה געגעבן, וואָס זאָל אים באַלייכטן דעם וועג . . .

משל, למה הדבר דומה, צו וואָס איז דאָס געגליכן־ צו אַ דאָקטאָר וואָס פאַר־זאָגט זיין פאַציענט, אַז אין אָט דעם פלעשעלע געפינט זיך סם־המות, און אויב ער וועט עס טרינקען, וועט ער מוזן שטאַרבן אין גרויסע ווייטיקן. דער קראַנקער האָט אים אָבער ניט געפאָלגט און האָט יאָ געטרונקען פון דעם פאַרפירערישן גיפט, און ווען ער האָט באַקומען אַ טויטלעכע ברענעניש אין מאָגן, איז ער גאָר אין כעס אויפן דאָקטאָר, הלמאי ער האָט אים פאַרשאָלטן.

כך, אַזוי איז מיט דער היינטיקער „תוכחה״, וועלכע איז מער ניט ווי אַ התראה, אַ וואָרנונג, הייסט עס, וואָס ג—ט האָט אונז געגעבן כדי אונזער לעבן זאָל זיין פול מיט גליק און ברכה.

נעמט, למשל, די היינטיקע פאַרפירטע און פאַרפייניקטע וועלט, וואָס וואַרפט זיך אין קאָנוואולסיעס פון מלחמה און חורבן, און דער יאָמער פון גאַנצע פעלקער

צערייסט די הימלען — אַט דאָס אַלץ איז ניט געקומען ווייל ג—ט האָט אַזוי געוואָלט, נאָר ווייל די מענשן האָבן אין זייער ג—טלאָזיקייט זיך אַליין דערפירט צו אַט דער מורא׳דיקער טראַגעדיע!

און מיר, אידן, דער „אור לגוים״, טראָגן אַ געוויסע אחריות פאַר דער גאַנ־צער מענשהייט . . . אפשר, האָבן מיר ניט ריכטיק דורכגעפירט אונזער שליחות אויף דער ערד. מעגלעך, אַז מיר האָבן מיט די פעלקער ניט געלערנט ווי עס באַדאַרף צו זיין . . . אפשר איז אונדזער לעבן ניט געווען אין דעם ליכט פון דער תורה . . .

איז דעריבער מקוים געוואָרן אויף אונדז דער פסוק פון דער היינטיקער „תוכחה״: „והיית ממשש בצהרים כאשר ימשש העור באפלה״ — און דו וועסט טאַפּן אין מיטנטאָג אַזוי ווי אַ בלינדער טאַפּט אין דער פינסטער . . . עס איז ליכטיק אַרום אונז, און די זון פון אונזער הייליקער און אייביקער תורה גיסט נאָכאַנאַנד איר ליכט אויף אונדז, און מיר אַליין זיינען בלינד, מיר טאַפּן נאָך אַלץ אין דער פינסטער . . .

די גמרא (מגילה כ״ד:) ברייגנט אַ טיפזיניקן מאמר פון ר׳ יוסי, וועלכער זאָגט, אַז ער האָט זיך מצער געווען זיין גאַנץ לעבן איבער דעם אויבנדערמאָנטן פסוק:

וואָס הייסט: „דו וועסט טאַפּן אין מיטנטאָג ווי דער בלינדער טאַפּט אין דער פינסטערניש? וואָס פאַר אַן אונטערשייד איז דעם בלינדן צווישן טאָג און נאַכט, אַז ער זעט סיי ווי סיי ניט?״ — פרעגט דער תנא מיט צער.

דער פסוק איז אים שפּעטער קלאָר געוואָרן, דערציילט ער, דורך דעם פאָלגנ־דיקן צופאַל.

„פעם אחת הייתי מהלך באישון לילה ואפלה וראיתי סומא ואבוקה בידו״ — איינמאָל בין איך געגאַנגען אין אַ שטאָק־פינסטערער נאַכט און האָב באַגעגנט אַ בלינדן, וואָס האָט געטראָגן אַ שטורקאַץ, אָדער אַ לאַמטערנע. האָב איך אים גע־פרעגט: אויף וואָס דאַרפסטו דעם שטורקאַץ? דו קענסט דאָך סיי ווי ניט זען. האָט ער מיר געענטפערט: „כל זמן שאבוקה בידי״ — כל זמן איך טראָג דעם פאַקעל, וועלן מענשן מיר דערזען און מיך ראַטעווען פון גריבער, פון דערנער און אַנדערע שטרויכלונגען.

רבי יוסי ווייזט דאַן אָן אויף איינער פון די טראַגישסטע קללות פון דער „תוכחה״. אידן טראָגן אַ גרויסן פאַקעל, אַ ליכטיקע תורה, וואָס פאַרפלייצט מיט איר ליכט, ווי די זון אין מיטנטאָג אָבער זיי אַליין זיינען בלינד . . . זיי טאַפּן אין דער פינסטער . . . און וואַרטן אַז אַנדערע זאָלן זיי דערזען צוליב דעם פאַקעל וואָס זיי טראָגן און אויף זיי רחמנות האָבן.

דער רעליגיעזער איד פילט זיך גאָרניט אַזוי אומגליקלעך אין זיין טראַגעדיע ווי גרויס זי זאָל ניט זיין, דער זעעוודיקער איד איז ניט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, ווי טיף זיין קערפּערלעכע ירידה זאָל ניט זיין. דער איד אין וועמעס נשמה עס

לוויכטיקט די תורה, באַגרייפט דעם זין פון אידישן היסטאָרישן לעבן און דעם טעם פון זיינע יסורים. ער ליידט ניט פון דעם מינדערווערטיקייט געפיל, וואָס דער „בלינ־דער" איד ליידט . . .

פאַר דעם זעעוודיקן אידן איז די „תוכחה" ביט קיין סוף צום אידישן לעבן חלילה. פאַר אים זיינען די יסורים פון גלות אַ שעפערישער לייטערונגס־פּראָצעס, און אין זיינע טיפסטע ליידן פילט ער זיך אַלץ שטאַלצער און העכער איבער זיינע פאַרפאָלגער און פייניקער . . .

פאַרשאָלטן און אומגליקלעך זיינען די יעניקע אידן, וועלכע זיינען, צוליב דער שולד פון זייערע עלטערן, געשטראָפט געוואָרן מיט גייסטיקער בלינדקייט און זיי קענען ניט זען דעם זין פון דעם אידישן יסורים'דיקן לעבן. זיי ליידן פון אַ שרעקלעכן „אינפעריאָריטעט קאָמפּלעקס" און פון דעם פאַרשאָלטענעם זעלבסט-האַס...

דעריבער באַגייען יענע „בלינדע" אידן זעלבסטמאָרד, ווען די „תוכחה" נעמט זיך גיסן אויף זיי . . . דעריבער האַסן יענע אידן אַלץ וואָס איז אידיש און זוכן זיך אַליין צו פאַרלייקענען, ווען עס איז זיי גוט, ווען זייערע שונאים באַהאַנדלען זיי מער מענשלעך . . .

און זיי ווייסן נעבעך ניט, יענע אומגליקלעכע, אומוויסנדיקע און ניט־זע־עוודיקע אידן, צי זיי ווילן אָדער ניט — זיי קענען פון זייער אייגענער הויט ניט אַרויסגיין . . . אַז דער היסטאָרישער וועג פון אידישן פאָלק איז אַן אָנגעצייכנטער און אַ באַלויכטענער, ווי אַ געבונדענער דורך דעם אַלטן, אייביק־נייעם בונד ביים באַרג סיני, וואו מיר האָבן געשוואָרן ניט צו פאַרבייטן אונזער תורה, פונקט ווי ג—ט האָט געשוואָרן אונדז ניט צו פאַרבייטן אויף קיין אַנדער פאָלק . . .

און איידער די תורה טרעט צו צו דער „תוכחה", האָט זי געפונען פאַר נוי־טיק צו עפענען אונדזערע אויגן צו דעם זין פון אונדזערע ליידן, כדי מיר זאָלן, חלילה, ניט פאַרצווייפלט ווערן און ניט באַהערשט ווערן פון אַ געפערלעכן גלות־קאָמפּלעקס . . .

„את ד' האמרת היום להיות לך לאלקים" — דו האָסט היינט אויסדער־וויילט ד' אים צו האָבן פאַר דיין ג—ט, און צו גיין אין זיינע וועגן, און צו היטן זיינע חוקים און זיין געבאָט און זיינע געזעצן און צו צוהערן צו זיין קול.

„וד' האמירך היום להיות לו לעם סגולה" — און ג—ט האָט דיר היינט אויסדערוויילט אים צו זיין פאַר אַ ליבלינגס־פאָלק, אַזוי ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט — זאָגט די גמרא: „מכאן שנשבענו להקדוש ברוך הוא, שאין אנו מעבירין אותו באל אחר, ואף הוא נשבע לנו, שאין הוא מעביר אותנו באומה אחרת".

דערפון לערנען מיר אַז מיר האָבן געשוואָרן צום הייליקן, געבענטשט איז ער, אַז מיר וועלן אים ניט פאַרבייטן אויף אַן אַנדער ג—ט, און אויך ער האָט אונז צוגעשוואָרן, אַז ער וועט אונדז ניט פאַרבייטן אויף אַן אַנדער פאָלק (גיטין נ"ז).

און אַזוי ווי די קורצע „תוכחה" אין „בחוקותי" שליסט זיך מיט דעם טרייסט־

פולן צוזאָג פון „ואף גם זאת בהיותם בארץ אוביהם לא מאסתים ולא געלתים” וְכו׳, אַזוי ענטהאַלט די היינטיקע סדרה אַלס פאָרבאַדינג צו דער „תוכחה”, דעם קעגנזייטיקן אָפּמאַך צווישן ג—ט און פאָלק — יענע קעגנזייטיקע אייביקע שבועה וואָס איז דער סוד פון „נצח ישראל לא ישקר” . . .

און אַז די דאָזיקע קעגנזייטיקע שבועה פון נצח ישראל איז אַ באַוואָרעניש פון קעגן יאוש און אַראָפּגעפאַלנקייט, קעגן אַן אינפעריאָריטעט קאָמפּלעקס, אַקטיוו אין אידישן לעבן, באַווייזט דער פאָלגנדיקער פּסוק אין דער אויסטייטשונג וואָס איז עלול צו ווערן געפּערלעך אין דעם ביטערן גלות, ווען די תוכחה ווערט פון דעם „משך חכמה” . . .

„להיות לו לעם סגולה” — דאָס מיינט דורך תורה און מצוות.

„ולתתך עליון על כל הגוים” — זהו בחכמה ובנימוס ובסדר נאה — אידן דאַרפן האָבן וועלטלעכע קולטור, הייסט עס, מיט אַ שיינער אָרדנונג אין זייער לעבן.

„ולהיותך עם קדוש” — זהו לבלי להתערב בגוים ולבלי לעשות כמעשיהם — אידן דאַרפן זיך פילן אַלס „הייליק פאָלק” און דעריבער מוזן זיי האַלטן הויך דעם אידישן נאָמען, וועלכער דאַרף זיין „לתהלה לשם ולתפארת” . . . ווארום ווען אידן פילן זיך נידעריקער צוליב זייערע יסורים אין גלות, „אז רוצין למצוא חן בעיני העמים” — דאַן זוכן זיי צו געפינען לייטזעליקייט אין די אויגן פון די פעלקער, אפילו די פאַרדאָרבנסטע פעלקער האַלטן זיי העכער פון אידישן פאָלק און זוכן זיך צו אַסימילירן צווישן זיי.

האָט דעריבער די תורה אַלס אַ הקדמה צו דער „תוכחה”, געוואָרנט די אידן, אַז אין זייערע גרעסטע יסורים פון גלות, זאָלן זיי ניט זיין אַראָפּגעפאַלן ביי זיך . . .

ווארום דער זין פון אונדזערע ליידן איז: „ולתתך עליון על כל הגוים אשר עשה לתהלה ולתפארת ולהיותך עם קדוש לד׳ אלקיך כאשר דבר”.

# כי תבא

## די קעגנזייטיקע שבועה צווישן ג—ט און אידן וואָס איז דער סוד פון "נצח ישראל". — ווארום קיין איד קען זיך ניט אָפּזאָגן פון דעם אָפּמאַך אפילו אונטער די יסורים פון דער תוכחה. — אַן ערקלערונג צו אַ פּלוגתא צווישן צוויי תנאים וועגן אוניווערסאַלן און נאַציאָנאַלן אינהאַלט פון דער תורה.

"את ד' האמרת היום . . . וד' האמירך היום — מכאן, שנשבענו להקדוש ברוך הוא שאין אנו מעבירין אותו באל אחר, ואף הוא נשבע לנו שאין מעביר אותנו באומה אחרת (גיטין כ"ז).

"וכתבת על האבנים" — תנו רבנן: כיצד כתבו ישראל את התורה? רבי יהודה אומר: על גבי אבנים כתבוה, שנאמר "וכתבת על האבנים את כל דברי התורה הזאת באר היטב" ואחר כך סדו אותו בסיד. אמר לו רבי שמעון לדבריך, האיך למדו אומות העולם את התורה? אמר לו בינה יתרה נתן בהם בהם הקדוש ברוך הוא ושגרו נוטירין שלהן וקלפו את הסיד והישיאוה. ועל דבר זה נחתם גזר דינם לבאר שחת, שהיה להם ללמוד ולא למדו . . . רבי שמעון אומר על גבי סיד כתבוה וכתבו להם מלמטה: "למען אשר לא ילמדו אתכם לעשות ככל התועבות" — הא למדת שאם היו חוזרים בתשובה היו מקבלים אותם (סוטה ל"ה ילקוט שמעוני).

"אלה דברי הברית" — אמר ר' שמעון בן לקיש: נאמר "ברית" במלח ונאמר ברית ביסורין; מה ברית האמורה במלח ממתקת כל הקרבן אף ברית האמורה ביסורין ממרקין כל עונותיו של אדם (ברכות ה').

פאַרברייענגענדיק אַ געוויסן אָוונט מיט אַ פריינט, אַ גרויסער אידישער געלערנטער און פּראָמינענטער ציוניסטישער פירער וועמען איך בין געקומען זאָגן אַ "צאתך לשלום פאַר זיין אָפּרייזע קיין דרום אַפריקע, וואוהין ער איז געפלויגן אין אַ שליחות פון קרן־קימת, האָט ער מיר באַמערקט אין שפּאַס:

"איר ווייסט, אַז פון מצרים וועט מיין עראָפּלאַן פליען איבער דעם מדבר סין, דורך וועלכן אונזערע עלטערן האָבן אַמאָל געוואַנדערט, און אַריבערפליענדיק דעם באַרג סיני, וועל איך עפענען אַ פענסטערל אינם עראָפּלאַן און אַרונטערלאָזן צוריק די תורה אין איר אַלטע אכסניה . . . און זאָל ער, כביכול, זיך האַלטן מיט זיין באַרגייך, אָדער זיך זוכן אַן אַנדער פאָלק, וואָס זאָל טראָגן דעם שווערן יאָך פון דער תורה . . . מוחל אירע ברכות און אירע קללות . . . מיר האָבן זיך געטראָגן איבער דריי טויזנט יאָר דורך ימים בלוט און טייכן טרערן . . . דורך די מוראַ־דיקסטע שחיטות און אַלערליי פּורעניות'ן . . . גענוג, נאַ דיר, גאָטעניו, צוריק דיין תורה'לע און לאָמיר זיין קוויט" . . .

אַ טרויעריקער שמייכל האָט זיך דורכגעציטערט איבער די פּיינע ליפּן פון מיין פריינט און אַ הייליק פייערל האָט אויפגעלויכטן אין זיינע אויגן. אין זיין געפּילפּול האָרץ האָט זיך צעשפּילט דער צער האומה מיט אַלע זיינע טויזנט און איין ווייטיקן . . .

„איך האָב מורא״ — האָב איך געזאָגט — „אַז איר וועט ניט קענען אָפּגעבן די תורה צוריק צו דעם באַרג סיני, ווייל זינט יענער באַרימטער קאָסמישער באַרג־סיני סצענע איז די תורה אַריין אין די בלוטן און נערוון פון אידישן פאָלק . . . די תורה געפינט זיך מער ניט צווישן די טאָוולען פון דעם חומש . . . דער ספר. דאָס בוך פון דער אידישער תורה־קולטור אין זיין אָריגינאַל געפינט זיך אין דעם היס־טאָרישן אידנטום . . . זי איז, ווי דער מדרש דריקט זיך אויס, „נבלעת בגופן״ — פאַרשלונגען אין דעם אידישן קערפּער . . . און יעדער פאַרזוך פון דעם אידן, זיך אָפּצוזאָגן פון דער תורה, „חרטה צו האָבן אויף דעם באַרגיין״, צוריקצוגעבן די תורה צום באַרג סיני און אָפּצוברעכן דעם שידוך מיט ג—ט, איז אומזיסט און שמערצ־ליך ווי דער פאַרזוך פון אַ מענשן אַרויסצושפּרינגען פון דער אייגענער הויט״ . . .

אונדזער אינטערעסאַנטער שמועס האָט אונדז פאַרפירט צו די הויכן פון דעם היסטאָרישן אידנטום צו דעם מיסטיק פון זיין גורל און צו דער גליקזעליקער האָפ־נונג פון דעם „אחרית הימים״, וואָס ליגן באַהאַלטן אין די ליכטיקע אוצרות פון אונדזער תורה ונבואה־קולטור . . .

איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעמדאָזיקן שמועס גראַדע לייענענדיק די היינ־טיקע „געבענשטע״ סדרה „כי תבא״, וואו עס געפינט זיך די באַרימטע תוכחה וואָס כאַפּט אָן אַ שוידער יעדן איינעם וואָס לייענט עס . . .

וויפיל אידן, באַזונדערס אין דער היינטיקער ג—טלאָזער, צעטומעלטער צייט, ווען די תוכחה האָט זיך מיט אַזוי פיל גיפט און צאָרן אויסגעגאָסן אויף גאַנצע גרויסע טיילן פון אידישן פאָלק — וויפיל אידן האָבן שוין פאַרזוכט און פאַרזוכן נאָך היינט אָפּצוגעבן צוריק די תורה וואָס זיי האָבן באַקומען ביים באַרג סיני . . . צו ברעכן דעם אָפּמאַך מיט ג—ט — אָן אָפּמאַך וואָס איז פאַרבונדן און פאַרחתמ׳עט געוואָרן פאַר אַלע אייביקייטן אין פייער, בלוט און יסורים ! . . .

עס איז זיי אָבער ניט געלונגען. זיי האָבן זיך בלויז פאַרקריפּלט, פאַר־גרעסערט זייערע ווייטיקן, פאַרשאַרפט זייערע אַגאָניעס און פאַרפלאָנטערט זייער אמת׳ן גורל . . .

„אנה אברח מפניך??! — וואוהין קען אַ מענש אַנטלויפן פון ג—ט? — אַ איד וואָס איז פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט דער אייביקייט דורך דריי אָפּמאַכן — ביים אַרויסגיין פון מצרים, ביים באַרג סיני און ביי ערבות „ברית״, אין דעם אייביקן בונד מיט ג—ט, וואָס איז פאַר׳חתמ׳עט געוואָרן מיט די יסורים פון דער „תוכחה״ — אַזאַ איד קען ניט צעברעכן דעם אָפּמאַך מיט ג—ט אפילו אין אַ צייט ווען הייליקע

אָפּמאַכן און געשוואָרענע פאַרבינדונגען צווישן מלוכות ווערן געטראָטן מיט די פיס...

און פונקט אַזוי, ווי מיר קענען ניט ברעכן אונדזער שבועה־אָפּמאַך מיט ג—ט, אַזוי קען ער כביכול ניט ברעכן זיין שבועה מיט אונדז, און דאָס איז דער סוד פון „נצח ישראל לא ישקר" . . .

און אַזוי ווי די קורצע „תוכחה" אין „בחוקותי" שליסט זיך מיט דעם טרייסטפולן צוזאָג פון „ואף גם זאת בהיותם בארץ אויביהם לא מאסתים" וכו' אַזוי ענטהאַלט די היינטיקע סדרה אַלס פאַרבאַדינג צו דער „תוכחה" דעם קעגנזייטיקן אָפּמאַך צווישן דעם אידישן פאָלק און ג—ט:

„את ד' האמרת היום להיות לך לאלקים . . . וד' האמירך היום להיות לו לעם סגולה" — מכאן, שנשבענו להקדוש ברוך הוא שאין אנו מעבירים אותו באל אחר, ואף הוא נשבע לנו שאין מעביר אותנו באומה אחרת" — דערפון לערנען מיר, אַז מיר האָבן געשוואָרן צו דעם הייליקן, געבענשט איז ער, אַז מיר וועלן אים ניט פאַרבייטן אויף אַן אַנדער ג—ט, און אויך ער האָט אונדז צוגעשוואָרן, אַז ער וועט אונדז ניט פאַרבייטן אויף אַן אַנדער פאָלק (גיטין נ"ז).

און נאָכדעם ווען מיר האָבן אָט דעם אָפּמאַך מיט דער אייביקייט, קענען מיר שוין מיט אַ לייכטער האַרץ לייענען די „תוכחה" און ניט נאָר לייענען, נאָר אויך פאַקטיש אַריבערטראָגן די יסורים פון דער „תוכחה", האָבנדיק די איבערנאַטירלעכע גבורה צו דערשטיקן די יסורים, פילנדיק דעם זין פון דעם אידישן קאַמף אויף דער וועלט און גלויבנדיק אין דעם ענדלעכן נצחון פון אונזער עטישער תורה־קולטור אויף דער וועלט . . .

און ווען די „תוכחה" שליסט זיך מיט דעם פסוק: „אלה דברי הברית" — דרינגט טאַקע דערפון דער תלמוד'ער אמורא ריש לקיש, אַז דער אויסדרוק „ברית" וואָס ווערט דערמאָנט אין פאַרבינדונג מיט זאַלץ ביים ים („ולא תשבות מלח ברית ד' אלקים") (ויקרא ב'): אַזוי ווי דער „ברית" וואָס ווערט געזאָגט ביי זאַלץ, איז דער צוועק צו פאַרזיסן דעם קרבן, ווייל אָן זאַלץ האָט דער קרבן קיין טעם ניט, אַזוי אויך איז דער „ברית" וואָס ווערט געזאָגט ביי דער „תוכחה", איז צו אויסרייניקן אַלע זינד פון דעם מענשן (ברכות ה').

מענשלעכע יסורים זיינען דעריבער סובלימירט געוואָרן פון אונדזערע חכמים צו דער העכסטער מדרגה, און דעריבער איז דער גורל פון דעם אידישן פאָלק אַזוי צער'פול, ווייל עס איז אויסגעקליבן געוואָרן, צוליב זיין גייסטיקער שטאַרקייט, צו זיין דער טרעגער פון אַ וועלט־דערלייזנדיקער תורה, פאַר וועלכער עס וועט דאַרפן דורכגיין אַלע פייערן און וואַסערן דורך אַ וועלט מיט שונאים . . .

עס איז אינטערעסאַנט, אַז איידער משה רבנו האָט אָנגעהויבן אויסצורעכענען די יסורים פון דער „תוכחה", וואָס זענען פאַרבונדן מיטן ברית ד', האָט ער אָנגעזאָגט די אידן, אַז ווען זיי וועלן קומען אין ארץ־ישראל, זאָלן זיי אָנשרייבן די

תורה אויף שטיינער און זיי אויסקאַלכן מיט קאַלך — „והיה ביום אשר תעברו את הירדן אל הארץ אשר ד׳ אלקיך נותן לך והקימות לך אבנים גדולות ושדת אותם בשיד״ — און עס וועט זיין אין דעם טאָג ווען דו וועסט אַריבער דעם ירדן צום לאַנד וואָס ג—ט דיין האַר האָט דיר געגעבן, זאָלסטו דאַן אויפשטעלן גרויסע שטיינער און זיי זיי באַקאַלכן מיט קאַלך — „וכתבת עליהן את כל דברי התורה הזאת״ — און דו זאָלסט אויפשרייבן אויף די שטיינער, הייסט עס, די גאַנצע תורה, כדי דו זאָלסט קומען אין דעם לאַנד וואָס ג—ט האָט דיר געגעבן, אַ לאַנד פון מילך און האָניק, ווי ג—ט דיין האַר האָט דיר פאַרשפּראָכן.

די גמרא (סוטה ל״ה) ברייננט אַ דיסקוסיע צווישן צוויי גרויסע תנאים וועגן דער פראַגע: „ווי אַזוי האָבן אידן געשריבן די תורה?״

„תנו רבנן כיצד כתבו ישראל את התורה? ר׳ יהודה אומר על גבי אבנים כתבוה״ — זיי האָבן זי געשריבן אויף שטיינער, ווייל עס ווערט געזאָגט: „וכתבת על האבנים את כל דברי התורה הזאת באר היטב״ — זאָלסט אויפשרייבן די גאַנצע תורה אויף די שטיינער גוט און קלאָר — און נאָכדעם האָבן זיי פאַרקאַלכט די שטיי־נער מיט קאַלך.

האָט אים ר׳ שמעון געפרעגט: נאָך דיינע רייד נאָך, ווי האָבן די אומות־העולם געלערנט תורה? האָט אים ר׳ יהודה געענטפערט: „בינה יתירה נתן בהם הקב״ה ושגרו נוטירין שלהם וקלפו את השיד והשיאוה״ — דער הייליקער געבענשט איז ער, האָט אין זיי אַריינגעגעבן אַ העכערן פאַרשטאַנד און זיי האָבן געשיקט זייערע שרייבער, וועלכע האָבן אָפּגעקריצט דעם קאַלך און אַוועקגעטראָגן די תורה, און טאָקע צוליב דעם איז פאַרזיגלט געוואָרן זייער גזר־דין צום אונטערגאַנג, ווייל זיי האָבן געדאַרפט לערנען די תורה און זיי האָבן זי ניט געלערנט . . .

ר׳ שמעון זאָגט אָבער, אַז די אידן האָבן געשריבן די תורה אויף פאַרקאַלכטע שטיינער, דאָס הייסט, זיי האָבן די שטיינער פריער אָפּגעקאַלכט און אויף דעם קאַלך געשריבן. נאָר אונטן האָבן זיי אונטערגעשריבן: „למען אשר לא ילמדו אתכם לעשות בכל התועבות״ (אַ פּסוק אין „שופטים״ אין פאַרבינדונג מיט דער מלחמת שבעה עמים) און ר׳ שמעון דרינגט דערפון:

„הא למדת היו מקבלים אותם״ — אויב די פעלקער וואָלטן געטאָן תשובה, וואָלט מען זיי צוגענומען . . .

וואָס איז דער זין פון דער פלוגתא? וועלכע שטאַנדפּונקטן פאַרטרעטן זיי, ווען איינער זאָגט, אַז די תורה איז געשריבן געוואָרן אויף שטיינער, וועלכע זיינען דערנאָך פאַרקאַלכט געוואָרן, און דער אַנדערער זאָגט, אַז די שטיינער זיינען פאַר־קאַלכט געוואָרן און דערנאָך האָט מען אויף זיי געשריבן די תורה?

וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג האָט די גאַנצע פראַגע מיט די פעלקער?

נאָר מיר שיינט, אַז דאָס איז געווען אַ סימבאָלישער ויכוח וועגן דעם אוני־ווערסאַלן אינהאַלט פון דער תורה, וועלכע איז אָנגעקליידט אין נאַציאָנאַלע פאָרמען.

ווי באַקאַנט, זיינען פאַראַן חלוקי דעות אין דעם ענין צווישן די חכמי אומות העולם און די חכמי ישראל. אַ סך פון די ניט־אידישע געלערטע באַהויפּטן, אַז אונדזער תורה איז נאַציאָנאַל אין איר אינהאַלט ווי אין איר פאָרם. זיי ווילן האָבן, אַז בלויז די גרויסע שריפטלעכע נביאים, ווי עמוס, מיכה ישעיה און אַנדערע האָבן זיך אויפגעהויבן צו דער אַלמענשלעכער הויך, פריידיקנדיק די פאַרברידערונג פון דער גאַנצער מענשהייט. שפּעטער, אָבער זאָגן זיי, מיט דעם גלות בבל, האָט זיך דער נביאישער גייסט פון אידישן פאָלק „איינגעשרומפּן" אין זיינע ענגע נאַציאָנאַלע גרעניצן, און זינט דאַן, זאָגן זיי, האָט זיך דאָס אידנטום אַנטוויקלט פון עזרא׳ס צייטן דורך די חכמי התלמוד, וועלכע זיינען אינגאַנצן באַהערשט געוואָרן פון אַן ענגן נאַציאָנאַלן, אויב ניט שאָוויניסטישן גייסט פון דעם „אתה בחרתנו" געדאַנק . . .

די דאָזיקע באַהויפּטונג איז, פאַרשטייט זיך, אַ ווילדע עם־הארצות, און עס באַווייזט ווי ווייט די גויים פאַרשטייען ניט די תורה, וואָס איז פול מיט אַלמענשלעכע ג—טלעכע אידעאַלן. זיי האָבן, מיט זייערע גויאישע קעפּ, ניט געקענט באַגרייפן די אידישע נביאים, וועלכע זיינען טאַקע געווען אוניווערסאַל אין זייער וועלט־קוק, אָבער נאַציאָנאַל מיט דעם גאַנצן פייער פון זייערע נשמות.

עס איז די גוי׳אישע פאַרשער אינגאַנצן פרעמד דער גייסט פון אונזער תלמוד׳ישער ליטעראַטור, וואָס לויכט ווי טויזנט זונען מיט אירע אַלמענשלעכע אוני־ווערסאַלע אידייען.

איז עס קיין וואונדער ניט, דערפאַר זיינען זיי גויים . . . ניט אומזיסט האָט ג—ט זיך אַרומגעטראָגן מיט דער תורה צו זייערע עלטערן און זיי האָבן זי פאַרבראַקירט, ביז ער איז געקומען צו אונזערע אבות און זיי האָבן אויסגעשריען: „נעשה ונשמע!"

עס זיינען אָבער, צום באַדויערן, אויך דאָ חכמי ישראל פון דעם רעפאָר־מירטן און אַסימילירטן לאַגער, וועלכע לייקענען אָפּ דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט פונם אידנטום, באַהויפּטנדיק, אַז די אידישע תורה איז בלויז אוניווערסאַל . . . די אידן זיינען, הייסט עס, ניט קיין פאָלק, נאָר אַ „רעליגיעזע סעקטע", וואָס האָט די פּאַטאַ־ליסטישע מיסיע צו פאַרשפּרייטן אחדות הבורא און „דזשאַסטיס" צווישן די גויים . . . דאָס גאַנצע רעפאָרם־אידנטום איז באַזירט אויף דער דאָזיקער וועלט־אַנשויאונג. די פאַלשקייט פון אָט דער פילאָזאָפיע דאַרף מען היינט מער ניט דיסקוטירן. די צייט אַליין האָט „מהפך את הקערה" געווען, באַוויזן איר באַנקראָט . . .

עס זענען אויך דאָ אידן, באַזונדערס צווישן די מאָדערנע, אַזוי גערופענע פּראָגרעסיווע, ראַדיקאַלע נאַציאָנאַליסטן, וועלכע לייקענען אָפּ דעם רעליגיעזן מהות פונם אידנטום, און פריידיקן אַ אידישן נאַציאָנאַליזם מיט אַ „וועלטלעכן" אינהאַלט... זייער טעאָריע איז גרונטלאָז, ווידערשפּרעכנדיק, לעכערלעך און אין תוך, אַסימילאַטאָריש.

דער אמת איז, אַז אונזער תורה־קולטור איז אין תוך אוניווערסאַל. אַ וועג־

ווייזערן און דערלייזערן פאַר אַלע מענשן, וועלכע זוכן אויסלייטערונג און פאַר־גייסטיקונג מיט אַהבת המקום און אהבת הבריות, ווי אונדזערע חכמים האָבן עס ביי מערערע געלעגנהייטן אַרויסגעטייטשט פון דער תורה.

די תורה, זאָגן אונדזערע חז״ל, איז געגעבן געוואָרן אין דער מדבר, ווייל אַזוי ווי דער מדבר איז הפקר, אַזוי איז אויך די תורה הפקר — „כל הרוצה ליטול יבוא ויטול״ — ווער עס וויל קען קומען און זוכה זיין פון הפקר . . .

איז אָבער בלויז דאָס אידישע פאָלק געקומען צום באַרג סיני . . . לעבט דאָך בלויז אין זיין היסטאָרישן געמיט די סצענע פון קבלת התורה . . . האָט ער דאָך „געזען״ די קולות און געהערט דעם אנכי . . . איז דאָס אידיש פאָלק געוואָרן דער טרעגער און קעמפער פון דער תורה . . . איז די תורה געוואָרן אַ טייל פון זיין נאַציאָנאַלן „איך״ . . . איז ער געוואָרן די כלי פון וועלכער די תורה גיסט זיך פאַנאַנדער אויף דער וועלט . . . מוז מען די כלי טייער האַלטן . . . מוז דאָס אידיש פאָלק אָפּגעהיט ווערן אין זיין נאַציאָנאַלער גאַנצקייט . . . מוז מען די תורה איינוויקלען אין נאַציאָנאַלע קליידער, ווייל אָן דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט, קען נאָך, חלילה, דאָס פאָלק פאַנאַנדערפאַלן — ותורה מה תהא עליה? . . .

ווי וועלן אָבער, די פעלקער קענען קומען צו דער תורה, ווען זי ווערט זיין „פאַרקאַלכט״ מיט דעם נאַציאָנאַלן קאַלך . . .

אָט אָ־דאָס איז דער סימבאָלישער אינהאַלט פון דער מיסטישער מחלוקה צווישן ר׳ יהודה און ר׳ שמעון:

„כיצד כתבו ישראל את התורה?״ — ווי האָבן אידן געשריבן די תורה, אַז די פעלקער זאָלן קענען געניסן פון אירע אוניווערסאַלע אידעאַלן?

זאָגט ר׳ יהודה: זיי האָבן זי געשריבן אויף שטיינער, וואָס זענען הפקר ווי דער מדבר, וואו די תורה איז געגעבן געוואָרן . . . די תורה איז אין עיקר אוני־ווערסאַל, אָבער שפּעטער איז זי „פאַרקאַלכט״ געוואָרן מיט דעם נאַציאָנאַלן קאַלך...

ר׳ יהודה׳ס וועלט־אנשויאונג איז, אַלזאָ, אַז אַזוי שנעל ווי די תורה מיט אַלע אירע אוניווערסאַלע דינים און מצוות, איז געגעבן געוואָרן צו אידן, איז זי באַ־וועבט געוואָרן מיט אַ נאַציאָנאַלן לבוש און דעריבער איז טאַקע שווער פאַר די אומות העולם צו לערנען תורה . . .

פרעגט אים ר׳ שמעון: אויב אַזוי, ווי האָבן די אומות העולם דאָך געלערנט די תורה? — ענטפערט ר׳ יהודה, אַז ג—ט האָט זיי געגעבן, די חסידי אומות העולם, שרייבער, דענקער און מאָראַליסטן, וועלכע האָבן אָפּגעקראַצט דעם אידישן נאַציאָ־נאַלן „קאַלך״ פון דער תורה און דאַן זי געבראַכט צו זייערע פעלקער.

האָבן טאַקע די אומות העולם געהאַט ליכטיקע גייסטער, פילאָזאָפן און שריי־בער, וועלכע זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער אידישער עטיק, און געפּריידיקט

ליבע, פרייהייט, גלייכהייט, גערעכטיקייט און שלום — אָבער די פעלקער זיינען געווען און זיינען נאָך איצט טויב און בלינד צו אַזעלכע אידייען — איז דעריבער „זייער גזר־דין פאַר׳חתמ׳עט געוואָרן לבאר שחת שיהיה להם ללמוד ולא למדו״ . . .

ר׳ שמעון אָבער האַלט, אַז דער נאַציאָנאַלער עלעמענט האָט זיך שוין פון פריער געהאַט ענטוויקלט ביי אידן און ווען זיי האָבן איבערגעשריבן די תורה איז דאָס שוין געווען אויף דעם נאַציאָנאַלן קאָלך כדי אַלע פעלקער זאָלן קענען קומען און לערנען . . . והא ראיה: ביי די שבעה עמים, די פאַגאַנישע פעלקער פון כנען, וועלכע די אידן האָבן געמוזט פאַרטיליקן, איז געגעבן געוואָרן די ברירה פון תשובה, און ווען זיי וואָלטן אָנגענומען די אידישע תורה, דאַן וואָלט זיי דאָס אידיש פאָלק אַריינגענומען תחת כנפי השכינה, איז דאָך דאָס אַ באַווייז, אַז די תורה איז קודם כל אוניווערסאַל . . .

אָבער, אלו ואלו דברי אלקים חיים. ביידע מאָמענטן פון אידנטום זיינען הייליק און אייביק. אונדזער תורה־קולטור איז טאַקע אוניווערסאַל, אַלמענשלעך אין איר אינהאַלט, אָבער נאַציאָנאַל אין איר פאָרם, און די רעשטע נאַציאָנאַלע כאַראַק־טעריסטיק אונדזערע איז אונדזער היסטאָרישער גורל, אונדזער מאַרטירערטום פאַר דער תורה, אונדזער קשה־עורף׳דיקער קאַמף פאַר אַ בעסערער מענשהייט, טראָגנדיק מיט ליבע אונדזער תורה דורך טויזנטער יאָרן פון בלוט און פייער און פון איין לאַנגער ביטערער און פינסטערער תוכחה, מיט דעם שטאַרקן בטחון און גלויבן אין דעם ברית ד׳, וואָס איז אונדז געגעבן געוואָרן דורך יסורים, אַז דורך די דאָזיקע יסורים וועלן מיר ענדלעך אויסגעלייזט ווערן צוזאַמען מיט דער גאַנצער מענשהייט.

# נ צ ב י ם

## משה רבינוס ראש השנה מעסעדזש צום אידישן פאָלק פון אַלע דורות וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיין אַוועקגיין פון דער וועלט אָנהויבנדיק מיט "אתם נצבים" און "וילך משה"

„אתם נצבים", אמר הקדוש ברוך הוא: מעולם לא הכיתי אומה ושניתי יה, אבל אתם בני יעקב לא כליתם, שנאמר „חצי אכלה בם" — כצי כלים והם אינם קלים. משל למה הדבר דומה? לגבור שהעמיד את הקורה והיה מורה בה חצים. החצים כלים והקורה במקומה עומדת. אף כך ישראל, היסורים כלים נהם במקומם עומדים (ילקוט שמעוני).

„אתם נצבים" — מפני מה עשאן משה מצבה? מפני שמשתמשין מדעת לדעת — מדעת משה לדעת יהושע, מדעת יהושע לדעת הזקנים (תנחומא).

„ולא אתכם לבדכם" — אמר להם משה לישראל: דעו שלא על דעתכם אני משביע אתכם, אלא על דעת המקום ועל דעתי, שנאמר „ולא אתכם לבדכם". „כי את אשר ישנו פה וגו' . . . אין לי אלא לאותן העומדין לפני הר סיני — דורות הבאים וגרים העתידים להתגייר מניין? תלמוד לומר: „ואת אשר איננו פה" (שבועות ל"ט).

„אתם נצבים" . . . וילך משה" . . .

אַ גוואַלדיק בילד, אַ דערגרייפנדיקע סצענע, אַ פאַרכאַפנדיקער היסטאָרישער מאָמענט . . . משה בן עמרם, דער געטרייסטער פאָלקס-פירער און געטלעכער תורה-געבער, דער גרעסטער נביא פון אַלע צייטן פאַר אים און אַלע דורות נאָך אים, גרייט זיך אין זיין אייביקן וועג אַריין . . .

משה רבנו, דער רעיא מהמנא, זאַמלט איין זיין הייס-געליבט פאָלק, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל צער און יסורים געפירט, געלערנט און זיין כאַראַקטער אויסגעשמידט, צו פאַרזיגלען נאָכאַמאָל זייער בונט מיט דער אייביקייט און נעמען פון זיי אָפשייד פאַר זיין אַוועקגיין פון דער אידישער וועלט . . .

די סצענע גליט מיט טיפער קדושה און איז די רייכסטע אין דער וועלט-לעבנס-טראַגיק, מיט פלאַמענדיקן אידישן גורל און זיין יעוד וואָס איז אָנגעקייט אין ליטעראַטור. זי איז אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל דראַמע, מיט מענשלעכן געראַנגל און דער אייביקייט . . .

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אונזערע גרויסע חכמים, די רעליגיעזע דענקער, דיכטער און מיסטיקער אונזערע פון תלמוד, מדרש און זוהר זיינען אַזוי אָנגעפייערט געוואָרן פון די לעצטע הייליקע מאָמענטן פון משה רבנו'ס לעבן, אַז

זיי האָבן די סצענע באַוועבט מיטן געוועב פון מיסטישע געדאַנקען, זוניקע וויזיעס און דראַמאַטישע בילדער, וועלכע פאַרנעמען אַ געהויבענעם אָרט אין דעם היכל פון אונזער קולטור־אוצר . . .

„אתם נצבים" . . .

און שטייענדיק ביים סוף פון זייערע מדבר־וואַנדערונגען, אין עבר הירדן ביי די טויערן פון ארץ־ישראל, פאַרזאַמלען זיך אַלע אידן, אַלע קלאַסן און שיכטן פון אידישן פאָלק, גרויס און קליין, פון זייערע גרעסטע פירער ביז די האָרעפּאַשנע פאָלקס מאַסן, די „חוטבי עצים" און „שואבי מים" — אַלע האָבן זיי זיך פאַרזאַמלט צו נעמען אָפּשייד פון זייער ג—טלעכן פירער.

און דער צער הפּרידה איז גרויס . . . פון די אויגן קוקט אַרויס אומעט און פון די הערצער שרייט אַרויס טיפע שטומע בענקשאַפט . . .

און ער אַליין, דער אדון הנביאים, איז ניט באַזאָרגט וועגן זיין אייגענעם טראַגישן גורל . . . ער האָט זיך שוין אונטערגעוואָרפן אונטער דעם ווילן פון ג—ט און שלום געמאַכט מיט דעם פאַטאַלן גורל פון „ושמה לא תבוא" . . .

דער רעיא מהמנא, דער געטרייער פאַסטוך, איז באַזאָרגט וועגן זיינע שעפּ־סעלעך . . . זיינע געליטערטע מחשבות זיינען פאַרנומען מיט דעם גורל פון אי־דישן פאָלק, מיט דער צוקונפט פון דעם אידנטום דורך אַלע דורות און אַלע צייטן . . .

עס איז דער לעצטער טאָג פון זיין ערדיש לעבן . . . דער לעצטער טאָג פון אַזאַ רייכן, איבערמענשלעך שעפערישן און איבערמענשלעך שווערן לעבן . . . ער האָט אַ פאָלק באַפרייט. אים אַ תורה געגעבן, דערלייזונג צו דער גאַנצער מענשהייט געבראַכט . . .

ער, דער אויסדערוויילטער עמרם'ס זון, איז שוין פאַרזאָרגט מיט אייבי־קייט . . . זיין לעבן וועט שיינען און לייכטן ווי זיבן זונען פאַר דער גאַנצער מענש־הייט, אין אַלע דורות און אַלע צייטן . . . יאָ . . . אָבער דאָס פאָלק, דאָס אויס־דערוויילטע פאָלק . . . אַזאַ האַרטנעקיג, אַזאַ ווידערשפּעניק פאָלק! איך ווייס דאָך, וואָס וועט זיין נאָך מיין טויט . . . מ'מוז נאָך די לעצטע מאָמענטן אויסנוצן און נאָכאַמאָל פאַרשנירעווען דעם בונט מיט ג—ט . . . נאָכאַמאָל פאַרשטאַרקן דעם דריי־בונט פון „אוריתא וישראל וקודשא בריך הוא" און צום דריטן מאָל ברייגגט ער די אידן אַריין אין דעם ברית ד' ווי רש"י זאָגט:

„אַתם נצבים" — מלמד שכינסם לפני הקדוש ברוך הוא ביום מותו להכניסם בברית.

דאָס איז אַלזאָ, געווען ווי דער ילקוט שמעוני ברענגט, דער דריטער אָפּמאַך וואָס אידן האָבן געשלאָסן מיט ג—ט. דער ערשטער איז געווען ביים באַרג סיני; דער צווייטער ביים חורבן און דער דריטער ביים עבר הירדן, אין דעם טאָג פון משה'ס אַוועקגיין פון דער וועלט.

„אתם נצבים היום כלכם".

און דער אַלט־יונגער משה באַטראַכט די גרויסע אידן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט היינט פאַר ג—ט מיט זייערע עלטסטע און פירער, מיט זייערע רייכסטע און אָרימסטע, פון דעם גרעסטן נגיד ביז דעם אָרימסטן האָלץ־האַקער און וואַסער־שעפּער . . .

אפילו פרויען און קינדער זענען געקומען צו שליסן דעם לעצטן אָפּמאַך מיט ג—ט . . . זיי מוזן אויך טראָגן דעם אידישן גורל . . .

און משה רבנו זעט דעם גאַנצן אידישן פאָלק פאַרזאַמלט אַרום אים. אויף זייערע פּנים׳ער ליגט נאָך דער שרעק פון דער אָקאַרשט פאַראויסגעזאָגטער תוכחה... פון זייערע אויגן קוקט אַרויס טרויער. זייערע ליפּן ציטערן מיט דעם צער פון זייערע פאַראויסגעזאָגטע יסורים . . . ווי וועט מען קענען דאָס אַלץ אַריבערטראָגן? אַזעלכע מורא׳דיקע צרות און פורעניות׳ן! וואָס וועט זיין דער סוף? זיינען מיר דאָך מער ניט ווי מענשן! . . . און פאַרצווייפלונג נעמט נאַגן די הערצער . . .

און משה׳ס בליק דרינגט דורך די הערצער פון די אידן און ער פילט, אַז אין דעם איצטיקן מאָמענט דאַרף מען דאָס פאָלק טרייסטן, דערציילן אים וועגן זיין איבערמענשלעכער גבורה, וועגן דעם סוד פון זיין היסטאָרישן לעבן, און ער זאָגט:

„אתם נצבים היום כלכם", זייט ניט פאַרצווייפלט . . . איר זייט אַנדערש פון אַלע פעלקער. אַלע אַנדערע פעלקער, ווען ג—ט שלאָגט זיי איינמאָל, האָבן זיי שוין קיין תקומה ניט, אָבער איר, בני יעקב, איר וועט ניט פאַרלענדט ווערן, ווי שווער איך זאָל אייך ניט שלאָגן . . . „מייגע פיילן וועלן פאַרלענדט ווערן אין זיי, זאָגט דער הייליקער, געבענטשט איז ער, אָבער זיי וועלן גאַנץ בלייבן. דאָס איז אַ משל צו איינעם אַ גיבור, וואָס האָט אָנגעשטעלט אַ קלאָץ, וועלכן ער האָט געמאַכט פאַר אַ ציל צו שיסן זיינע פיילן. די פיילן ענדיקן זיך, אָבער דער קלאָץ בלייבט אויף זיין פּלאַץ, אַזוי אויך זיינען די אידן — די יסורים ענדיקן זיך און זיי בלייבן אויף זייער פּלאַץ (ילקוט שמעוני).

„אתם נצבים".

און ניט נאָר די אידן וואָס זיינען געווען פאַרזאַמלט נעבן דעם באַרג נבו האָט משה געזען, נאָר זיין אָדלער-בליק האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן אידישן פאָלק פון אַלע צייטן און דורות — אַלע די אידן פון היינט און די אידן פון דער אייביקייט — אַלעמען האָט ער באַשוואָרן און פאַרבונדן מיט דעם אָפּמאַך פון יסורים און מיט דער גליקזעליקייט פון דער אייביקייט . . . אפילו די צוקונפטיקע גרים, וואָס וועלן זיך אין פאַרשיידענע צייטן מגייר זיין, האָט משה רבנו אויך אַריינגעבראַכט אין דעם ברית העולם.

„כי את אשר ישנו פה עמנו היום ואת אשר איננו פה עומד היום" — אַלע שטייט איר היינט פאַר אונדזער ג—ט, די וואָס זיינען דאָ מיט אונדז היינט און די יעניקע, וועלכע זיינען דאָ מיט אונז היינט ניטאָ . . .

און זאָלן אידן זיך ניט איינריידן, אַז זיי האָבן ניט געשוואָרן, אָדער אַז זיי האָבן געהאַט אַן אַנדער כוונה בעת משה האָט זיי איינגעשוואָרן. דער זין פון דער דאָזיקער שבועה איז ביי ג—ט און ביי משה׳ן, ווי די גמרא זאָגט:

„אמר להם משה לישראל: דעו שלא על דעתכם אני משביע אתכם. אלא על דעת המקום ועל דעתי" — משה האָט געזאָגט צו די אידן: זייט וויסן, אַז ניט לויט אייער מחשבה און אייער אויסטייטשונג באַשווער איך אייך, נאָר לויט דער דעה פון ג—ט און לויט מיין מחשבה . . . און באַשווערן זיינען געוואָרן ניט נאָר די וואָס זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני, נאָר אויך די קומענדיקע דורות און די גרים, וואָס וועלן זיך מגייר זיין, ווארום עס שטייט „ואת אשר איננו פה" — אַלע וואָס שליסן זיך אָן אין דעם אידנטום, זיינען צוגעבונדן צו דער שבועה און אונטערגע־וואָרפן דעם אידישן גורל (שבועות ל"ט).

„אתם נצבים" אַלע, אַלע שטייט איר היינט פאַר ג—ט. איך זע אייך אַלע־מען דורך אַלע דורות — איך זע די אידן אין זייער אויפבלי אין ארץ־ישראל, און איך זע זיי אין זייער ירידה וואָס האָט געבראַכט דעם חורבן אויף זייער לאַנד . . . איך זע זיי שפּעטער אין זייער פאַרצווייפלטן געראַנגל אין אַלע גלות׳ן פון בבל, רוים, שפּאַניע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד, פוילן, ליטע, רומעניע, אַמעריקע . . .

איך זע אויך די אויסגעגאָסענע תוכחה אויף די אידן אין דייטשלאַנד, די שרעקלעכע נויט פון די אידן אין פוילן, און די גייסטיקע אָרימקייט פון די אידן אין אַמעריקע . . .

איך זע אויך דעם פּוילישן אידנטום אין די פלאַמען פון דער מלחמה קעגן עמלק־היטלער און די מורא׳דיקע טראַגעדיע, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט אויף דער גאַנצער מענשהייט, וועלכע ווערט איצט געלייטערט אין פייער און בלוט פון אירע זינד און פאַרדאָרבנקייט, אין וועלכע זי איז געווען פאַרזונקען . . . און איך זע אויך יענע וואונדערלעכע צייט פון:

„והיה כי יבואו עליך כל הדברים האלה הברכה והקללה אשר נתתי לפניך והשבות אל לבבך בכל הגוים אשר הדיחך ד׳ אלקיך שמה" — נאָכדעם ווי עס איז מקוים געוואָרן אַלע ווערטער פון דער תורה, די ברכה ווי די קללה, וואָס כ׳האָב דיר געגעבן, וועסטו קומען צוריק צו דיין האַרץ, דאָס פינטעלע איד וועט זיך דאַן פאַנאַנ־דערפלאַקערן ביי דיינע קינדער צווישן אַלע פעלקער, וואו ג—ט דיין האַר האָט דיר פאַרשטויסן.

„וישב ד׳ אלקיך את שבותך ורחמך ושב וקבצך מכל העמים" — וועט ג—ט דיין האַר צוריקברענגען דיין צוריקקער און וועט דיר דערבאַרימען און וועט צו־ריקקערן און דיר איינזאַמלען פון אַלע פעלקער, און ווער קען וויסן, אפשר געפינען מיר זיך איצט אין דער לעצטע סטאַדיע פון דער תוכחה; אפשר וועט די איצטיקע מלחמה אויסלייזן די פעלקער פון זייער טומאה און מאָראַלישן שמוץ און דאָס גע־האָפטע, פון אונדזערע נביאים פאָראויסגעזעענע ליכט, וועט אויפגיין און אַריינלייכטן

אין דעם לעבן פון די פעלקער און מיר וועלן ענדלעך דערלעבן די אמת׳ע גאולה! . . .

„אתם נצבים״ — דער מדרש תנחומא וואַרפט דאָ אַריין אַ פערלדיקן געדאַנק, וואָס ווייזט אָן אויף דער אידישער גייסטיקער קאָנטינואיטעט, אויף דעם אויסגעשמידטן קולטורעלן המשך פון דעם אידנטום אַלס דער קוואַל פון דער אידישער גבורה . . .

דער מדרש פרעגט: „מפני מה עשיון משה מצבה?״ — פאַרוואָס האָט זיי משה געמאַכט אַ מַצבה, אַ מאָנומענט, הייסט עס? ווארום דער אויסדרוק „נצבים״ מיינט: איר שטייט מאָנומענטאַל, שטאַרק, גרויס, מעכטיק . . . אין וואָס ליגט די מאָנומענטאַלקייט פון אידישן פאָלק?

זאָגט דער מדרש: „מפני שמשתמשין מדעת לדעת״ — ווייל אידן באַנוצן זיך מיט דער פאַרטזעצונג פון איין דעה ביז דער אַנדערער, דאָס מיינט, ווייל דאָס אידנטום אין איין גייסטיקע קייט, וואָס איז אויסגעהאַמערט פון גאָלדענע רינגען, וועלכע ציען זיך פון די אבות דורך משה׳ן און יהושע, דורך די נביאים און חכמים ביז אויף דעם היינטיקן טאָג . . . דער סוד פון אידישן לעבן ליגט, אַלזאָ אין זיין גייסטיקן המשך, אין זיין היסטאָרישער קאָנטינואיטעט, און דער מדרש אילוסטרירט עס זאָגנדיק: „מדעת משה לדעת יהושע, מדעת יהושע לדעת הזקנים״ און אַזוי ווייטער . . .

„אתם נצבים היום כלכם״ — ווייל איר רעפּרעזענטירט אַ צנתרא דדהבא, אַ גאָלדענע קייט, וואָס ציט זיך פון אַברהם אבינו דורך אונדזערע נביאים, חכמים, גאונים, פיטנים ,מקובלים, קדושים וטהורים — דאָס איז דער לעבעדיקער, דינאַמישער היסטאָרישער מאָנומענט פון דעם אידנטום, וואָס איז ווי יעקב אבינו׳ס לייטער, מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה . . .

„אתם נצבים״ — היינטיקן ראש השנה וועלן מיר שטיין אַלע פאַר אונדזער פאָטער אין הימל . . . אַ סך פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס זיינען געשטאַנען מיט אונדז פאַר יאָרן אין די שולן, וועלן פעלן היינטיקס יאָר. הונדערטער־טויזנטער זיינען שוין געפאַלן חללים אין פוילן פון נאַצישע באַמבעס . . . פילע זיינען שוין געפאַלן אויף די שלאַכטפעלדער. אָבער זייערע נשמות זיינען באַהעפט מיט אונז און מיר דאַרפן שטיין מיט זיי צוזאַמען, שפייזן זייערע יתומים, היילן די פאַרוואונדעטע און קליידן די נאַקעטע . . . זיי, די צעשאָסענע און אויפגעריסענע ברידער און שוועסטער אונדזערע, שטייען מיט אונדז אין די שולן און קוקן מיט פינסטערע, תרעומות׳דיקע און מאָנענדיקע בליקן צו אונדז, אַז מיר זאָלן ברייננגען אונדזערע קרבנות פאַר דעם אידנטום, וואָס איז אין מלחמה און פאַר ארץ־ישראל, וואָס וועט מוזן באַפרייט ווערן מיט דעם שלום, וואָס וועט קומען אויף דער וועלט . . .

און ערשט דאַן וועלן מיר האָבן אַ רעכט צו בעטן ביים אב הרחמים והסליחות אַ גוט, געזונט און גליקלעך יאָר, אַ שנת חיים ושלום פאַר דעם נייעם יאָר ת״ש, וואָס איז בגמטריה בה יבוא משיח בן דוד צדקנו.

# וילך

## די שטראָפנדיקע ווערטער וואָס משה רבנו האָט געזען אין דעם טאָג פון זיין "וילך". — וואָרום דער גרויסער אמורא רבי יוחנן האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט איבער אַ פסוק פון דער היינטיקער סדרה. — אַ נאָציאָנאַ־לער חשבון הנפש פאַר שבת שובה

„וילך משה" — אין „וילך" אלא לשון תוכחה, שנאמר (תהלים מ"ז): לכו חזו מפעלות אלקים . . . (תנחומא).

„לא אוכל עוד לצאת ולבוא" — לצאת ולבוא בדברי תורה — מלמד, שנסתתמו ממנו שערי חכמה (סוטה י"ג).

„והרה אפי בו" — בבבל, „ועזבתים" — במלין והסתרתי פני מהם" — כיון; „והיה לאכול" — באדום . . . „ומצאוהו רעות רבות וצרות" — אילו מאה חסר שתים תוכחות שבשנה תורה; ואמר ביום ההוא וכ"ו — אליו הוה בגבי לא הויא אתא לי . . . וציון אומרת: „עזבני . . . שכחת"! . . . (ילקוט שמעוני).

רבי יוחנן, כי מטי להאי קרא, בכי: „והיה כי תמצאן או־תי רעות רבות ומרות" — עבד שרבו ממציא לו רעות וצרות — יש לו תקנה? . . . מאי „רעות וצרות?" אָמר רב: שנעשית צרות זו לזו כגון זיבורא ועקרבא . . . (חגיגה ח').

„ואנכי הסתר" — אָמר רבא: אמר הקב"ה: ואף על פי שהסתרתי פני מהם, בחלום תדבר בו . . .(חגיגה ה').

מיר האַלטן איצט ביי „וילך משה" . . . דער ג—טלעכער תורה־געבער און גרעס־טער נביא פון אַלע דורות, פאַר אים און נאָך אים, האַלט ביים פאַרלאָזן די ערדישע וועלט . . . דאָס מענשלעכע פון דעם איבערמענשלעכן לעבן האַלט ביים אויסגע־לאָשן ווערן . . . אויך ער, אָט דער גייסטיקער ריז, וואָס האָט דערגרייכט די העכ־סטע הימלען און אָנגעקוקט דער ג—טהייט פנים אל פנים — אויך ער האָט זיך ניט געקענט אַנקעגנשטעלן דעם מענשלעכן גורל —דעם טויט! . . .

היינט איז זיין „טאָג פול געוואָרן". היינט האָט זיך געענדיקט זיין פי־רערשאַפט און לערערשאַפט פון זיין הייס־געליבטן אידישן פאָלק, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי, יסורים און זעלבסטאָפּפערונג באַשאַפן און דערצויגן . . . ער מוז פאַר־לאָזן די סצענע און זיין תלמיד און נאָכפאָלגער, יהושע בן נון, מוז פאַרנעמען זיין פּלאַץ.

היינט איז ער אַלט געוואָרן הונדערט מיט צוואַנציק יאָר און, הגם זיינע פיזישע כחות און זיינע קערפּערלעכע חושים זיינען נאָך יונג און שטאַרק, זיינען אָבער שוין פאַרשפּאַרט געוואָרן פאַר אים די טויערן פון חכמה . . . ער קען שוין מער ניט לערנען מיט די אידן . . . איצט שטייט שוין אַ נייער פירער, אַ נייער לערער, וואָס זאָל לערנען מיט די אידן משה׳ס תורה . . .

ווי די גמרא (סוטה י״ג) ליגט עס אַריין אין די ווערטער „לא אוכל עוד לצאת ולבוא״ — איך קען ניט מער אַרויסגיין און אַריינגיין — אַז דאָס מיינט „לצאת ולבוא בדברי תורה, מלמד שנסתתמו ממנו שערי חכמה״ . . .

דערפאַר, אָבער, זיינען זיינע חושים נאָך יונג און שאַרף און באַזונדערס, זיין זעקסטער חוש, זיין העלזעערישע אינטואיציע, וואָס קען דורכבליקן די וועלט עד סוף כל הדורות . . .

און „וילך משה״ — זאָגט דער מדרש תנחומא: „אין ו י ל ך אלא לשון תוכחה״ — אַט דער „וילך״ מיינט בלויז אַ לשון תוכחה, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין תהלים מ״ו: „לכו חזו מפעלות אלקים אשר שם שמות בארץ״ — גייט זעט די אויפטואונגען פון ג—ט, וואָס האָט געמאַכט פאַרוויסטונגען אין לאַנד.

דער מדרש האָט דאָ דערפילט אַז משה רבנו איז איצט געווען אין אַ שטראָפנ־דיקער שטימונג, אַז דער גרעסטע נביא און תורה־געבער איז באַאומרואיקט געוואָרן פון שווערע, שטראָפנדיקע וויזיעס אין דעם טאָג פון זיין הסתלקות.

ער איז געווען באַזאָרגט, דער רעיא מהמנא, וועגן דער צוקונפט פון זיינע שאָף, וואָס ער לאָזט איבער אויף דער וועלט.

ער איז געווען באַאומרואיקט, משה רבנו, וועגן דעם גורל פון זיין הייס־געליבט פאָלק און פון זיין גרויסער לעבנס־שאַפונג — די תורה!

קיין וואונדער ניט, וואָס אונדזערע חכמים און מקובלים האָבן אַט די סצענע פון משה׳ן, אַנגעלאָדן מיט אַזוי פיל מיסטישער קדושה און גליענדיקן אידישן גורל.

ווי דען אַנדערש האָט געקענט זיין, אַז דער גרעסטער נביא פון אַלע צייטן זאָל פאַר זיין טויט ניט דערזען די אידישע יסורים, די אידישע נויטן, די אידישע ביטערע גלות׳ן, און זיין האַרץ זאָל דערביי ניט אָנגעפילט ווערן מיט דעם אומרו און אַדלער־בליקן זאָלן ניט ווערן ברענענדיק, שטראָפנדיק?

ניט אומזיסט האָט דער תנחומא פאַרבונדן דעם „וילך״ מיט „תוכחה״, זיך שטיצנדיק אויף דעם פסוק „לכו חזו מפעלות אלקים״ משה איז דעם טאָג אַרומ־געגאַנגען מיט אַ „חזות קשה״ וועגן די ביטערע אידישן גלות׳ן.

ער האָט געזען אַ שרעקלעך בילד: אידן ווערן געטריבן פון איין גלות אין דעם אַנדערן . . . אָבער, פון איין גלות ביז דעם אַנדערן, ווערן זיי געשלאָגן מיט פאַרגעסנהייט . . . אין דער צווישן־צייט, ווען זיי קריגן שוין אַן אָפּרו פון זייערע צרות, פאַרלירן זיי דעם כח־הזכרון און זייער היסטאָרישע לעבנס־ליניע ווערט פון זיי פאַרהוילן, און אידן טומלען זיך ווידער מיט „ריעל עסטייט״, מיט ביזנעס און „סטאָק מאַרקעטס״, ביז אַן אַנדער זעץ איבערן קאָפּ לאָזט זיי וויסן, אַז זיי האָבן זיך אומזיסט געטומלט . . .

אַט איז אַ גליענדיקע און ברענענדיקע וויזיע דורך דער פריזמע פון אונד־זערע חכמים:

ווען ג—ט האָט אים געזאָגט „הן קרבו ימיך למות" און אים געהייסן רופן יהושע'ן צום אהל מועד, דערציילט די תורה, אַז ג—ט האָט זיך געוויזן אין אַ וואָלקנ־זייל ביים אַריינגאַנג פון אהל, און ג—ט האָט געזאָגט צו משה'ן: זע, ווי דו ליגסט זיך מיט דיינע עלטערן, און דאָס דאָזיקע פאָלק וועט אויפשטיין און זיך אָפּקערן נאָך די געטער פון די פרעמדע פון דעם לאַנד, וואָס ער קומט אַהין צווישן זיי און ער וועט מיר פאַרלאָזן און פאַרשטערן מיין בונד וואָס איך האָב געשלאָסן מיט אים — „וחרה אפי ביום ההוא ועזבתים והסתרתי פני מהם והיה לאכול ומצאוהו רעות רבות וצרות ואמר ביום ההוא: הלא כי אין אלקי בקרבי מצאוני הרעות האלה" — און מיין צאָרן וועט גרימען אויף אים אין יענעם טאָג, און איך וועל זיי פאַרלאָזן, און פאַרבאָרגן מיין פנים פון זיי, און ער וועט זיין צום פאַרצערן, און אים וועלן טרעפן בייזן פיל און צרות, און ער וועט זאָגן אין יענעם טאָג: פאַרוואָר, ווייל מיין ג—ט איז ניט צווישן מיר, האָבן מיך געטראָפן די דאָזיקע בייזן . . .

האָבן אונדזערע חכמים אין אָט דעם פסוק אַנגעלאָדן אַלע אידישע גלות'ן ווי אויך דעם היינטיקן בלוטיקן גלות מיט דער גאַנצער טראַגעדיע פון דער איצטי־קער צייט:

„וחרת אפי בו" — אין גלות בבל; „ועזבתים" — אין גלות פרס ומדי; „והסתרתי פני מהם" — אונטער דער גריכישער הערשאַפט; „והיה לאכול" — אין דעם גלות אדום, דאָס מיינט דער היינטיקער גלות; ומצאוהו רעות רבות וצרות — דאָס מיינט די תוכחה וואָס האָט זיך איצט אויף אונז אויסגעגאָסן; „ואמר ביום ההוא: הלא על כי אין אלקי בקרבי מצאוני הרעות האלה" — אידן וועלן זאָגן: ג—ט איז ניט מיט אונז . . . אידן וועלן פרעגן: וואו איז ג—ט? ווארום דערלאָזט ער אַזעלכע מורא'דיקע רציחות פון די היטלערס און מוסאָליניס? מן הסתם איז ג—ט ניט מיט אונדז . . . ווארום וואָלט ער געווען מיט אונדז, וואָלט דאָך ניט מעגלעך געווען אַ היטלער אויף דער וועלט: „אילו הוה בגבי לא הויא אתא לי" . . . וציון אומרת: עזבני שכחני (פסיקתא ילקוט שמעוני).

און אפילו אין אָט דעם טראַגישסטן מאָמענט פון אידישן גלות, פאַרגעסן אידן אַז זייער פולע הילף, זייער גאולה שלמה ליגט אין ציון . . .

ווארום כל זמן דער איד געפינט זיך אין דער צעשפּרייטונג צווישן די פעל־קער פון דער ערד, וועט דער אידישער פּראָבלעם אינגאַנצן ניט געלייזט ווערן, ווייל דער אידישער פּראָבלעם האָט צוויי פּראָנטן, וועלכע זיינען זיך סותר איינער דעם אַנ-דערן — דער פּראָבלעם פון אידן איז דער פּראָבלעם פון אידישקייט . . .

ביידע פּראָבלעמען זיינען זיך שונאים, און די לייזונג פון איינעם מיינט די פאַרשאַרפונג פון דעם אַנדערן.

די היסטאָרישע דערפאַרונג האָט באַוויזן, אַז אין די לענדער וואו דער אידנפּראָבלעם איז, מער אָדער ווייניקער, געלייזט געוואָרן, איז פאַרשאַרפט געוואָרן

דער אידישקייט־פּראָבלעם, און דאָרט וואו דער אידישקייט־פּראָבלעם איז, מער אָדער ווייניקער, געלייזט געוואָרן, איז דאָס געווען אויף דעם חשבון פון דעם אידן־פּראָבלעם.

דאָס איז אַזוי ווי איינער וואָס האָט צוויי קראַנקהייטן. פאַר איינער איז גוט וואַרימקייט און די אַנדערע קען געהיילט ווערן דוקא מיט קאַלטע פּריפּאַרקעס — איז ווי איר זאָלט ניט פּרובירן היילן דעם פּאַציענט, וועט אים אַלץ זיין שלעכט. ער וועט מוזן בלייבן ביי איין קראַנקהייט . . .

אָט די צוויי פּנים׳דיקייט פון דעם אידישן פּראָבלעם איז די גרעסטע טראַגעדיע פון דעם גלות. אין די לענדער וואו מיר זיינען פריי און בילדן אַ טייל פון דעם פּאָליטישן, עקאָנאָמישן לעבן, זיינען מיר אונטערגעוואָרפן אונטער אַ פאַרצערנדיקער אַסימילאַציע און אויסליידיקונג פון אַזעלכע גייסטיקע אוצרות. אין די לענדער וואו מיר האָבן געלעבט אין אַן אָפּגעזונדערט לעבן אונטער באַגרענצונגען און גזירות, האָבן מיר געהאַט אַ שפּרודלדיק אידיש לעבן מיט שעפערישע קולטור־אינסטיטוציעס פון תורה און חכמה.

אין דעם זין פאַרשטייען מיר די גמרא (אין חגיגה ה׳), וואָס זאָגט:

„רבי יוחנן, אַז ער פלעגט צוקומען צו דעם פּסוק „והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות" — און עס וועט זיין, אַז עס וועלן אים טרעפן בייזן פילע און צרות — פלעגט זיך דער גרויסער אמורא, וואָס איז געווען גלייך צו אַ תנא, פאַנאַנדערוויינען מיט דער נאָגנדיקער פראַגע: אַ קנעכט וועמען זיין בעל הבית געפינט פאַר אים אויס אַזוי פיל צרות — קען ער דען האָבן אַ תקנה?"

האָט די גמרא ניט פאַרשטאַנען וואָרום האָט זיך רבי יוחנן פאַנאַנדערגעוויינט גראָדע ביי אָט דעם פּסוק. זיינען דאָך פאַראַן פיל ערגערע פּסוקים אין דער תוכחה — וואָרום האָט זיך דער שיינער, ליכטנדיקער פּנים פון רבי יוחנן באַגאָסן מיט טרערן גראָדע ביי די „רעות רבות וצרות?" — „מאי רעות וצרות?" וואָס פאַר אַ רעות און צרות זיינען דאָס, אַז זיי האָבן צעבראָכן רבי יוחנן׳ס האַרץ? — פרעגט די גמרא.

ענטפערט רב: „שנעשות צרות זו לזו, כגון זיבורא ועקרבא" — די אידישע צרות זיינען זיך שונאים איינער דעם אַנדערן און וואָס עס איז גוט פאַר איינעם איז שעדלעך פאַרן צווייטן און מ׳קען זיי ניט היילן מיט איין מיטל, ווי איינער וואָס ליידט אין דערזעלביקער צייט פון צוויי קראַנקהייטן, וואָס איינע קען מען היילן מיט קעלט און די אַנדערע מיט וואַרימקייט . . .

אָט דאָס איז דאָך די טראַגעדיע פון אונזער גלות, וואו מיר ליידן אַלס מענשן און אַלס אידן. אַלס מענשן דאַרפן מיר זיין פריי און ווערן אַ טייל פון דעם פאָלק צווישן וועלכן מיר לעבן, דאַן אָבער ווערט דער אידישקייט-פּראָבלעם שאַרפער און טראַגישער . . .

און קיין אויסגאַנג פון אַט דער סיטואַציע אין גלות איז ניטאָ, און דעריבער האָט רבי יוחנן געוויינט ווען ער איז געקומען צו אָט דעם פּסוק:

דער איינציקער אויסוועג פון אָט דער דילעמא איז, נאַטירלעך, ארץ־ישראל, וואו נאַציאָנאַלע פרייהייט מיינט אויך די פולע לייזונג פון אידישקייט־פּראָבלעם צוזאַמען מיט דעם אידנפּראָבלעם . . .

אָבער, דערווייל, אין דער צעשפּרייטונג איז דאָ איין אויסוועג, אמת אַ יסור־רימדיקער אויסוועג, אָבער ער פירט אונז צו ליכט און פרייהייט און דאָס איז אַ טיפע רעליגיעזע דערוואַכונג . . . קלאַמערן זיך מיט אַלע כחות אָן אידישע טראַדיציעס און זינגען מיט באַגייסטערונג דאָס גרויס תורה־ליד, וואָס זינגט אין דעם אידישן געמיט דורך די אַלע דורות, זינט דעם באַרג סיני, און וואָס די תורה אַליין זאָגט אונז אָן, אַז עס וועלן אונז טרעפן אָט יענע בייזן פילע און צרות:

„וענתה השירה הזאת לפניו לעד כי לא תשכח מפי זרעו” —

אָט אין דעם ליגט אונזער איינציקע גבורה און האָפנונג, אַז מיר וועלן דאָך ענדלעך באַפרייט ווערן פון אָט דעם פאַטאַלן קלעם, אין וועלכן דער גלות האָט אונז אַריינגעקוועטשט.

וואָרום, ניט קוקנדיק וואָס ג—ט האָט פאַרבאָרגן זיין פנים פון אונז, איז ער אָבער ניט פאַרשוואונדן פון דעם אידישן קאָלעקטיוון אונטערבאַוואוסטזיין . . . אידן זעען אים ניט קלאָר ווי אין טאָג־ליכט, אָבער זיי שפּירן אים אין זייער געמיט, אין זייערע חלומות . . . דעריבער וועט זיך זיין חסד ניט אָפּטאָן פון אונז, ווי רבא זאָגט דאָרט (חגיגה ה'):

„ואנכי הסתר” — אמר הקדוש ברוך הוא: אף על פי שהסתרתי פני מהם, בחלום אדבר בו — הגם איך האָב פאַרבאָרגן מיין פנים פון זיי, רעד איך אָבער דורך אַ חלום אין זיי . . .

און גראָדע היינטיקן שבת שובה, ווען אידן פילן זיך אין אַ תשובה־שטימונג, וואָלטן מיר געדאַרפט אויך מאַכן אַ נאַציאָנאַלן חשבון הנפש, זיך פאַרטיפנדיק אין די שטראָפנדיקע וויזיעס פון משה רבנו פאַר זיין אַוועקגיין פון דער וועלט, ווי אונדזערע חז"ל האָבן זיי אַרויסגעלייענט פון דער היינטיקער סדרה „וילך”.

# האזינו

## די סודות׳פולע שירה פון "האזינו" ענטהאַלט אַ פירוש צום היסטאָרישן אידנטום און דעם סוד פון זיין אייביקייט.

„האזינו השמים ואדברה" — אשרי ילוד אשה שאמר למלאכת השמים כן, במלך שאומר לעבדיו: האזינו ושמעו לדברי, כך הוא אומר לשמים וארץ: שתקו עד שאכלה כל דברי! (תנחומא).

היה רבי יהודה בן חנניה אומר: בשעה שאמר משה „האזינו השמים" — היו השמים ושמי השמים דוממין: ובשעה שאמר ותשמע הארץ אמרי פי — היו הארץ וכל אשר עליה דוממין (ילקוט שמעוני).

„הצור תמים פעלו" — הצייר שהוא צו את העולם תחילה וצר בו את האדם. „תמים פעלו" — פעולתו שלמה על כל באי העולם ואין להרהר אחרי מדותיו . . .

„אל אמונה" — שהאמין בעולם ובראו (ספרי ילקוט שמעוני).

גדולה שירה, שיש בה עכשיו, ויש בה לעבר, ויש בה לעתיד, ויש בה בעולם הזה, ויש בה לעולם הבא (שם).

מיר האַלטן איצט ביי „האזינו". ביים וואונדערלעכן, סודות׳פולן „שוואַנעגליד" פון משה בן עמרם — יענע לעצטע גליענדיקע, גבורה׳דיקע און גורל׳דיקע שירה, וואָס דער גרעסטער נביא פון אַלע צייטן פאַר אים און נאָך אים, האָט אויסגעזונגען ביים פאַרענדיקן די תורה, איידער ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַרג נבו, וואו ג—ט האָט אים זיין נשמה אויסגעקושט . . .

ווי מלכות׳דיק דערהויבן, ווי זוניק-ליכטיק און ווי איבערמענשלעך גרויס שטייט פאַר אונז אונזער תורה־געבער, פירער, באַפרייער און נביא אין די לעצטע מינוטן פון זיין ערדיש לעבן!

קיין וואונדער ניט, וואָס אונדזערע חכמים זאָגן, אַז משה רבנו איז געשטאָרבן בנשיקה, ווארום אויף אַזאַ גייסטיקן ריז, וואָס האָט געקענט, צו הונדערט און צוואנציק יאָר, מאַכן אַזאַ פּאָעטיש-נביאישן שוואונג דורכן קאָסמאָס, צעברעכנדיק די גרעניצן פון צייט און רוים — אויף אַזאַ איבערמענש האָט דער מלאך המות ניט קיין שליטה.

איז, נאַטירלעך, פאַר אונז, אָרימע, פשוטע מענשן, שווער נאָכצופאָלגן אפילו מיט אונדזערע בליקן, דעם פלי וואָס משה רבנו האָט געמאַכט דורך הימל און ערד אין דעם טאָג פון זיין טויט בלויז מיט דער הילף פון אונדזערע נביאים, חכמים און מקובלים, וועלכע האָבן מיט זייערע שטאַרקע פליגלען געפּרובירט נאָכפאָלגן דעם לעצטן פלי פון דעם אדון הנביאים. קענען מיר האָבן אַ פאָרשטעלונג פון די בילדער, וואָס

דער ג—טלעכער זינגער פון „האזינו" האָט געזען אין זיין לעצטן שוועב דורכן קאָסמאָס.

„גדולה שירה, שיש בה עכשיו, ויש בה לעבר, ויש בה לעתיד, ויש בה בעלם הזה, ויש בה לעולם הבא (ילקוט שמעוני) — דער געזאַנג פון „האזינו" איז אַזוי גרויס, אַז זי ענטהאַלט די קעגנוואַרט, די פאַרגאַנגענהייט, די צוקונפט, די איצ־טיקע וועלט און די צוקונפטיקע וועלט . . .

אָט פון אַזאַ קאָסמישן פאַרנעם איז געווען משה׳ס לעצטע שירה.

די תורה אַליין שרייבט איר צו אַ גוואַלדיקע חשיבות, וואָס אין לשער. די תורה דערציילט:

„ויהי ככלות משה לכתב את דברי התורה הזאת על ספר עד תמם" — און עס איז געווען, ווי משה האָט פאַרענדיקט אויפשרייבן די ווערטער פון דער דאָזיקער תורה אין אַ בוך ביז זייער סוף, אַזוי האָט משה באַפוילן די לוויים זיי זאָלן אַריינלייגן די ספר תורה אין דעם אָרון און עס זאָל דאָרטן זיין אַלס אַן עדות פאַר דעם אָפּמאַך צווישן ג—ט און דעם אידישן פאָלק. דאַן האָט ער געהייסן רופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע עלטסטע, בעאַמטע און פירער פון די שבטים, „ואדברה באזניהם את הדברים האלה ואעידה בם את השמים ואת הארץ" — און איך וועלריידן אין זייערע אויערן אָט די ווערטער און וועל באַשטימען די הימלען און די ערד אַלס עדות פאַר זיי . . .

און באַלד דאַרויף הערן מיר, ווי עס טראָגט זיך משה׳ס שטים דורכן קאָסמאָס:

„האזינו השמים ואדברה
ותשמע הארץ אמרי פי".
פאַרנעמט איר הימלען
און איך וועל ריידן,
און זאָל די ערד זיך צוהערן
די רייד פון מיין מויל!

אונדזערע חכמים שטייען פאַרוואונדערט פאַר דעם גוואַלדיקן פאַרנעם פון משה רבנו און זעען אין דעם אַ שטאָלץ און אַ טרייסט פאַר דעם מין האנושי . . . איז דאָך משה דער געבענשטער זון פון עמרם, אויך מער ניט געווען ווי אַ מענש, אַ ילוד־אשה. און זעט ווי ער באַפעלט די הימלען און ערד, און צווינגט זיי זיך צו צוהערן צו זיינע רייד, עפּעס אַזוי ווי אַ קעניג, וואָס רעדט צו זיינע קנעכט.

„האזינו השמים ואדברה" — אשרי ילוד־אשה שאומר למלאכת השמים כן, כמלך שאומר לעבדיו: האזינו ושמעו לדברי, כך הוא אומר לשמים וארץ: שתקו עד שאכלה כל דברי (תנחומא).

און הימל און ערד מוזן פאָלגן! ווען משה רבנו הייסט זיי שווייגן:

היה רבי יהודה בן חנניה אומר: בשעה שאמר משה „האזינו השמים ואדברה"

— היו השמים דוממין: ובשעה שאמר „ותשמע הארץ אמרי פי" — היתה הארץ וכל אשר עליה דוממין (ילקוט שמעוני) — בעת משה האָט געזאָגט „פאַרנעמט איר הימ־לען, און איך וועל ריידן" — האָבן די הימלען פאַרשטומט; און ווען ער האָט געזאָגט „און זאָל די ערד הערן די רייד פון מיין מויל" — האָט די ערד און אַלץ וואָס אויף איר געשוויגן.

---

און דער יונגער גייסט פון דעם הונדערט און צוואַנציק יאָריקן אָדון הנבי־אים האָט אויסגעשפּרייט זיינע מעכטיקע פליגלען און אַ פלי געטאָן דורך דעם גאַנצן קאָסמאָס און דורך אַלע דורות פאַר אים און אַלע צייטן נאָך אים . . . פאַרשוואונדן זיינען געוואָרן די גרעניצן פון צייט און פּלאַץ, ווארום משה איש אלקים, וואָס האָט אַריינגעקוקט דער גאָטהייט פנים אל פנים. האָט דורכגעבליקט דעם סוד פון אי־דישן לעבן, וואָס איז אַזוי אייביק ווי הימל און ערד, ווי די גאַנצע יצירה.

און ווען הימל און ערד האָבן דערהערט דעם פלאַטער פון משה׳ס גייסט דורכן קאָסמאָס, האָבן זיי אויפגעציטערט מיט יראת הכבוד און זיינען פאַרשטומט געוואָרן . . .

שטייט ער, דער ג—טלעכער תורה־געבער און רעיא מהמנא, אַרומגערינגלט פון זיין הייס־געליבטן פאָלק, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל מי און יסורים געשאַפן, דערצויגן און געטראָגן דורך דעם מדבר. אויף זיין בלאַסן פנים לויכטן נאָך די שכינה־שטראַלן. זיינע ליכטיקע, פאַרגייסטיקטע אויגן קוקן אין דער ווייט־קייט אַריין, און ער זעט וואונדערלעכע וויזיעס, וואָס מאַכן שלאָגן זיין האַרץ דאָ מיט פרייד און דאָ מיט צער . . .

ער זעט דעם לאַנגן זיגזאַג־מאַרש פון זיין פאָלק . . . זיין אויפבלי און זיין ירידה, זיינע ליכטיקע און גליקלעכע טעג און זיינע פינסטערע, צער׳פולע יאָרן.

ער זעט אָבער, אויך דעם סוד פון דער אידישער אייביקייט, דעם שפּרודל־דיקן מקור חיים, דעם אייביקן לעבעדיקן קוואַל, פון וואַנען אידן שעפּן זייער אומ־באַזיגבאַרע גבורה — יענער קוואַל פון דעם אין־סוף, וואָס שטראָמט און פלייצט מיט צדק און חסד איבער זיין גאַנצער יצירה . . .

„כי שם ד׳ אקרא
הבו גודל לאלקינו" —

און אַריינבליקנדיק אין דעם שפּרודלדיקן קוואַל פון דער אידישער איי־ביקייט, האָט ער דערזען דעם „כי טוב" אין דער גאַנצער יצירה. דעם אומצעשטער־באַרן אידישן אָפּטימיזם און טיפן גלויבן אין מענשן, ווארום ג—ט אַליין גלויבט אין דעם מענשן . . .

„הצור תמים פעלו
כי כל דרכיו משפט
צדיק וישר הוא" —
אל אמונה ואין עול
דער באַשאַפער — גאַנץ איז זיין ווערק,
ווייל אַלע זיינע וועגן זיינען רעכט.

„הצור" מיינט אויך דער קינסטלער, ווי די גמרא (אין מגילה י"ד) זאָגט אויף דעם פסוק „אין צור כאלקינו" — אין צייר כאלקינו — ניטאָ אַזאַ קינסטלער ווי אונזער ג—ט . . . ער האָט באַשאַפן די וועלט מיט גרויס קונסט, זיין ווערק איז פולקאָם, ער איז דער גרעסטער קינסטלער . . .

„אל אמונה" — טייטשט דער ילקוט שמעוני: „שהאמין בעולם ובראו" — ער האָט געגלויבט אין דער וועלט און האָט איר דעריבער באַשאַפן — ער האָט באַשאַפן דעם מענשן און אים געגעבן דעם כח פון בחירה, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז דער מענש וועט זיך דאָך סוף כל סוף דערשלעפּן צו דעם „אחרית הימים" . . .

אָט אַזאַ אָפּטימיזם, אַזאַ גלויבן אין אַ בעסערער מענשהייט, שרייבן אונזערע חכמים צו צו ג—ט, און דעמזעלביקן אָפּטימיזם אָטעמט אין דער תורה, דעריבער זיינען די אידן די גרעסטע אָפּטימיסטן אויף דער וועלט. מיר האָבן דאָס באַקומען מיט אונזער עטישער ג—ט־דערקענטעניש.

אויף אָט דער אָפּטימיסטישער לויטערער ג—ט־דערקענטעניש האָט זיך דאָך אויפגעבויט און אַנטוויקלט די גאַנצע אידישע ציוויליזאַציע פון אברהם אבינו דורך די אַלע דורות פון נביאים, תנאים, אמוראים, חכמים, גאונים, מקובלים, דענקער, דיכטער און פרייהייטס־קעמפער ביז אויף היינטיקער צייט.

און אָפּמעסטנדיק דעם וועג פון אידישן פאָלק עד סוף כל הדורות האָט משה געזען די אַלע זיגזאַגן און פאַרקרימטע וועגן, אויף וועלכע מאַנכע זיינען געגאַנגען און דערליטן שווידערלעכע ירידה׳ס אין גוף און אין גייסט . . . די דורות פון „עקש ופתלתול", די קרומע און פאַרדרייטע דורות . . . די דורות פון „וישמן ישורון ויבעט" . . .

און ער זעט אויך די פינסטערע דורות פון צרות און יסורים פאַרן אידישן פאָלק, די דורות פון „הם קנאוני בלא אל כעסוני בהבליהם ואני אקנאם בלא עם" — זיי האָבן מיר דערצערנט מיט זייערע נישטיקייטן און איך וועל זיי דערצערענען מיט אַן אומפאָלק, מיט אַ פאָלק פון בעסטיעס, הייסט עס.

ער זעט אָבער אויך, די ליכטיקע נחמה פון „אני אמית ואחיה מחצתי ואני ארפא" . . . און ער שליסט זיין נביא׳ישע וויזיע מיט דער גרויסער און לעצטער

גאולה, פון „וכפר אדמתו עמו" דאָס לאַנד וואָס וועט ווערן צוריק „אדמתו". זיין אייגנס, דורך זיין פּראַצע און האַרעוואַניע, וועט מכפּר זיין די זינד פון זיין פאָלק.

אַריינבליקנדיק מיט זיין ליכטיק אויג אין די אחרית הימים, האָט דער גרעס־טער נביא געזען, אַז די גרונט־סיבה פון דער אידישער גייסטיקער און מאַטעריע־לער נויט איז באָדנלאָזיקייט, ערדלאָזיקייט. אידן קענען אין גלות קיין פולע גאולה ניט דערגרייכן. ווען אפילו די פעלקער וועלן זיי אויפהערן צו פאַרפאָלגן, ווייל ערשט דאַן ווען זיי וועלן פּטור ווערן פון דעם אידן־פּראָבלעם, וועלן זיי האָבן אַ אי־דישקייט־פּראָבלעם אויף זייערע הענט.

די פולע אידישע ליזונג, די גאולת הגוף און גאולת הנפש, קען נאָר דער־גרייכט ווערן אין אונזער היימלאַנד. און ארץ־ישראל קען נאָר אויסגעלייזט ווערן דורך אונזער פּראַצע און האַרעוואַניע, און ערשט דאַן וועט דאָס לאַנד וועט זיין „אדמתו", וועט זיין „וכפר עמו".

# וזאת הברכה

## משה׳ס גרעסטע ברכה איז די תורה

וזאת הברכה אשר ברך משה איש האלקים את בני ישראל לפני מותו —
און דאָס איז די ברכה וואָס משה דער ג—טלעכער מאַן האָט געבענשט די קינדער פון ישראל פאַר זיין טויט, און ער האָט געזאָגט:

ד׳ מסיני בא
וזרח משעיר למו
הופיע מהר פארן
ואתה מרבבות קדש
מימינו אש דת למו —
ג—ט איז פון סיני געקומען,
און אויפגעשיינט פון שעיר פאַר זיי;
ער האָט אַרויסגעשטראַלט פון באַרג פאַרן,
און געקומען פון די הייליקע צענטויזנטער,
אין זיין רעכטער האַנט אַ פייערדיק געזעץ פאַר זיי . . .

תורה צוה לנו משה
מורשה קהלת יעקב —
אַ תורה האָט אונז משה באַפוילן
אַ ירושה פאַר יעקב׳ס איינזאַמלונג . . .

מיר האַלטן איצט ביי סיום התורה, ביי דער לעצטער סדרה פון חומש, ביי וזאת הברכה — יענע אייביקע וואונדער־ברכה, וואָס משה רבנו האָט איבערגעלאָזן דעם אידישן פאָלק, פאַר אַלע צייטן און דורות, אין דעם לעצטן מאָמענט פון זיין ערדיש לעבן.

דער טאָג פון משה׳ס אַוועקגיין פון דער וועלט, ווען ער האָט איינגעזאַמלט דאָס גאַנצע פאָלק און ווידער אַמאָל באַנייט דעם אָפּמאַך מיט ג—ט, זיי אַריינברייגענדיק אין דעם ברית ד׳, ביז ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן אויף דעם באַרג נבו — אָט יענער היסטאָרישער טאָג, ווען אידן האָבן מיט אַ גוואַלדיקער יראת־הרוממות געוואָרפן זייערע לעצטע בליקן אויף דעם הייליקן און לויכטנדיקן פנים פון זייער פירער, באַפרייער, תורה־געבער און גרעסטן נביא פון אַלע צייטן — קען איינגעטיילט ווערן אין די דריי ווּיכטיקסטע הויפּט־מאָמענטן:

**משה׳ס שטראָפנדיקע נבואה צום אידישן פאָלק;**

**משה׳ס טרייסטפולע שירה פון אידישן היסטאָרישן לעבן;**

משה׳ס ברכה צום אידישן פאָלק וועלכע שליסט זיך מיט אשרך ישראל — מיט דעם ענדגילטיקן נצחון פונם אידנטום אין זיין שיקזאַלהאַפטן היסטאָרישן קאַמף אויף דער וועלט . . .

אָט די אַלע דריי מאָמענטן פון משה רבינו׳ס טויט גליען מיט אידישן גורל מיט אידישן גערנגל, אידישע ליידן, אידישער אומבאַזיגבאַרער גבורה און אידישער אייביקייט . . .

דער ערשטער שטראָפנדיקער מאָמענט ענטהאַלט „דברי תוכחות״, ביטערע ברענענדיקע שטראָפרייד, וואָס מאַכן ציטערן דאָס אידישע האַרץ . . . זיי זיינען אָנגעלאָדן מיט וואָרנונגען און פאָראויסזאָגונגען פון אַ יסורים׳דיקער און בלוטיקער תוכחה, וואָס קיין אומה ולשון וואָלט ניט געקענט אויסהאַלטן . . .

דער צווייטער מאָמענט איז שוין אַ טרייסטפולער געזאַנג, נצחונות׳פולע שירה פון אידישן לעבן, וואָס דער אָדון־הנביאים האָט אויסגעזונגען, רופנדיק הימל און ערד אַלס עדות, ווי ער זאָגט דאָרט: „והיה כי תמצאנו אותו רעות רבות וצרות וענתה השירה הזאת לפניו לעד״ — און עס וועט זיין, אַז עס וועלן אים טרעפן בייזעס פיל און צרות, וועט דאָס דאָזיקע געזאַנג זיך אָפרופן אין אים פאַר אַן עדות . . .

אין דעם דריטן און לעצטן מאָמענט זעען מיר שוין אונזער גרעסטן נביא, באַפרייער און תורה־געבער, ווי ער געזעגנט זיך מיט זיין געליבט פאָלק, זעענדיק אין זיין אספקלריה המאירה דעם גרויסן זיג פון דעם אידנטום, ווען זיין תורה־גייסט וועט דאָך באַהערשן די וועלט, די אידישע שבטים פאַרזאַמלען זיך אין זייער לאַנד און ג—ט׳ס ברכה רוט אויף זיי . . .

האָבן אונדזערע חז״ל אָנגעלאָדרן דעם וזאת הברכה מיט די סודות פון דער אידישער אייביקייט, טייטשנדיק וזאת הברכה — וזאת התורה. וואָרום עס איז היינו הך: תורה מיינט ברכה און ברכה איז תורה . . .

„וזאת הברכה״ — האָט געזאָגט ר׳ שמואל בר נחמני אין נאָמען פון ר׳ יונתן: אַזוי שנעל ווי משה איז געקומען בענשן די אידן מיט וזאת הברכה, האָט אויך הקב״ה זיי געבענשט מיט וזאת, ווי עס איז געזאָגט געוואָרן: „וזאת התורה אשר שם משה״, ווי עס ווערט דאָ געזאָגט: „וזאת הברכה אשר ברך משה איש האלקים את בני ישראל״ (תנחומא).

## משה איז אַ מוסטער פאַר אַלע נביאים . . .

וזאת הברכה — ווייל פריער האָט משה געזאָגט צו די אידן האַרבע ווער־טער, שווערע שטראָפרייד, האָט ער זיי איצט געזאָגט טרייסט־רייד, און פון אים האָבן זיך אָפּגעלערנט אַלע נביאים, וועלכע פלעגן אָנהויבן מיט האַרבע שטראָפרייד, אָבער דערנאָך פלעגן זיי ענדיקן מיט דברי־נחמות.

דער אָדון־הנביאים האָט, אַלזאָ, געוויזן אַ ביישפּיל פאַר אַלע אונדזערע נביאים וועלכע האָבן געשטראָפט דאָס פאָלק, אָבער תמיד האָבן זיי געשלאָסן זייערע דברי־תוכחות מיט דברי נחמות (ספרי ילקוט שמעוני).

## פאָלקס ליבע איז דער באַדינג פון יעדן פירער און שטראָפער . . .

דער נביא, דער פאָלקס־לערער און גייסטיקער פירער, וואָס קומט שטראָפן און מוסר'ן זיין פאָלק, דאַרף זיין באַוועגט פון אַ טיפער אומרואיקער ליבשאַפט צום פאָלק. ער דאַרף זיין גרייט זיך פריער אַליין מוסר־נפש צו זיין פאַר דעם פאָלק, און ערשט דאַמאָלסט קען ער קומען אים שטראָפן מיט די ביטערסטע שטראָפרייד און דערנאָך אים בענשן . . .

אויב אַ פאָלקס־פירער האָט ניט אָט די טיפע ליבע פאַר זיין פאָלק, האָט ער קיין רעכט ניט אים צו פירן און אים צו לערנען און דאָס פאָלק קען אים זאָגן: „לא מעוקצך ולא מדובשך" — איך וויל ניט דיינע קללות און איך בין דיר מוחל דיינע ברכות . . .

אויך דאָס האָט אונז געלערנט משה רבנו. ער האָט פריער אַרויסגעוויזן זיין טיפע ליבשאַפט צו זיינע ברידער. אָט די ליבשאַפט האָט אים אַרויסגעטריבן פון פרעה'ס פּאַלאַץ און אים געטריבן זען זיינע פאַרשקלאַפטע ברידער, איינשטעלנ־דיק זיין לעבן פאַר זיי. ערשט דערנאָך איז ער געוואָרן זייער פירער און פרייהייט־קעמפער, זייער באַפרייער און תורה־געבער, זייער דערציער און מוסר־זאָגער . . .

## וזאת הברכה אשר ברך משה —

פאַר משה'ן פאַסט ניט צו בענשן די אידן, ווארום ער האָט זיין לעבן פאַר זיי איינגעשטעלט צו יעדער צייט, ווען זיי זיינען געווען אין סכנה. ער האָט געקענט זאָגן די תוכחה, אָבער ער האָט אויך געקענט זאָגן „וזאת הברכה". זיי ביידע, די קללות און די ברכות, קומען פון דעמזעלביקן ריינעם קוואַל, פון דעם קוואַל פון פאָלקס־ליבע, וואָס האָט געשטראָמט פון משה'ס האַרץ, דעריבער שטייט וזאת הברכה — אָט דאָס איז די אמת'ע ברכה (תנחומא).

# ג—ט טראָגט זיך אַרום מיט דער תורה ביז אידן קומען איר נעמען . . .

אונדזערע פרומע בעלי־אגדה זיינען געוואָרן אייפערזיכטיק אויף דעם וואָס משה הויבט אָן זיין ברכה מיט די ווערטער אַז „ג—ט איז געקומען פון סיני און אויפ־געשיינט פון שעיר און אויפגעשטראַלט פון פארן" — ווי באַקאַנט, איז דער באַרג שעיר די וועלט פון עשו'ן און דער מדבר פארן איז די וועלט פון ישמעאל'ן — פרעגט די גמרא: מאי בעי בשעיר ומאי בעי בפארן? — וואָס האָט הקב"ה געוואָלט אין שעיר און וואָס האָט ער געוואָלט אין פארן?

האָט רבי ישמעאל געזאָגט: דערפון איז געדרונגען, אַז הקב"ה האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט זיין תורה איבער אַלע פעלקער פון עשו'ן און ישמעאל'ן, אָנבאָטנ־דיק זיי זיין טייערן אוצר. אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט צונעמען די תורה ביז די אידן זיינען געקומען און איר אָנגענומען . . .

אינטערעסאַנט איז די באַטאָנונג „ביז ישראל איז געקומען", וואָס מיינט, אַז ג—ט האָט צו די אידן ניט געדאַרפט גיין, נאָר זיי זיינען אַליין געקומען . . . אידן האָבן, אַ דאַנק זייער גייסטיקער ירושה פון די אבות, געזוכט די תורה. זיי זיי־נען שוין פסיכאָלאָגיש און אידעאיש געווען צוגעגרייט אויפצונעמען די תורה, און ווען זיי זיינען געקומען צום באַרג סיני, זיינען זיי געוואָרן אַזוי אומגעדולדיק צו האָבן די תורה, אַז זיי האָבן אויסגעשריען דעם „נעשה" פאַר דעם „נשמע" (עבודה זרה ב').

און דאָס איז דער זין פון דעם פסוק, מיט וועלכן משה הויבט אָן זיינע ברכות: „תורה צוה לנו משה, מורשה קהלת יעקב" — וואָס מיינט, אַז די תורה האָט טאַקע משה רבנו אונדז אָנגעזאָגט, אָבער שוין פאַר אים איז די תורה געווען אַ ירושה פון יעקב'ס געמיינדע . . .

# די אידישע גבורה ווערט איינגעצאַמט דורך דער תורה . . .

עס זעט אויס, אַז צוליב דעם טאַקע זיינען די אידן אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין די תורה־טרעגער אויף דער וועלט, ווייל זיי זיינען שוין געווען פאַר מתן־תורה די גייסטיקע גבורים, וועלכע זיינען אימשטאַנד צו קעמפן און שטאַרבן פאַר זייערע אידעאַלן. דאָס האָבן זיי גע'ירש'נט פון זייערע אבות: אברהם יצחק און יעקב. די אידן זיינען דאַן געווען באַשאַנקען מיט אַן אינערלעכער פרימיטיווער גבורה צו קענען טראָגן און דערטראָגן יסורים און פאַרטיידיקן ג—ט און תורה אונטער די גרעסטע פייערן . . .

דעריבער זאָגן אונזערע חכמים, אַז „ישראל עז שבאו מות" — אידן זיינען די שטאַרקסטע און אַגרעסיווסטע צווישן פעלקער. עס איז מער ניט וואָס אָט די

גוואַלדיקע גבורה פון אידישן פאָלק איז איינגעצאַמט און געשליפן געוואָרן דורך דער תורה . . .

די גייסטיקע כחות פון אידישן פאָלק וואָלטן אָן דער מאָראַלישער אויס־לייטערונג פון דער תורה געווען אין אַ ווילדן פרימיטיוון צושטאַנד . . . זיי וואָלטן געקענט אונטעריאָכן אַלע פעלקער, ווען ניט די תורה, וואָס האָט געלייטערט און איינ־געצאַמט די אידישע גבורה אין עטישע און מאָראַלישע פאָרמען, ווי דאָס פייער פור־רמט אויס דעם האַרטן מעטאַל . . .

און דאָס איז דער זין פון דער גמרא וואָס זאָגט אויף דעם פסוק:

אש דת למו — תנא רבי ישמעאל, אין ר׳ ישמעאל׳ס ישיבה האָט מען געלערנט: די אידן זיינען געווען ראוי, זיי זיינען געווען צוגעגרייט, הייסט עס, אַז עס זאָל זיי געגעבן ווערן אַ פייערדיק געזעץ . . . אַנדערע זאָגן: אש דת מיינט: דתיהם של אלו אש — די געזעצן פון די דאָזיקע (אידן) זיינען פון פייער . . . דאָס זאָגן, נאַטירלעך, אַנדערע פעלקער, וועלכע פאַרשטייען ניט די גבורה פון אידישן פאָלק, וואָרום ווען די תורה וואָלט ניט געגעבן געוואָרן צו אידן, וואָלט קיין אומה ולשון זיך ניט געקענט שטעלן קעגן זיי (ביצה כ״ח).

## דאָס תורה־ליכט ציט זיך פון די אבות . . .

דעריבער איז טאַקע די תורה געגעבן געוואָרן דורך משה רבנו, אָבער זי איז דאָך „מורשה קהלת יעקב״ — איר ליכט ציט זיך דורך דעם פאָלק פון אונדזערע אבות . . . זינט דאַן איז די תורה געוואָרן דאָס ירושה־אייגנטום פון גאַנצן אידישן פאָלק, און יעדעס אידיש קינד וואָס הויבט אָן צו ריידן, דאַרף ווערן באַוואוסט פון זיין ירושה־רעכט אויף זיין הייליקן אייגנטום, און מ׳דאַרף מיט אים איינלערנען דעם פסוק: תורה צוה לנו משה, מורשה קהלת יעקב״ (סוכה מ״ב).

און ר׳ יהודה זאָגט אין נאָמען פון רב: דער וואָס האַלט צוריק אַ הלכה פון אַ תלמיד, איז ווי ער וואָלט אים באַרויבט פון זיין עלטערן׳ס נחלה, ווייל עס איז געזאָגט געוואָרן: תורה צוה לנו משה, מורשה קהלת יעקב — זי איז אַ ירושה צו אַלע אידן פון ששת ימי בראשית, זינט דעם וועלט־באַשאַף הייסט עס (פסחים צ״א).

# וזאת הברכה

## פּאָעטיש געשילדערט פון אונדזערע בעלי־אגדה — אַ מענשלעכע דראַמע פון אַן איבערמענשלעכן ריז. — זיין אומפאַרגלייכלעכע בענקעניש צו ארץ ישראל און זיין אומענדלעכע אהבת ישראל.

משה רבינו׳ס אַוועקגיין פון דער ערדישער וועלט ווערט אַזוי קורץ און קלאָר דער־ציילט אין לעצטן קאַפּיטל פון דער תורה, ווי קורץ און קלאָר עס איז דער טויט אַליין...

„ויעל משה" — און משה איז אַרויפגעגאַנגען פון ערבות מואב צום באַרג נבו אויף דעם סאַמע שפּיץ וואָס קוקט אַראָפּ אויף יריחו און ג—ט האָט אים געוויזן דאָס גאַנצע לאַנד . . . און ג—ט האָט אים געזאָגט: „זאת הארץ" — דאָס איז דאָס לאַנד וואָס איך האָב געשוואָרן צו אברהמ׳ען, צו יצחק׳ן און צו יעקב׳ן אַזוי צו זאָגן: צו דיינע זאמען וועל איך עס אַוועקגעבן . . . האָב עס דיר געוויזן פאַר דיינע אויגן אָבער אַהין וועסטו ניט אַריבערפאָרן . . .

„וימת שם משה עבד ד׳ בארץ מואב על פי ד׳" — און געשטאָרבן איז דאָרט משה ג—ט׳ס קנעכט אין מואב־לאַנד דורך ג—ט׳ס וואָרט . . .

און ער האָט אים באַגראָבן אין דעם טאָל אין מואב־לאַנד קעגנאיבער בית פעור און קיין מאַן האָט ניט געוואוסט זיין קבר ביז אויף היינטיקן טאָג . . .

און משה איז אַלט געווען הונדערט מיט צוואנציק יאָר, ווען ער איז גע־שטאָרבן. זיין אויג האָט ניט געטונקלט און זיין לעבנס־זאַפט איז ניט אויסגערו־נען געווען . . .

און יהושע בן נון איז אָנגעפילט געוואָרן מיט גייסט פון חכמה ווארום משה האָט אָנגעשפּאַרט אויף אים זיינע הענט (אים סמיכה געגעבן) און די אידן האָבן אים געפאָלגט און געטאָן אַזוי ווי ג—ט האָט אָנגעזאָגט משה׳ן . . .

און עס איז מער ניט אויפגעשטאַנען אַ נביא ביי אידן אַזוי ווי משה, וואָס ג—ט האָט אים געוואוסט „פנים אל פנים" . . .

אָט אַזוי פּשוט מענשלעך שילדערט די תורה דעם מענשלעכן טויט פון דעם איבערמענשלעכן משה, דעם ערדישן סוף פון דעם איבערערדישן נביא . . .

אמת, די ווערטער יאָגן אייך אָן מיט אַ נאָגנדיקן אומעט . . . איר שטייט פנים אל פנים מיט דער גבורה און זיכערקייט פון דעם טויט, פון וועלכן אפילו משה רבנו, וואָס האָט געטראָטן די הימלען און קאָמאַנדירט די נאַטור־כחות; אָט דער

אויסגעווײלטער פון אַלע נביאים, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט מלאכים און שפּאַ־צירט מיט ג—ט; אָט דער איש אלקים, וואָס האָט געבראַכט אייביק ליכט און די העכ־סטע גליקזעליקייט צו מענשן און וואָס האָט אַליין זיין גוף אַזוי פאַרגייסטיקט, אַז ער האָט אָנגעהאַלטן זיין יוגנט ביז צו זיין לעצטן אָטעם־צוג — אָט דער ג—טלעכער משה בן עמרם — האָט אויך ניט געקענט ניצול ווערן פון דעם גורל פון טויט . . . אויך אויף אים שרייבט די תורה ו י מ ת — און ער איז געשטאָרבן — ווי ביי אַלע מענשן . . .

גורל׳דיק שטאַרק איז דער טויט, אַז אויך משה האָט ניט געקענט אויסמיידן זיין טונקעלן גורל . . .

און דער טערמין מענשלעכער טויט ווערט אָנגעווענדט אויך צו דעם אי־בערמענשלעכן משה, און פונקט ווי ביי אַלע מענשן האָבן זיך זיינע טעג אויך דער־נענטערט צו זייער אומפאַרמיידלעכן סוף אויף דער ערדישער וועלט — צום טויט! . . .

„ויאמר ד׳ אל משה: הן קרבו ימיך למות" — און ג—ט האָט געזאָגט צו משה׳ן: זע, דיינע טעג דערנענטערן זיך צום טויט — דער מדרש האָט אין דעם פסוק דערזען די גורל׳האַפטע טראַגעדיע פון מענשלעכן לעבן, די מיסטעריעזע גבורה פונם טויט, וועלכער שטייט און וואַרט אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ אין דעם צייט־רוים ביז די טעג פון דעם מענשן דערנענטערן זיך צו אים, ווען קיין מאַכט אין דער וועלט, אפילו דער מעכטיקער משה קען זיך פון אים ניט ראַטעווען! . . .

זאָגט דער מדרש: אויף דעם זאָגט דער פסוק (איוב ב׳): "אם יעל לשמים שיאו וראשו לעב יגיע . . . יאבד", אויב אפילו זיין גייסטיקע הויכקייט זאָל אַרויפ־גיין אויף דעם הימל און זיין קאָפּ זאָל דערגרייכן די וואָלקנס, דאָך ווען ער דרייט זיך אום ווערט ער אויף אייביק פאַרלאָרן און די וואָס האָבן אים געזען וועלן פרעגן: וואו איז ער? . . .

אָט האָט אַ מענש געלעבט און געשאַפן צווישן אונז און — ניטאָ מער אים . . . וואו איז ער? . . .

דער דאָזיקער פסוק איז געזאָגט געוואָרן אַנטקעגן דעם יום המיתה, ווארום אַפילו אַ מענש זאָל זיך מאַכן פליגלען ווי אַ פויגל און אַרויפגיין צו די הימלען — איז אַזוי שנעל ווי עס קומט זיין סוף — ווערן זיינע פליגל צעבראָכן און ער פאַלט . .

„אם יעלה לשמים שיאו" — דאָס איז משה, וואָס איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם הימל, און זיינע פיס האָבן געטראָטן אויף וואָלקנס, און ער איז געווען ווי די מלאכי השרת און האָט גערעדט מיט דעם הייליקן געבענשט איז ער, פנים אל פנים, און האָט צוגענומען פון זיין האַנט די תורה — כיון שהגיע קצו, אמר לו הקב"ה: „הן קרבו ימיך למות" — ווען זיין ענד איז געקומען, האָט אים הקב"ה געזאָגט: זע, דיינע טעג האָבן זיך דערנענטערט צום טויט (תנחומא הקדום).

דער מדרש (דברים פ׳ ז׳) פֿאַרבינדט דעם „הן קרבו ימיך למות" מיט דעם פּסוק אין קהלת וואו ער זאָגט: „כי לא לקלים המרוץ", ניט ביי די לייכטפֿיסיקע איז דאָס געלאָף — זאָגט ר׳ תנחומא: דער פּסוק רעדט וועגן משה׳ן . . . אַט נעכטן איז ער אַרויף צום הימל ווי אַן אָדלער און איצט וויל ער אַריבערגיין דעם ירדן און קען ניט . . . ער איז מאַכטלאָז קעגן זיין גורל . . . אפילו משה מיט זיינע אָדלער־פֿליגלען קען ניט אַריבער דעם ירדן . . . „לא לקלים המרוץ" . . .

אָבער דאָך האָבן אונדזערע גייסטרייכע און פּאָעטישע בעלי אגדה ניט אַזוי גיך שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק, אַז משה דער איש־אלקים, האָט זיך אַזוי לייכט אונטערגעוואָרפֿן זיין גורל . . .

אַט דער איבערמענשלעכער משה האָט אַזוי מענשלעך געקעמפֿט קעגן טויט... אַזוי מענשלעך ניט געוואָלט שטאַרבן! . . .

משה רבנו׳ס אַוועקגיין פֿון דער ערדישער וועלט איז אַרומגעוועבט געוואָרן מיט אַ וואונדערלעכן קאָלירפֿולן געוועב פֿון געדאַנקענרייכע, פּאָעטישע און פֿאַנטאַס־טישע אגדות, וועלכע זיינען אָנגעלאָדן מיט אַזוי פֿיל דראַמע און העראָאישן קאַמף, פֿון דעם מענש מיט זיין גורל, אַז זיי, די אגדות, קענען קאָנקורירן מיט דער קלאַסי־שער גריכישער דראַמע, הן מיט זייער פּאָעטישער שיינקייט, הן מיט זייערע שטאַרקע אויפֿטרייסלענדיקע העראָאישע האַנדלונגען און הן מיט זייער קאָסמישן קאַמף קעגן שיקזאַל . . .

עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס אונדזערע דיכטער און דראַמאַטורגן האָבן פֿאַר־קוקט אַזאַ אוצר פֿון דראַמע און פּאָעזיע פֿון טיפֿער פֿילאָזאָפֿיע און פֿרומען פֿאָלקס־גלויבן, וואָס ליגט אין דעם היכל פֿון אונזער אַלט־יונגער אגדה.

די אגדות איבער משה׳ס טויט זיינען צעוואָרפֿן אין תלמוד און פֿאַרשיידענע מדרשים, ווי רבה, תנחומא, ילקוט, תנחומא הקדום, אגדת משה, פּטירת משה און אַנדערע; און אַלע אגדות באַצוועקן אַרויסצוברענגען די גרויסקייט פֿון דעם אדון הנביאים, זיין דראַמאַטישן קאַמף קעגן גורל, די שוואַכקייט פֿון דעם מענשן און די גערעכטיקייט פֿון ג—ט.

אַט ווי די אגדה שילדערט משה׳ס הסתלקות:

ווען משה האָט געזען אַז זיין גזר־דין איז פֿאַר׳חתמ׳עט געוואָרן האָט ער געמאַכט אַ קרייז אויף דער ערד און זיך אַוועקגעשטעלט אין אים און געזאָגט: האַר פֿון דער וועלט, איך ריר זיך ניט פֿון דאַנען ביז דו וועסט מבטל מאַכן די גזרה. אין דער זעלביקער צייט האָט ער זיך איינגעוויקלט אין אַ זאַק און זיך געוואַלגערט אין אַש און זיך אַוועקגעשטעלט מיט תפֿלה און תחנונים פֿאַר דעם הייליקן געבענשט איז ער, ביז הימל און ערד זיינען אויפֿגעציטערט געוואָרן און די סדרי־בראשית (נאַטור־אָרדנונג) זיינען אויפֿגעטרייסלט געוואָרן און זיי האָבן געזאָגט: „אפשר איז געקומען דער ווילן פֿון הקב״ה צו באַנייען זיין וועלט".

איז אַרויסגעקומען אַ בת־קול און געזאָגט: „נאָך איז דער ווילן פון הקב״ה נישט געקומען צו באַנייען די וועלט״. נאָר — „אשר בידו נפש כל חי״. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ נשמה וואָס דאַרף פאַרלאָזן דעם גוף . . .

וואָס האָט דער הייליקער, געבענטשט איז ער, געטאָן? — ער האָט אויסגע־רופן אין יעדן טויער פון יעדן הימל, אַז מען זאָל ניט צונעמען משה׳ס תפלה און מען זאָל זי פאַר אים ניט ברענגען ווייל אויף אים איז שוין פאַר׳חתמ׳עט געוואָרן דער דעקרעט. ווען דאָס קול פון משה׳ס תפלה האָט זיך, אָבער, אַלץ מער געשטאַרקט קעגן אויבן, האָט הקב״ה גערופן די מלאכי השרת און זיי געזאָגט: נידערט אַרונטער אויף גיך און פאַרשליסט אַלע טויערן פון די הימלען, ווארום משה׳ס תפלה איז געווען אַזוי ווי אַ שווערד, וואָס רייסט און שניידט און קיינער קען אים ניט צוריקהאַלטן . . .

אין דעם זעלביקן מאָמענט האָט משה געזאָגט פאַר הקב״ה: האַר פון דער וועלט! אַנטפּלעקט און באַוואוסט זיינען דאָך פאַר דיר מיין האָרעוואַניע און מיין צער וואָס איך האָב זיך מצער געווען איבער די אידן, זיי זאָלן גלויבן אין דיין נאָמען; וויפיל צער האָב איך געליטן איבער זיי ביז איך האָב באַשטימט פאַר זיי תורה און מצוות. איך האָב מיר דאָן געטראַכט און געהאָפט: אַזוי ווי איך האָב געזען זייער נויט, אַזוי וועל איך זען זייער גליק — און איצט, ווען עס איז געקומען דער אידישער גליק, זאָגסטו מיר: „לא תעבור את הירדן הזה״ — דו וועסט ניט אַריבערפאָרן דעם דאָזיקן ירדן — דו מאַכסט דאָך דיין תורה פאַלש, ווארום עס ווערט דאָך געזאָגט: „ביומו תתן שכרו״ — אין זיין טאָג זאָלסטו אים געבן זיין געצאָלט — איז דאָס דיין געצאָלט פאַר אַרבעט פון פערציק יאָר, וואָס איך האָב אַזוי געהאָרעוועט ביז עס איז געוואָרן אַ הייליק און גלויביק פאָלק? . . .

האָט אים הקב״ה געזאָגט: דאָס איז אַ גזרה פאַר מיר, פאַרפאַלן!

האָט זיך משה באַלד אונטערגעוואָרפן ג—ט׳ס ווילן און זיך געבעטן: רבונו של עולם, אויב איך קען ניט אַריינקומען אין ארץ־ישראל לעבעדיקערהייד — ברייננג מיר אַהין כאָטש אַ טויטן . . . זאָלן כאָטש מיינע ביינער רוען אין דער הייליקער ערד, אַזוי ווי עס רוען יוסף׳ס ביינער.

האָט אים דער הייליקער געבענטשט איז ער, געזאָגט:

„משה, ווען יוסף איז געקומען אין מצרים האָט ער זיך ניט פאַרשטעלט, נאָר געזאָגט אַז ער איז אַ איד, אָבער דו ווען דו ביסט געקומען קיין מדין, האָסטו זיך פאַר־שטעלט, ווען יתרו׳ס טעכטער האָבן געזאָגט „איש מצרי הצילנו״, און ער האָט גע־שוויגן.

האָט משה איינגעזען זיין זינד און האָט זיך געבעטן ביי ג—ט: אויב דו ברייננגסט מיר ניט אַריין קיין ארץ־ישראל, טאָ לאָז מיר כאָטש זיין ווי די חיות פון פעלד וואָס עסן גראָז און טרינקען וואַסער און וואַנדערן און זען די וועלט — זאָל

מיין נשמה זיין ווי זיי פריי און ניט געבונדן צו מיין גורל . . . האָט אים הקב״ה געזאָגט: „רב לך״ — גענוג דיר! האָט ער זיך ווייטער געבעטן: לאָז מיר כאָטש זיין אויף דער וועלט ווי דער פויגל, וואָס פליט אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט, און קלייבט צוזאַמען זיין שפּייז יעדן טאָג און אין אָוונט קערט ער זיך אום צוריק צו זיין נעסט — אַזוי זאָל מיין נשמה זיין ווי איינער פון זיי. האָט אים הקב״ה געענט־פערט: „רב לך!״

וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע ליבשאַפט, וואָס פאַר אַ טיפע דאַרשטיקע בייג־קעניש צו ארץ־ישראל! משה רבנו האָט געוואָלט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ חיה פון פעלד און אַ פליענדיקן פויגל. טאָמער וועט ער האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַטרעטן דעם באָדן פון פאַרשפּראָכענעם לאַנד און אָטעמען כאָטש אַ מינוט איר לופט . . .

עס ווערט ווייטער געשילדערט אין דער הערלעכער געשיכטע אויף אַ דראַ־מאַטישן שטייגער, אַז די זון און די לבנה האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר משה׳ן און האָבן געזאָגט צו ג—ט: אַלע טאָג בוקן זיך צו אייך די געצנדינער און איר הערט ניט אויף צו לייכטן — פאַר מיין כבוד האָט איר זיך ניט אָנגענומען, און פאַר דעם כבוד פון אַ בשר ודם האָט איר זיך יאָ אָנגענומען!

זיינען זון און לבנה פאַרשטומט געוואָרן.

האָט זיך משה געווענדט צו די כוכבים ומזלות, צו הימל און ערד, צו די בערג און טאָלן, זיי זאָלן זיך פאַר אים איינשטעלן, האָבן זיי געענטפערט: אויב שוין יאָ בעטן רחמים קעגן דיין גורל, האָבן מיר צו בעטן רחמים אויף אונזער אייגענעם שיקזאַל, ווארום אויך מיר זיינען פאַרגייענגלעך, אויך מיר שטייען אונטער דעם צייכן פון אונטערגאַנג . . .

און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָן דערפאָלג געווענדט צום ים, איז ער גע־גאַנגען צום שר הפנים (דער מלאך מטטרון וואָס שטייט פאַר ג—ט לויט דער קבלה) און אים געבעטן: בעט פאַר מיר רחמים, איך זאָל ניט שטאַרבן. האָט אים מטטרון געזאָגט: משה מיין רבי, ווארום באַמיסטו זיך אַזוי? עס איז אַלץ אומזיסט. אַזוי האָב איך געהערט פון הינטער דעם פאַרהאַנג, אַז דיין תפלה ווערט ניט געהערט אין דעם ענין.

האָט משה אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף זיין קאָפּ און האָט געשריען און געוויינט זאָגנדיק: ביי וועמען זאָל איך גיין בעטן רחמים? דאָ איז דער הייליקער, געבענטשט איז ער, אָנגעפילט געוואָרן מיט צאָרן (עברה) ביז משה האָט אָנגעהויבן צו זאָגן דעם פסוק: „ד׳ ד׳ אל רחום וחנון!״

ווען דער רוח הקודש האָט דערהערט ווי משה פאַרבינדט רחמים מיט ג—ט, האָט ער זיך באַרואיקט, זאָגנדיק צו משה׳ן:

„זע נאָר, צוויי שבועות האָב איך געשוואָרן: איינע צו פאַרטיליקן די אידן פון דער וועלט, ווען זיי האָבן אָפּגעטאָן יענע מאוסע מעשה (דעם עגל) און די אַנ־

דערע שבועה, אַז דו מוזט שטאַרבן און ניט אַריינקומען אין לאַנד. יענע שבועה, וואָס איך האָב דיר געשוואָרן איבער די אידן, האָב איך מבטל געווען צוליב דיר, ווען דו האָסט געזאָגט: „סלח נא״, און איצט ווילסטו ווידער איך זאָל מקיים זיין דיין וואָרט פון „אעברה נא״ — ווילסט האַלטן די שטריק ביי אירע צוויי שפּיצן? אויב דו ווילסט איך זאָל מקיים זיין דיין „אעברה נא״ — דאַן מאַך צונישט דיין „סלח נא״, און אויב דו ווילסט איך זאָל מקיים זיין דיין „סלח נא״ —מוזטו מבטל מאַכן דיין „אעברה נא״.

וויבאַלד משה האָט דערהערט אַז אויב ער וועט אויספירן, וועט דאָס אידיש פאָלק פאַרלירן, האָט ער געזאָגט צו ג—ט:

„רבונו של עולם! זאָל בעסער משה און טויזנט אַנדערע ווי ער פאַרלאָרן גיין, אַבי עס זאָל ניט באַשעדיקט ווערן אַ נאָגל פון איין אידן״ . . .

אָט אַזאַ טיפע אומענדלעכע אהבת ישראל האָבן אונדזערע בעלי אגדה גע־זען אין משה רבנו — ליבשאַפט צו אידן ביז צו זעלבסט־פאַרלייקענונג און זעלבסט־פאַרניכטונג!

ווי גרויס, ווי הימל־הויך איז געווען אונדזער תורה־געבער!

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די אגדה דערציילט ווייטער אַז זיין נשמה האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן איר גוף ווען ג—ט האָט איר גערופן, זאָגנדיק: ״טאָכטער מיינע, הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, האָב איך דיך באַשטימט אין משה׳ס גוף, איצט איז געקומען דיין צייט אַרויסצוגיין, גיי אַרויס, פאַרשפּעטיק ניט!״

האָט זי געזאָגט פאַר אים: האַר פון דער וועלט! איך ווייס, אַז דו ביסט דער ג—ט פון די גייסטער און האַר פון די נשמות, דו האָסט מיר באַשאַפן און דו האָסט מיך אַריינגעגעבן אין משה׳ס גוף הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, אָבער איז דען איצט דאָ אַ ריינערער גוף אויף דער וועלט ווי משה׳ס קערפּער? איך האָב אים ליב און איך וויל אים ניט פאַרלאָזן! . . .

„באותה שעה נשקו הקב״ה למשה ונטל נשמתו בנשיקה״ — אין דעם מאָ־מענט האָט דער הייליקער, געבענשט איז ער, געקושט משה׳ן און צוגענומען זיין נשמה מיט אַ קוש.

האָט דער רוח הקדוש געוויינט און געזאָגט: „ולא קם בישראל עוד כמשה״.
די הימלען וויינען און זאָגן: „אבד חסיד מן הארץ״.
די ערד וויינט און זאָגט: „וישר באדם אין!״
די מלאכי השרת וויינען און זאָגן: „צדקת ד׳ עשה!״
און אידן וויינען און זאָגן: „ומשפטיו עם ישראל!״
און זיי אַלע צוזאַמען זאָגן: „יבוא שלום ינוח על משכבותם!״ . . .

# ראש השנה

## די דריי מאָטיוון פון אונזערע ראש השנהדיקע תפלות — מלכיות, זכרונות און שופרות — רעפּרעזענטירן די דריי הויפּט־מאָטיוון פון אידנטום. — דער שופר־מאָטיוו וואָס ציט זיך דורך אַלע עקידהיס פון אידישן פאָלק זינט עקדת יצחק. — געדאַנקען און מעדיטאַציעס פאַר ראש השנה.

„ואמרו לפני בראש השנה מלכיות, זכרונות ושופרות — מלכיות, כדי שיעלה זכרוניכם לפני לטובה, ובמה? — בשופר. אמר ר׳ אבהו: למה תוקעין בשופר של איל? אמר הקדוש ברוך הוא: תקעו לפני בשופר של איל, כדי שאזכור לכם עקידת יצחק בן אברהם ומעלה אני עליכם כאלו עקדתם עצמכם לפני... (ראש השנה ט״ז).

„אשרי העם יודעי תרועה״ — וכי אומות העולם אינם יודעים לחריע? כמה קרנות יש להן וכ״ו . . . אלא אשרי העם שיודעים לפתות את בוראם בתרומה. ואימתי? בחודש השביעי . . . (ילקוט שמעוני, אמור).

„בחדש השביעי״ — ר׳ ברכיה חלה קרי לית „ירחא דשבועתא״, שבו נשבע הקב״ה לאברהם אבינו ע״ה, הדא הוא דכתיב (בראשית כ״ב): „ויאמר: בי נשבעתי נאום ד׳ . . . ויקרא רבה פ׳ כ״ט).

„אתם נצבים היום כלכם לפני ד׳ אלקיכם״ — מלמד שכינסם לפני הקדוש ברוך הוא ביום מותו להכניסם בברית . . . (רש״י) — דאָס לערנט אונדז, אַז משה רבנו האָט איינגעזאַמלט די אידן אין דעם טאָג פון זיין טויט פאַר דעם הייליקן, געבענשט איז ער, כדי זיי אַריינצוברייגען אין דעם בונד . . .

לויט דער מסורה פון דער גמרא (מגילה י״ג): וואָס זאָגט, אַז משה איז געשטאָרבן דעם זיבעטן טאָג אין אדר, האָט ער דידאָזיקע, מיט אַזויפיל קדושה און אידישן גורל גליענדיקע פרשה פון „אתם נצבים״, געזאָגט אין דעם זיבעטן טאָג פון לעצטן חודש פון יאָר.

די פרומע פאָלקס־טראַדיציע, וואָס האָט אויסגעשמידט אונזער לעבנס־נוסח מיט אינהאַלט און פאָרם, האָט אָבער אַזוי קונציק אויסגעמאַרקירט, אַז די סדרה „אתם נצבים״ זאָל תמיד געלייענט ווערן אין דעם שבת פאַר ראש השנה, ווען אידן שטייען גרייט זיך צו פאַרזאַמלען אין די שולן פאַר ג—ט אין דעם טאָג פון נאַציאָנאַלן חשבון הנפש און גייסטיקער רעטראָספּעקציע — ווען משה רבנו׳ס לעצטע ווערטער פון „אתם נצבים היום כלכם לפני ד׳ אלקים״ איז בלויז אַ פאַרבלאַסטער היסטאָרישער אָפּקלאַנג אין דעם געמיט פון אידישן פאָלק, נאָר אַ גליענדיקעווירקלעכקייט . . .

אידן וואַרפן אַראָפּ פון זיך זייער גראָע אַלטעגלעכקייט, זייער טומלדיקע וואָכעדיקייט, און פאַרזאַמלען זיך אין קדושה פאַר זייער פאָטער אין הימל און באַנייען מיט אים זייער אייביקן בונד.

„אתם נצבים היום כלכם" . . .

אַזוי ריידן צו אונדז די ראש השנה׳ס פון אַלע דורות, אין וועלכע אידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין קדושה פאַר ג—ט און, אונטער די גרעסטע יסורים און מוראדיקסטע פאַרפאָלגונגען, אונטער פייער און בלוט, באַנייט אונדזער גורל׳דיקן בונד מיט דער אייביקייט . . .

„אתם נצבים היום כלכם" . . .

און אין אַלע ווינקעלעך פון דער ערד, וואו עס איז נאָר דאָ אַ פאַרשטויסענער אידישער קבוץ וועלן אידן שטיין אין די שולן. אידישע נשמות וועלן זיך באַהעפטן מיט זייער פאָטער אין הימל און באַדריקטע, צעוואונדעטע אידישע הערצער וועלן זיך צוזאַמענגיסן מיטן גאַנצן כלל ישראל . . .

און אַפילו די פאַרביזעוועטע און פאַרדאַלאַרטע אַמעריקע, וואָס האָט פאַרוואָכעדיקט אונדזערע הייליקע שבתים און פאַרשאַכערט אונדזערע שיינע ימים טובים, האָט ניט געקענט אָפּווישן די טראַדיציאָנעלע הייליקייט פון ראש השנה, פון אונדזער נאַציאָנאַלן יום הזכרון און גייסטיקער פאַרטיפונג.

און אידן וועלן פאַרמאַכן זייערע געשעפטן, צושליסן זייערע פאַבריקן און פאַרלאָזן זייערע אָפיסעס און, פאַר צוויי טעג צייט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם טומל און דעם הו־האַ פון יאָגנדיקן לעבן, און וועלן זיך לייטערן אין די טראַדיציאָנעלע תפילות, זיך דערהויבן אין די עקסטאַטישע מיסטישע פיוטים, און זיך פאַרטראַכטן וועגן זייערע פליכטן, וואָס זיי האָבען צו דערפילן אין זייער קורצן לעבן אויף דער ערד — פליכטן צו זיך, צו זייערע קינדער, צו זייער אייגן פאָלק און צו דער גאַנצער מענשהייט . . .

„אתם נצבים היום כלכם" . . .

און ניט נאָר די אידן פון די נאָך פאַרבליבענע פרייע קבוצים אין די לענדער, וואָס זיינען פאַקטיש ניט אין דער מלחמה, נאָר אויך די אויסגעריסענע אידישע ישובים, די פאַרוואָגלטע היימלאָזע אידן, וואָס געפינען זיך איצט אויף די ימים און דער יבשה אין אַלע ווייטסטע ווינקלען פון דער ערד; אַלע אידן, וואָס געפינען זיך איצט געבונדענע, מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער ווי די לעמער אויף די פאַרשיידענע עקידה׳ס פון היטלעריזם . . . פאַרהונגערטע אין די תפיסות, פאַרפייניקטע אין די אינקוויזיציע קאַמערן, פאַר׳חלש׳טע אין די קאָנצענטראַציע קעמפּס — אָט די אַלע צעשאָסענע, געהאַנגענע און אויפגעריסענע אידן, זקנים, קינדער, עופה׳לעך, פרויען, חתנים און כלות —

„כי את אשר ישנו פה עמנו עומד היום לפני ד׳ אלקינו ואת אשר איננו פה עמנו היום״ — סיי די וואָס שטייען דאָ מיט אונז היינט פאַר ד׳, אונדזער ג—ט, סיי די וואָס זיינען דאָ ניט פאַראַן מיט אונדז — אַלע קדושים פון אַלע עקידה׳ס פון היינט און פון די פאַרגאַנגענע דורות פון היסטאָרישן אידנטום, וואָס איז פאַר־בונדן מיט דער אייביקייט, ניט קוקנדיק וואָס זיין גאַנץ לעבן איז איין לאַנגע עקידה — אַלע שטייען זיי היינט פאַר ג—ט און גיסן זיך צוזאַמען מיטן גאַנצן אידישן פאָלק, באַנייענדיק דעם „ברית״ . . .

אין אַט דעם זין האָבן אונדזערע חכמים דערפילט דעם באַדייט פון דעם שופר, וואָס איז געוואָרן דער הויפט־מאָטיוו פון ראש השנה.

האָט געזאָגט ר׳ אבהו: פאַרוואָס בלאָזט מען מיט אַ שופר פון אַ באַראַן אום ראש השנה? דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט געזאָגט, בלאָזט פאַר מיר אין אַ שופר פון אַ באַראַן, כדי איך זאָל אייך דערמאָנען די עקידה פון יצחק בן אברהם און איך וועל עס אייך אָרויפברייינגען אַזוי ווי איר וואָלט זיך אַליין געבונדן פאַר מיר אויף אַן עקידה (ראש השנה ט״ז).

די עקידה וואָס שפּילט אַזאַ גוואַלדיקע ראָלע אין אונדזערע תפילות, איז ניט בלויז דער זכות, וואָס אברהם און יצחק, אונזערע פאָטערס האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ טיפע אמונה און אַזאַ גוואַלדיקע אַהבת העם.

די סצענע פון דער עקידה, ווי זי ווערט אַזוי דראַמאַטיש און באַדייטפול געשילדערט אין חומש און דערקלערט פון אונדזערע חכמים, איז איינע פון די שטאַרק־סטע און גורל׳דיקסטע אין דעם לעבן פון אונדזערע צוויי ערשטע אבות, באַזונדערס אין דעם לעבן פון אברהם אבינו. קיינע פון די פּאַסירונגען און איבערלעבונגען פון אברהם אבינו איז ניט אַזוי גורל׳דיק כאַראַקטעריסטיש אַלס „סימן לבנים״, ווי די עקידה.

מיר זעען דאָ אַזאַ עקשנות׳דיקע אומצושטערבאַרע אמונה אין ג—ט, אַז קיין לאָגיק, קיין מאַכט אין דער וועלט, אפילו ניט ג—ט אַליין, כביכול, איז ניט בכח זי צו פאַרניכטן און דערמיט האָט אברהם געוויזן אַ וואונדערלעכן ביישפּיל פאַר זיינע קינדער.

ווארום די געזונטע לאָגיק האָט אברהם׳ען געדאַרפט אָפּהאַלטן פון צו פירן זיין איינציקן זון, יצחק׳ן, צו דער עקידה.

ערשטנס, איז דאָך דאָס געווען קעגן אברהם׳ס לויטערן ג—ט־באַגריף, האָט דאָך אברהם זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אַז ג—ט זאָל זיין אומגערעכט . . . און ווי קען ג—ט פאַרלאַנגען מענשלעכע קרבנות? און אַ חוץ דעם האָט דאָך ג—ט אַליין אים געהאַט פאַרשפּראָכן „כי ביצחק יקרא לך זרע״ — אַז אין יצחק׳ן ליגט די צו־קונפט פון זיין זאמען, טאָ ווי קען ג—ט קומען צו אים מיט אַזאַ פאַגאַנישן אומגערעכטן פאַרלאַנג, אַז ער זאָל אים ברייינגען יצחק׳ן פאַר אַ קרבן? . . .

און אָט די געדאַנקען און בייסנדיקע ספקות האָבן טאַקע באַאומרואיקט דעם געניאַלן אברהם'ען, אָבער זיין טיפער גלויבן אין ג—ט און אין זיין גערעכטיקייט האָט גובר געווען זיין לאָגיק. ער האָט זיך אונטערגעוואָרפן מיט גרויס ליבשאַפט צו ג—ט'ס ווילן און דעם פולן גלויבן, אַז „ג—ט און זיין משפט איז גערעכט” . . .

און דאָס איז דאָך אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם היסטאָרישן אידנטום, וואָס האָט ניט אויפגעגעבן זיין גלויבן אין ג—ט, ניט קוקנדיק אויף די אַלע שווידערלעכע עקידה'ס, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין זיין לאַנגן ביטערן גלות . . .

דעריבער זאָגן אונדזערע חכמים האָט ג—ט געהייסן בלאָזן אין דעם שופר, וואָס סימבאָליזירט די עקידה און דעם נס פון דעם באַראַן, וועלכער האָט פאַרנומען יצחק'ס פלאַץ אויפן מזבח, ווייל אין דעם טאָג פון ראש השנה, דאַרף אַרויסגעבראַכט ווערן די גאַנצע היסטאָרישע דראַמע פון דעם אידישן פאָלק, מיט זיינע עקידה'ס און מיט דעם שופר, וואָס סימבאָליזירט די אידישע אייביקייט און די גאולה . . .

אין דעם ליכט פון אָט דעם געדאַנק פאַרשטייען מיר דעם מדרש אויף דעם פסוק אין „אמור”, וואו די תורה זאָגט אונדז אָן, אַז „בחודש השביעי באחד לחודש יהיה לכם שבתון זכרון תרועה מקרא קודש” — אין זיבעטן חודש, אין ערשטן טאָג פון חודש זאָל זיין ביי אייך אַ רו־טאָג, אַ דערמאָנונג דורך שאַלונג, אַ הייליקע צונויפרופונג — —

„דבר אחר, בחודש השביעי” — ר' ברכיה הוה קרי ליה ירחא דשבועתא — ר' ברכיה פלעגט עס רופן דעם חודש פון שבועה (פון שורש שבע — שווערן), ווייל אין אים האָט דער הייליקער געבענטשט איז ער, געשוואָרן צו אברהם אבינו, ווי עס שטייט דאָרט (בראשית כ"ב): „ויאמר כי נשבעתי נאם ד' ” — האָט געזאָגט ר' ביבי בר אבא אין נאָמען פון ר' יוחנן: אברהם אבינו האָט זיך אָוועקגעשטעלט מיט תפילה און געבעטן פאַר דעם הייליקן, געבענטשט איז ער, און האָט געזאָגט פאַר אים: רבונו של עולם, איז דאָך דיר געווען אַנטפּלעקט און באַוואוסט, אַז ווען דו האָסט מיר געזאָגט: „קח את בנך את יחידך”, האָב איך געהאַט אין מיין הארצן וואָס דיר צו ענטפערן. איך האָב דיר געקענט זאָגן: נעכטן האָסטו מיר געזאָגט „כי ביצחק יקרא לך זרע”, און היינט הייסטו גאָר מיר אים בריינגען אַלס קרבן עולה . . . אָבער אַזוי ווי איך האָב אונטערדריקט מיינע טענות און האָב באַצוואונגען מיין ווילן און האָב דיר קיין זאַך ניט געזאָגט, אַזוי זאָלסטו האַנדלען ווען יצחק'ס קינדער וועלן קומען צו עבירות און שלעכטע מעשים, זאָלסטו זיי דערמאָנען די עקידה פון יצחק'ן זייער פאָטער, און זיך אויפשטעלן פון כסא הדין צו דעם כסא הרחמים (ויקרא רבה פ' כ"ט).

און אַזוי איז דער שופר געוואָרן דער סימבאָל פון אידישן טראַגישן גורל,

**אָבער אויך פון דער אידישער אייביקייט און פון דעם גאַנצן וועלט־משיחיזם, וואָס ליכטיקט אין דעם אידנטום.**

**און דער שופר, וואָס איז געוואָרן דער הויפּט־מאָטיוו פון ראש השנה, באַגלייט די אַנדערע צוויי מאָטיוון פון דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן טאָג — „מלכיות" און „זכרונות" — ווי די גמרא זאָגט עס (אין ראש השנה ט"ז), אַז דער הייליקער, געבענשט איז ער, האָט אונדז געהייסן זאָגן „מלכיות, זכרונות און שופרות" — מלכיות, כדי שתמליכוני עליכם; זכרונות, כדי שיעלה זכרוניכם לפני לטובה ובמה? בשופר"...**

צוערשט פּראָקלאַמירן אויף דעם שוועל פון נייעם יאָר די מלכיות פון ג—ט ברוך הוא . . . דאַן רופן מיר און וועקן די זכרונות פון דעם מענטשן, פון יחיד ווי פון כלל, ער זאָל זיך אָפּשטעלן פאַר אַ ווײַלע און ניט לויפן, ווי אַ צעהיצטער פערד, געיאָגט פון ווילדע תאוות . . .

מלכיות איז דער קאָסמישער מאָמענט פון אידנטום, ווי מיר דריקן עס אויס אין דער תפילה פון „ובכן תן פחדך . . . על כל מעשיך ואמתך על כל מה שבראת . . ."

זכרונות איז דער אוניווערסאַלער מאָמענט פון אידנטום, ווי מיר דריקן עס אויס אין דער תפילה „ובכן צדיקים יראו וישמחו" — מיר בעטן פאַר אַלע צדיקים פון דער וועלט, אַז די שלעכטסקייט זאָל אַוועק מיטן רויך און די ממשלת זדון זאָל פאַרשווינדן פון דער ערד . . .

שופרות איז דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פון אידנטום, ווי מיר האָבן עס פריער באַלויכטן, און דעריבער ווערן ביידע, אי די „מלכיות" אי די „זכרונות" באַגלייט אין אונזער נוסח מיט „שופרות" . . .

דעריבער מעגן מיר טאַקע מיט שטאָלץ זאָגן „אשרי העם יודעי תרועה" — אַז וואויל איז דעם פאָלק וואָס ווייסט די תרועה פון דעם שופר . . .

פרעגט ר' יאשיה: „ואומות העולם אינם יודעים להריע?" — און די פעלקער פון דער וועלט ווייסן גאָרניט ווי אַזוי צו שאַלן? וויפל טרומייטערס, פליײטן און אַנדערע בלאָז־אינסטרומענטן האָבן זיי . . . אלא: „אשרי העם שיודעין לפתות את בוראם בתרועה" — אַז וואויל איז דעם פאָלק, וואָס ווייסט צו באַוועגן זייער באַשאַפער מיט תרועה . . . ואימתי? בחודש השביעי, אין דעם זיבעטן חודש — ראש השנה . . .

אַלע פעלקער פײַערן זייער ניי־יאָר מיט טענץ, מיט יובעל און מיט פאַרשיידענע בלאָז־אינסטרומענטן, אָבער עס איז ניט „באור פניך יהלכון" . . . עס שטראַלט

**ניט אַרויס קיין ג—ט׳לעך ליכט פון זייערע תּרועה׳ס . . . דער אידישער שופר, אָבער, רופט אַרויס אַ הייליקן ציטער אין אונדזערע נשמות, וואָס וויברירט דורך דעם היסטאָרישן אידנטום מיט אהבת השם און מיט דעם אידישן גורל זינט דער עקידת יצחק . . .**

קיין וואונדער ניט וואָס אידישע פרויען האָבן זיך ענטזאָגט אָנצונעמען דעם דין, וואָס באַפרייט זיי פון תּקיעת שופר, ווייל דאָס איז אַ „מצוות עשה שהזמן גרמא״ . . . אידישע פרויען האָבן זיך ענטזאָגט אויסגעשלאָסן צו ווערן פון אָט דער הייליקער פאָלקס־טראַדיציע, וואָס סימבאָליזירט אידישן גורל, אידישע עקידה׳ס און אידישע האָפנונג . . . און אידישע פרויען, אפילו מיידלעך, האָבן איבערגעפּאַקט די שולן צו תּקיעת שופר, מיטפילנדיק מיט דעם גאַנצן עולם דעם מיסטישן ציטער אין זייערע הערצער, וואָס די תּקיעות האָבן אַרויסגערופן.

# יום כפור

## יום כפור, דער פייערלעכסטער און הייליקסטער טאָג פון יאָר וואָס שפּיגלט אָפּ די וועלט־דערלייזנדיקע אידעאַלן פון אידנטום. — דער קאָסמישער אוניווערסאַל־נאַציאָ־נאַלער און פערזענלעכער מאָמענט פון יום כפּור. — די קרוין פון עטישער און מיסטישער קדושה וואָס אונדזערע חכמים, מקובלים און פּיטנים האָבן אַריינגעפלאָכטן אין אונזער גרויסן יום טוב

"ביום הזה יכפר עליכם" — אפילו כל המועדות עוברין, יום הכפורים אינו עובר, שהוא מכפר על עברות קלות וחמו־רות . . . (פרקי רבי אליעזר).

"מכל חטאתיכם לפני ד' תטהרו" — חטא שאין מכיר בו אלא המקום יום הכפורים מכפר (בריתות כ"ו).

"אך בעשור לחודש" — יכול יהא יום הכפורים מכפר על השבין ועל שאינן שבין? — ודין הוא, הואיל וחטאת ואשם מכפרין ויום הכפורים מכפר — מה חטאת ואשם אין מכפרין אלא על השבין, אף יום הכפורים אין מכפר אלא על השבין (ילקוט שמעוני, אמר כ"ג).

. . . עברות שבין אדם למקום — יום הכפורים מכפר; עברות שבין אדם לחברו — אין יום הכפורים מכפר עד שירצה את חברו . . .

אמר ר' עקיבא: אשריכם ישראל, לפני מי אתם מטהרים ומי מטהר אתכם: אביכם שבשמים! שנאמר (יחזקאל ל"ו): „וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם מכל טומאותיכם ומכל גילוליכם אטהר אתכם", ואומר (ירמיה י"ז): „מקודש ישראל ד'" — מה המקום מטהר את הטמאים אף הקדוש ברוך הוא מטהר את ישראל (יומא פ"ה).

**יום** כפור ! . .

דער „שבת שבתון" דער פייערלעכסטער און הייליקסטער טאָג פון יאָר, וואָס איז באַשטימט פאַר פאַרשטענדיקונג און פאַרגעבונג צווישן מענש און מענש און צווישן מענש און ג—ט . . .

יום כפור ! . . .

דער אויסגעוויילטער און געבענשטער טאָג פון צענטן תשרי, וואָס האָט, דורך די דורות, געמאַכט פיבערן די אידישע פאָלקס־נשמה מיט אַזאַ טיפער מיסטי־שער קדושה, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך אַלץ וואָס איז ערדיש און מגושמ'דיק און זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון מלאכים . . .

יום כפור — דער טאָג פון מחילה, סליחה וכפרה, אין וועלכן דאָס היסטאָריש אידנטום האָט קאָנצענטרירט זיין גרויס און אייביק ליכט, ווי די זונשטראַלן אין אַ ברענגלאָז, מיט אַלע זיינע פאַרגייסטיקטע קאָלירן און עטישע פאַרבן — אָט דער הייליקסטער און געהויבנסטער יום טוב אונדזערער, וועלכן מיר זיינען מקבל פנים היינט פאַרנאַכט, ווען די לעצטע שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון באַפאַרבן דעם מערב־ברעג פון הימל, מיט די טראַדיציאָנעלע, דורות־אַלטע, אומעטיק־זיסע, הייליק־ציטערדיקע „כל־נדרי"־טענער — ענטהאַלט דעם שליסל צו דער גאַנצער אידישער וועלט־דערלייזנדער תורה־קולטור.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אונדזערע חכמים, צדיקים, מקובלים און פיטנים האָבן אין דעם „יום הדין הגדול והנורא" אַזוי פיל אַריינגעטייטשט און מיט אַזאַ טיף־רעליגיעזן עקסטאַז אים באַזונגען . . .

יום כפור ענטהאַלט אַלע פיר מאָמענטן פון דער אידישער תורה־פילאָזאָפיע — דער קאָסמישער, אוניווערסאַלער, נאַציאָנאַלער און פערזענלעכער — וועלכע פירן צו איין מקור . . . צום א ח ד, צום א נ כ י — צו ג—ט . . .

און גראַדע איצט, ווען מיר פייערן אונדזער יום כפור, אין אַזאַ טראַגישער צייט פאַר דעם אידישן פאָלק, ווי פאַר דער גאַנצער מענשהייט; אין אַ צייט פון אַ שווידערלעכער ירידה פון דער מענשלעכער ציוויליזאַציע; ווען מענשןריידן די שפּראַך פון ביקסן און קאַנאָנען, פון טויט און פאַרוויסטונג; ווען די שענסטע אידעאַלן ווערן געטראַמפּלט מיט די פיס און דער מענשלעכער געוויסן איז אַטראָפירט געוואָרן; ווען די כלומר׳שטע „באַפרייער" פון דער מענשהייט זיינען דעגענערירט געוואָרן צו דער מדרגה פון די לומפּיקסטע און נידערטרעכטיקסטע פאַררעטער —

גראַדע היינטיקן יום כפור, זאָג איך, ווען מיר שטייען דערנידעריקטע און פאַרשעמטע פאַר ג—ט, זוכנדיק אַ וועג צו תשובה און אַן אויסוועג פאַר דער מענשהייט אין קלעם פון מערדער און פאַררעטער — גראַדע היינט נאָך מער ווי אַלע יאָר — ווען דער ג—טלאָזער סאָציאַליזם, וואָס האָט געבוירן דעם נשמה־לאָזן קאָמוניזם, האָט באַנקראָטירט און די „האָפנונג" פון די „האַרעפּאַשנע אונטערדריקטע מאַסן" האָט געשלאָסן אַ בונד מיט דעם גרעסטן רוצח און געמיינסטן גענגסטער פון אַלע צייטן, פאַרשטאַרקנדיק די מאַכט פון פאַשיזם און נאַציזם אויף דער וועלט — קענען מיר זען די סיבה פון דעם באַנקראָט און די הויפּט־אורזאַך פון אָט דער דעגענעראַציע פון אַזעלכע הויכע אידעאַלן, וועלכע האָבן פּרעטענדירט צו ברענגען די גאולה אויף דער וועלט.

און ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין דעם פּראָבלעם, פאַנאַנדערגלידערנדיק די סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע, פּסיכאָלאָגישע און פערזענלעכע כחות, וואָס ווירקן אין דער מענשלעכער געזעלשאַפט, מוזן מיר קומען צום שלוס, אַז די דערלייזונג פון דער מענש-

הייט, פון פעלקער ווי פון יחידים, וועט ניט קומען ביז די אידישע תורה־קולטור, וועט ניט ווערן דער לייכט־טורעם פאַר דער גאַנצער מענשהייט . . .

און דער קוואַל פון דער אידישער תורה־קולטור איז דער א ח ד, דער א נ כ י, וואָס איז אידענטיפיצירט מיט „אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים״.

די קדושת החיים, די הייליקייט פון דער מענשלעכער פערזאָן, די חשיבות פון מענשלעכן לעבן, די אומבאַרירבאַרקייט פון מענשלעכער פרייהייט, פון יחיד ווי פון פאָלק, איז פאַרבונדן געוואָרן מיט ג—ט, וואָס איז דער קוואַל פון דין ומשפט און אויך פון חסד און רחמים . . .

דאָס אידנטום טיילט, דעריבער, ניט אָפּ די מצוות פון „בין אדם לחברו״, די עטישע באַציאונג צו מענשן, פון די „מצוות שבין אדם למקום״ — פון דער גייס־טיקער באַציאונג צו ג—ט . . .

דאָס איז דער תמצית פון דער אידישער תורה־פילאָזאָפיע.

אָן ג—ט קען דער מענש זיך ניט אויסלייטערן פון זיינע ערדישע ברוטאַלע און חיה׳שע אינסטינקטן, ג—ט איז דער קוואַל, וואָס רייניקט און לייטערט דעם מענשן, און בלויז אין דעמדאָזיקן קוואַל ליגט די האָפנונג פאַר דער גאַנצער מענשהייט . . .

דאָס איז די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פילאָזאָפיע, וואָס דאָס אידיש פאָלק האָט מיט זיין געניאַלער אינטואיציע אַרויסגעבראַכט, און דאָס איז דער געדאַנק פון דעם מאמר, מיט וועלכן דער גרויסער מאַרטירער־תנא רבי עקיבא האָט אַזוי באַוואונדערט די גליקזעליקייט פון אידישן פאָלק, זאָגנדיק:

„אשריכם ישראל״ — אַז וואויל אייך, אידן, פאַר וועמען זייט איר זיך מטהר און ווער איז אייך מטהר? — אייער פאָטער אין הימל! ווי עס ווערט געזאָגט(אין יחזקאל ל״ו): „איך וועל שפּריצן אויף אייך ריינע וואַסער און איר וועט ריין ווערן; פון אַלע אייערע אומריינקייטן און פון אַלע אייערע אָפּגעטער וועל איך אייך רייניקן״ און עס ווערט געזאָגט (אין ירמיה י״ז): מקוה ישראל ד׳ ״ — טייטשט רבי עקיבא „מקוה״ — אַ וואַסער וואו מען איז זיך טובל — „אַזוי ווי די מקוה איז מטהר די טמאים, אַזוי אויך דער הייליקער, געבענטשט איז ער, איז מטהר די אידן״ (יומא פ״ה).

און געזאָגט האָט עס רבי עקיבא אין פאַרבינדונג מיט יום כפור, ווייל דער טאָג אַנטפּלעקט מער ווי אַלע ימים טובים, די ספּעציפיש־אידישע רעליגיעזע וועלט־אנשויאונג . . .

און דעם אמת פון דער אידישער פילאָזאָפיע קען מען זען אין דעם באַנקראָט פון אַלע ג—טלאָזע אידעאַלן, וועלכע האָבן אויך געפּריידיקט ליבע צו מענשן, אָבער וועלכע זיינען געווען באַזירט אויף אַ נשמה־לאָזן, מאַטעריאַליסטישן יסוד, פאַרוואַנד־לענדיק די מענשן אין געבילדעטע גולמים, אין ציוויליזירטע ראָבאָטס, וועלכע זיינען נאָך געפערלעכער ווי חיה׳ס אין דזשאַנגל, ווי מיר קענען דאָס היינט זען אין דייטש־לאַנד, וואו עס איז געפּריידיקט געוואָרן אַ ג—טלאָזער זאָאָלאָגישער נאַציאָנאַליזם,

און אין רוסלאַנד, וואו עס האָט זיך אויפגעבויט אַ ג—טלאָזער ענגהאַרציקער סאָציאַליזם.

דער אומגליק פון דער היינטיקער וועלט איז, אַלזאָ, אַ דירעקטער פועל־יוצא פון אַ בלינדער, מעכאַנישער ציוויליזאַציע, וועלכע האָט געזוכט צו בויען וועלט־באַפרייענדיקע אידעאַלן אויף זאַמד, אויף אַ פאַלשן יסוד, וואָס האָט געמוזט צוזאַ־מענברעכן. ווייל אָן ג—ט איז ניטאָ קיין האַרץ און קיין געוויסן אין דעם מענש, וואָס איז אין זיין נאַטור אַ געפערלעכער, ביטערער עגאָאיסט . . .

אין קעגנזאַץ צו דער טויטער מאַטעריאַליסטישער וועלט-ציוויליזאַציע שטייט דאָס לעבעדיק גייסטיק אידנטום, וואָס טובל׳ט זיך און לייטערט זיינע עטישע אידע־אַלן פון פרייהייט, ברידערלעכקייט און מענשלעכער חשיבות אין דעם „מקוה ישראל״, אין דעם אנכי . . .

און דעריבער איז טאַקע אשריך ישראל! . . .

ווייל ביז איצט האָט בלויז דאָס אידישע פאָלק געהאַט די פייאיקייט צו פילן ג—ט נעבן אים און אין אים. און דאָס איז טאַקע דער סוד פון פסוק (אין דברים ד׳): „כי מי גוי גדול אשר לו אלקים קרובים אליו כד׳ אלקינו בכל קראנו אליו״ — וואו איז נאָך דאָ אַ גרויס פאָלק, וואָס ג—ט איז צו אים אַזוי נאָענט ווי אונדזער ג—ט ווען נאָר מיר רופן צו אים . . . מיר באַלעבן אונדזערע עטישע אידעאַלן מיט אים, דעריבער, זאָגט דאָרט די תורה ווייטער: „ומי גוי גדול אשר לו חוקים ומשפטים צדי־קים ככל התורה הזאת״ . . .

אדרבא זעט נאָר, ווי אַזוי דאָס תורה אידנטום האָט אַריינגעוועבט זיינע וועלט דערלייזנדע אידעאַלן, די ״חקים ומשפטים צדיקים״, אין דעם יום־כפור, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס מאַראַטאָריום פאַר די חובות וואָס אידן זיינען שולדיק צו זייע ג—ט.

האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט, אַז יום כפור איז מכפר בלויז אויף די עברות וואָס מען איז באַגאַנגען געגן ג—ט, אָבער די עברות בין אדם לחברו איז יום כפור ניט מכפר ביז ער בעט איבער דעם געקריוודעטן (יומא פ״ה), ווייל עס שטייט „מכל חטאתיכם לפני ד׳ תטהרו!״ — מיינט עס די זינד וואָס מען איז באַגאַנגען לפני ד׳, פאַר ג—ט, הייסט עס.

דערפון דרינגט אויך די גמרא (כריתות כ״ו), אַז יום כפור איז מכפר בלויז די זינד, וועלכע ג—ט אַליין ווייסט פון זיי, אָבער ניט די עברות וועלכע זיינען באַוואוסט צו מענשן, ווייל קוים ווייסן אַנדערע מענשן פון זיי, האָט עס שוין צו טאָן מיט „בין אדם לחברו״ . . .

און דער ילקוט שמעוני (אמר כ״ג): זאָגט אַז אפילו אויף די עברות פון בין אדם למקום איז יום כפור ניט מכפר סיידן, דער מענש טוט תשובה, און תשובה מיינט חרטה אויף דער פאַרגאַנגענהייט און אַ קבלה אויף להבא, דער מענש דאַרף פילן די ווייטיקן פון חרטה, זיך מאַכן אַ חשבון הנפש און באַשליסן מער ניט צו באַגיין דעם פאַרברעך געגן ג—ט.

קומען אין די שולן און אָפּקלאַפּן „על חטא" און זיך שלאָגן מעכאַניש אין האַרצן „אשמנו, בגדנו, גזלנו" ווען די מענשלעכע האַרץ ברעכט זיך ניט איבער מיט חרטה, איז נאָך ניט קיין תשובה, וועלכע העלפט מכפּר זיין די זינד . . .

„זאָגט רב אדא בר אהבה: אַ מענש וואָס האָט געטאָן אַן עברה און איז זיך מתודה אָבער ער האָט זיך ניט צוריקגעצויגן פון דער זינד, צו וואָס איז ער גלייך? — צו אַ מענשן וואָס האַלט אַ שרץ אין זיין האַנט, וואָס אפילו ער זאָל זיך טובל זיין אין אַלע וואַסערן פון דער וועלט, וועט אים די טבילה ניט העלפן; האָט ער דאָך דעם שרץ אַוועקגעוואָרפן — העלפט אים די טבילה אין אַ כשר'ער מקוה, ווייל עס שטייט: „ומודה ועוזב ירוחם" — דער וואָס איז זיך מודה און פאַרלאָזט זיין פאַרברעך, דער וועט דער־באַרימט ווערן. (תענית ט"ז).

יום כפּור איז אַלזאָ באַשטימט געוואָרן פאַר אַ טאָג פון תשובה און חרטה, פאַר אַ טאָג פון חשבון הנפש און טיפער פאַרגייסטיקונג.און כדי צו העלפן דעם אָרימען בשר ודם אָראָפּצוואַרפן פון זיך דאָס ערדישע און זיך פאַרגייסטיקן מיט די העכערע אידעאַלן פון לעבן, האָט די תורה אָנגעזאָגט ,אַז דער מענש זאָל אין דעם טאָג ניט עסן, ניט טרינקען און ניט האָבן קיין קערפּערלעכע הנאָה'ס. וואָרום, ווען דער מענש איז זאַט און שווימט אין פאַרגעניגן,קען ער ניט פילן דעם אָרימען,דעם הונגעריקן, ווען דער מענש טראַכט פון צופרידנשטעלן זיין גוף, פאַרגעסט ער אָפט זיין נשמה . . .

איז דעריבער "ועניתם את נפשותיכם" — פאַרגעסט אָן אייער גוף, לאָזט אים אָביסעלע זיך פּייניקן, וועט ער ווערן נאָכגיביק צו דער נשמה . . .

דעריבער איז יום־כפּור אָנגעלאָדן געוואָרן, דורך די דורות מיט אַזוי פיל עטיש־קייט און קדושה, באַהעפטנדיק זיך מיט זייער פאָטער אין הימל, האָבן זיך די אידן באַ־העפט מיט דעם גאַנצן קאָסמאָס, תפלה געטאָן פאַר דער גאַנצער יצירה, פאַר אַלע פעל־קער, פאַר זייער אייגענער אומה אין גלות און פאַר זיך, פאַר ווייב און קינד ! . . .

האָבן אונדזערע חכמים אַריינגעטייטשט אין דעם יום כפּור אַ וועלט מיט משי־חיזם וואָס שטראַמט פונ'ם אידנטום, האָבן אונדזערע מקובלים אַרויסגעטייטשט אַזעל־כע וואונדערלעכע קאָסמישע סודות און יחודים פון דעם יום כפּור, און אונדזערע גרויי־סע מיסטישע און רעליגיעזע דיכטער, די פּיטנים האָבן אין אים אַריינגעזונגען און אַרויסגעזונגען אַזאַ טיפע פאַרהערלעכונג פון ג—ט, וואָס אָטעמט מיט אַזוי פיל אהבת השם און אהבת הבריות, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי געפלאָכטן די וואונדערלעכע קרוין פון הייליקייט, די כתר קדושה וואָס באַשיינט אונדזער גרעסטן נאַציאָנאַל־רעליגיעזן יום טוב — יום הכפּורים ! . . .

און לאָמיר האָפן, אַז אונדזערע תפלות פון היינטיקן יום כפּור וועלן דערהערט ווערן און מיר וועלן אויסבעטן ביי ג—ט, אַז די ממשלת זדון וועט אַוועק ווי רויך פון דער ערד און די פעלקער וועלן ענדלעך דערקענען ג—ט און גערעכטיקייט וועט הערשן איף דער וועלט, און מיר אידן וועלן אויסגעלייזט ווערן פון גלות פאַר אַלע מאָל . . .

# אַ יום־כפור פון קידוש־השם

## די פיר לייט מאָטיוון פונים אידנטום וואָס זיינען קאָנצענט־ רירט אין יום־כפור — די עשרה הרוגי מלכות פון חורבן און די מיליאָנען הרוגי מלכות פון היינט — די קרוין פון קידוש־השם וואָס די טראַדיציע האָט איינ־ געשלאָסן אין נוסח פון יום־כפור — מע־ דיטאַציעס צום יום הדין —

יום־כפור ענטהאַלט אַלע פיר לייט־מאָטיוון פונ׳ם אידנטום, אַלע פיר הויפּט־מאָמענטן פון אונדזער תורה־פילאָזאָפיע — דער קאָסמישער, אוניווערסאַלער, נאַציאָ־נאַלער און פערזענלעכער — וועלכע פירן אַלע צו איין און דעמזעלביקן מקור . . . צום אחד, צום אנכי, צו ג—ט!

אָט־די מאָמענטן זיינען סימבאָליזירט אין אַלע יום־כפור׳דיקע טראַדיציעס און מנהגים, און זיי לייכטן אַרויס, ווי טויזנט זונען, פון אונדזערע רעליגיעזע, מיסטישע, און פרום־פּאָעטישע תפילות און פיוטים, מיט וועלכע דער אידישער פאָלקס־געניוס האָט אָנגעלאָדן זיין הייליקסטן טאָג פון יאָר . . .

און ווען איר ווייסט, אַז דאָס אַלץ איז אַרויסגעלייענט און אַריינגעלייענט גע־וואָרן דורך די דורות פון צווי טרוקענע פסוקים אין דער תורה, דאַן ווערט איר אָנ־געפילט מיט אַ טיפער יראת הרוממות פאַר דעם שעפערישן געניוס פון אידישן פאָלק, און אַ נאַציאָנאַלער שטאָלץ גייט־אויף אין אייער נשמה, גליענדיק מיט פרייד, וואָס איר זייט אויך אַ רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט פון היסטאָרישן אידנטום . . .

און ווען איר וואָלט געהאַט אַ ניצוץ פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער ז״ל, וועל־כער פלעגט, אַזוי האַרציק פאָלקסטימליך, זיך אויס׳טענה׳ן מיט ג—ט און מלמד־זכות זיין אויף אידן אין דעם יום־הדין — וואָלט איך געזאָגט צום רבונו של עולם:

זע, גאָטעניו, ווי דיין פאָלק ישראל האָט דורך דורות באַלעבט און באַשיינט דיין יום־כפור!

די גאַנצע פילאָזאָפיע פון דיין תורה אַנטפּלעקט זיך אין דעם הייליקן טאָג, ווי די אידישע חכמים, מקובלים, צדיקים און פיטנים האָבן אים אויסגעטייטשט און באַזונגען, און מיט וואָס פאַר אַ פייערלעכער קדושה דיין פאָלק האָט אים אויפגענו־מען! . . .

דו, גאָטעניו, האָסט באַשטימט שיינע סימבאָלישע און אַלעגאָרישע קליידער פאַר דיין כהן אין בית המקדש, ווען ער איז געשטאַנען לפני ולפנים פאַר דיר, אָנפירנ־דיק די צערעמאָניאַלע עבודה — אָבער, גאָטעניו האַרציקער, דיין פאָלק ישראל האָט עס בעסער און שענער געמאַכט פאַר דיר . . . .

ווארום די מלבושים, וואס דאס אידנטום האט געשאפן, גראדע אין זיינע לאנ־גע ביטערע און בלוטיקע גלות־יארן, פאר דעם יום־כפור, דורך זיינע הייליקע חכמים, תנאים, אמוראים, גאונים, מקובלים און פיטנים, זיינען ,אפשר, שענער ווי די בגדי בד פון כהן־גדול, און דאס פנים פון היסטארישן אידנטום האט געלויכט, אפשר, נאך מער ווי דער מראה כהן נאך מער ווי דער עבודת יום הכפורים . . .

קום אריין אין די אידישע הייזער און זע ווי אידן לייטערן זיך גרייטנדיק זיך ערב יום־כפור פאר דעם הייליקסטן טאג פון יאר. זע, ווי פראסטע אידן, פאלקס־מענשן, שטייען פארזאמלט ווי מלאכים אין די שולן און בתי־מדרשים. פארנעם זייערע שיינע תפילות, הער זיך צו צו די מיסטישע פיוטים, און באטראכט די בגדי קדושה, וואס אי־דישע פאלקס־נשמות קליידן זיך אן אין דעם צענטן טאג פון תשרי, — דעם הייליקסטן טאג וואס דו האסט אויסדערוויילט אלס יום־הכפורים . . .

און פארגעסן זאלסטו ניט, פאטער אין הימל ,אז דאס אלץ האבן מיר געשאפן אין אונדזערע שווערע, ביטערע און בלוטיקע גלות׳ן פאר די לעצטע צוויי טויזנט יאר, ווארום אמאל, גאר אמאל, האט דיין יום־כפור געהאט גאר אן אנדער פנים . . .

אזוי, וואלט איך מיר דערלויבט היינט, אויסצו׳טענה׳ן מיט׳ן רבונו של עולם, ווען איך וואלט געהאט א פונק פון דעם הייליקן פלאם, וואס האט געברענט אין ר׳ לוי יצחק׳ס נשמה — — —

**
*

עס איז געווען גאנץ נאטירלעך פאר אונדזער פאלקס־טראדיציע, וואס האט אויסגעשמידט דעם נוסח פון יום־כפור, אז זי זאל ארויסנעמען פון אונדזער היס־טארישן פאלקס־אוצר די הייליקע קרוין פון אידישן פאלק — די קרוין פון קידוש־השם — וואס אונדזער פאלק האט אויסגעשמידט אין זיין היסטארישן וועלט־קאמף פאר ג—ט און גאולה, און וואס וועט דאך ענדלעך באזיגן און פארניכטן אונדזערע פינסטערע שונאים און ברייגגען דערלייזונג פאר אונדז און פאר דער גאנצער מענשהייט . . .

און אין דער עלעגישער תפילה אלה אזכרה ונפשי עלי אשפכה, גיסן אידן אויס זייער הארץ אין געוויין און געבעט פאר ג—ט, פארלייגנדיק פאר אים אונדזערע צען הייליקסטע מארטירער פון די „עשרה הרוגי מלכות״, וועמען די פאגאנישע רומישע טיראנען האבן מיט אזא ווילדן סאדיזם פארפייניקט צום טויט.

דער פיוט פון „אלה אזכרה״ איז פארפאסט געווארן לויט דעם אינהאלט פון מדרש „אלה אזכרה״, וואו עס ווערט געשילדערט, ווי אזוי די צען גרויסע תנאים און אידישע פירער זיינען אומגעקומען על קידוש השם. אין דער גמרא זיינען זיי באוואוסט אלס די „הרוגי מלכות״, אדער „רבי עקיבא וחבריו״. זייערע נעמען זיינען: רבי יש־מעאל כהן גדול און רבן שמעון בן גמליאל הנשיא, רבי עקיבא און רבי חנניא בן תרד־יון, רבי חוצפית המתורגמן און רבי אלעזר בן שמוע, רבי חנינא בן חכינא, און רבי ישבב הסופר, רבי יהודה בן דמא און רבי יהודה בן בבא.

לויט דער געשיכטע זיינען זיי ניט אלע אומגעקומען אין איין און דערזעלבי־

קער צייט. אייניקע זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון חורבן הבית און אַנדערע נאָך דעם חורבן און אונטער די רוימישע אימפּעראַטאָרן האַדריאַן (אדריינוס און טריינוס). לויט דעם בעל היוחסין, איז ר׳ ישמעאל בן אלישע ניט הינגעריכטעט געוואָרן מיט רבן שמעון בן גמליאל אין איין צייט. רבן שמעון איז געווען דער ערשטער פון די עשרה הרוגי מלכות אומצוקומען אין דער צייט פון חורבן. רבי עקיבא איז פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט מיט זעכציק יאָר נאָך אים, אונטער האַדריאַן, און די פינף לעצטע פון די עשרה הרוגי מלכות זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרן בעת די פעסטונג ביתר איז איינגענומען געוואָרן, אַרום דריי און זיבעציג יאָר, נאָך דעם חורבן.

די אידישע לעגענדע האָט זיי אָבער ניט געוואָלט צושיידן און האָט זיי אויס-געקליבן אַלס די נאַציאָנאַלע מאַרטירער פון אידישן פאָלק, וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש־השם אין דער צייט פון חורבן.

עס זיינען געווען נאָך הרוגי מלכות, וועמעס טויט עס איז געווען אַ קידוש־השם, ווי די ברידער פּאַפּוס און לוליאַנוס פון לוד, אויף וועמען די גמרא זאָגט, אַז קיין מענש קען ניט שטיין אין זייער מחיצה, ווי דאָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער מעשה פון רב יוסף, זון פון ר׳ יהושע בן לוי, וועלכער איז פאַר׳חלש׳ט געוואָרן און זיך אויפ־געכאַפּט פון אַ הינער־פּלעט קומענדיק פון אַ שפּאַציר אין הימל (פּסחים ג׳, בבא בתרא י׳).

די „צען קרוין מאַרטירער" זיינען אָבער אויסגעקליבן אַלס די נאַציאָנאַלע קדושים פון אידישן פאָלק פאַר אַלע צייטן, ניט אַזוי צוליב זייער שוידערלעכן מאַר־טירער־טויט, ווי צוליב זייער גרויסקייט אין תורה און חכמה, אין זייער געניאַלער פי־רערשאַפט און גוואַלדיקער געטריישאַפט צום אידישן פאָלק צו זיין תורה און זיין גאָט . . . זיי זיינען געווען די גרעסטע אידן פון זייער צייט, „ארזי הלבנון" און „אדירי התורה" — צעדערן פון לבנון און גבורים פון דער תורה — ווי זיי ווערן אַנגערופן אין דער קינה פון די עשרה הרוגי מלכות וואָס מיר באַוויינען תשעה באב.

דעריבער זיינען זיי טאַקע אויסגעקליבן געוואָרן פון די רוימישע טיראַנען אומ־צוקומען, כדי אידן זאָלן בלייבן אָן פירער און לערער און די תורה וועט פאַרגעסן ווערן, האָבן זיי געדענקט.

אָט פון זיי, פון די רוימישע טיראַנען האָט היטלער און זיינע רוצחים גע׳ירש׳נט זיין האַס צום אידישן פאָלק און זיין פּאָליסי פון פאַרניכטונג פון די גייסטיקע אידישע צענטערן און פון זייערע פירער.

דער היינטיקער רשע און רוצח האָט זיי נאָך אָבער איבערגעטראָפן. ער האָט זיך פאַרלייגט אויסצוראָטן דעם גאַנצן אידישן פאָלק נאָכדעם ווי ער האָט פריער אויס־געמאָרדעט די אידישע פירער, רבנים, לערער, כלל־טוער און די אידישע אינטעלי־גענץ — — — —

**
*

און היינטיקן יום־כפור, וואָס איז דער טראַגישסטער פאַר אונדזער פאָלק זינט דעם חורבן, ווען אפשר מער ווי אַ דריטל פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, מיט זייערע זקנים, בייביס, חתנים און כלות ליגן פאַרפייניקטע, לעבעדיק באַגראָבענע, דערשטיקטע און פאַרברענטע אין אַש, ווייסן מיר ניט אויף וועמען זאָלן מיר פריער וויינען: אויף די עשרה הרוגי מלכות פון חורבן בית המקדש, אָדער אויף די מליוני הרוגי מלכות פון דער היינטיקער צייט? . . .

צו זאָלן מיר באַוויינען די שענדונג פון דעם צלם אלקים דורך די רומישע טי־ראַנען, אָדער די שענדונג פון דעם מענשן דורך די דייטשע טמאים? . . .

איז דען די אכזריות וואָס די רוימישע הענקער האָבן אַרויסגעוויזן צו רבי עקיבא בעת זיי האָבן געשניטן זיין לייב מיט אייזערנע קאַמען, געווען ברוטאַלער, ווי די אכזריות פון דער געשטאַפּאָ, וואָס האָבן געוואָרפן פרויען און קינדער לעבעדיקער־הייט אין די ברענענדיקע אויוונס?

אין רבי עקיבא׳ס א ח ד , מיט וועלכן ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה געווען הייליקער ווי דער געשריי פון שמע ישראל פון די מיליאָנען אידן וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין מאַידאַנעק, טרעבלינקאַ, אָסווענטשים, אָדער אין אַנדערע געטאָס, וואָס זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בית עולם׳ס ? ! . . . .

און די טויזנטער העלדן אונדזערע וואָס זיינען געשטאָרבן קעמפנדיק מיט די רשעים אין די געטאָס, אַ שמשון־טויט, און די אידישע פירער, ווי טשערניאַקאָוו פון וואַרשאַ און אַנדערע וואָס זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אויס פּראָטעסט צו דער שווייגנ־דיקער וועלט, ווי אַרטור שמואל זיגעלבוים און די אַלע אונטערערדישע קעמפער, האָבן זיי דען ניט געזען אין זייער געמיט דאָס וואָס רבי חנינא בן תרדיון האָט געזען, אַז „גווילים נשרפים ואותיות פורחות" — דער גוף ווערט פאַרברענט, אָבער דער גייסט פון די אותיות פליט אַוועק און לעבט אייביק אין פאָלק? — אָן דעם גלויבן וואָלטן זיי דאָך ניט געווען שטאַרק גענוג פאַר קידוש השם קאַמפן . . .

און איך זע היינטיקן יום־כפור, ווען אידן וועלן זאָגן די תפילה „אלה אזכרה", ווי עס קומען די הייליקע עשרה הרוגי מלכות און בייגן זייערע קעפּ פאַר די מיליאָנען הרוגי מלכות און זיי זאָגן: נצחוני בני . . . איר האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען . . .

און זייערע בליקן פאַלן אויך מיט ליבשאַפט און פאַרערונג צו דעם שארית הפליטה, צו די לעבן־געבליבענע אידן, וועלכע האָבן זיך, ניט געקוקט אויף דעם גרויסן חורבן, פאַרזאַמלט אין די שולן צו פייערן יום כיפּור מיט אמונה און בטחון, בעטנדיק ביים אב הרחמים מחילה, סליחה וכפרה — און זיי דערזען אויך דאָ, אין די שולן, ווי דער גייסט פון קידוש־השם, ווי ר׳ עקיבא האָט אונדז געלערנט, „ואהבת" — „אפילו כשנוטל את נפשך" — האָט זיך פאַרטיפט און אויסגעברייטערט אין דעם אידנטום . . .

דעריבער איז אונדזער היינטיקער יום־כפור אַ יום־כפור פון קידוש־השם —

# יום כפור אַנטפּלעקט די שעפערישע גבורה פון אידנטום אין גלות

**די מיסטישע קדושה וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער אידישער וועלט צו כל נדרי נאַכט. — מעשה ווי היינריך היינע און פעליקס מענדעלסאָן האָבן זיך צעוויינט מיט בייַנקעניש ביי די "כל נדרי" טענער. — ווי אונדזערע חכמים, מקובלים און פּיטנים האָבן עס יום כפור אָנגעלאָדן מיט דער גאַנצער תורה־פילאָזאָפיע. — ווען איך וואָלט געהאַט אַ ניצוץ פון ר' לוי יצחק בערדיטשעווער.— געדאַנקען און מעדי־טאַציעס צו יום כפור.**

הײנט פאַרנאַכט, ווען די לעצטע שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון וועלן באַפאַרבן דעם מערב־ברעג פון הימל, וועלן פון אַלע אידישע שולן און בתי מדרשים איבער גאָר דער וועלט, וואו עס איז נאָר דאָ אַ מנין לעבעדיקע אידישע הערצער, זיך טראָגן די טראַדיציאָנעלע דורות־אַלטע, אומעטיק־זיסע און טרויעריק־נאָגנדיקע קלאַנגען פון „כל נדרי".

און אַ טיפע מיסטישע הייליקייט וועט אויפשטייגן פון ערגעץ אין קאָסמישן אין־סוף, מאַכן ציטערן דעם חלל פון דער אידישער וועלט און דאַן זיך אַראָפּלאָזן אויף די שולן און אָנפילן די פרומע אידישע הערצער מיט יראה און אימה, מיט פאַרכטי־קייט און קדושה — די „קדושת היום", וואָס וויברירט דורך דער גאַנצער יצירה ביז אויף מאָרגן פאַרנאַכט, צו נעילה, ווען די לעצטע שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון וועלן זיך שיידן אין קדושה מיט די שפיצן פון די ביימער — יענע קדושה, וואָס פליסט אין שטראָמען פון דין ומשפט, פון חסד און רחמים, מיט וועלכע דאָס היסטאָ־ריש אידנטום האָט אָנגעלאָדן דעם צענטן טאָג אין תשרי, זיין פאַרגעבנס־טאָג — יום־כפור!

**מי לא יפחד — וועלכער איד דערפילט ניט אַ ציטער אין זיין האַרצן ביי אָט די צוויי ווערטער, און וועלכע אידישע נשמה ווערט ניט אויפגעטרייסלט ביי די טענער פון כל־נדרי!**

עס ווערט דערציילט וועגן הייבריך היינע, יענער דיכטער־ריז און סאַטירישער לץ, וואָס האָט געקענט דעם וועלט־שמערץ מיט אַ שאַרפן וויץ פאַרלאַכן, און ווען ער איז, אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, געלעגן קראַנק אין זיין בעט מיט רוקנביין־אַנטצינדונג, איז צו אים געקומען מבקר חולה זיין דער קלאַסישער קאָמפּאָניסט פעליקס מענדעלסאָן־באַרטאָלדי, איינער פון זיינע אינטימסטע פריינט. ביידע קונסט־גאונים זיי־נען געווען קרבנות פון דער שמד־מגפה אין דייטשלאַנד.

עס איז גראַדע געווען „כל נדרי נאַכט״, און היינע איז געלעגן מיט צער אויף זיין פנים און אומעט אין זיינע אויגן.

מענדעלסאָן, וועלכער איז געוואוינט געווען צו געפינען זיין קראַנקן פריינט תמיד אַ פריילעכן שפּאַסיקן לץ, האָט אים געפרעגט, וואָרום ער איז אַזוי טרויעריק.

„דו ווייסט, פעליקס״ — האָט אים היינע געענטפערט — אַז היינט איז יום־כפור נאַכט און אין דער סינאַגאָגע ווערט איצט געזונגען „כל נדרי?״

מענדעלסאָן האָט אַ ציטער געטאָן און ניט געענטפערט.

אַ ווײַלע האָבן זיי ביידע געשוויגן פאַרטראַכט אין זיך.

„שפּיל מיר כל נדרי״ — האָט היינע געבעטן ביים מוזיקאַלישן וועלט־גאון.

און מענדעלסאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ און זיינע פיינע מייס־טער־פינגער האָבן אַרויסגע׳כישופ׳ט די אומעטיק־זיסע טראַדיציאָנעלע כל נדרי טענער.

און ביידע וועלט-גאונים, דערציילט די לעגענדע, ביידע משומדים, אַפּטריניקעס, אומגלויביקע און אָפּגעריסענע פון אידישן שטאַם־בוים, האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויינט . . .

עפּעס אידישעס, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן און פאַרשטויבט אין אַ ווינקל, פון זייערע נשמות, האָט אויפגעציטערט און איז אַרויסגעקומען פון זיין באַהעלטעניש און האָט אָנגעהויבן צו נאָגן די משומד׳ישע הערצער ביי די קלאַנגען פון כל נדרי.

אַט אַזאַ גבורה האָט אונדזער פאָלק אַריינגעהויכט אין דעם יום כפור ! . . .

און אַפילו היינט, לעבענדיק אין אַזאַ וואָכעדיקער, צעטומלטער, מאַטעריאַליס־טישער וועלט, האָט די פאַרביזנעוועטע און פאַרדאָלאַרטע אַמעריקאַ וואָס פאַרשאַכערט אונדזערע שיינע שבתים און פאַרבליקט אונדזערע הערלעכע ימים טובים, דאָך ניט געקענט אַרויסרייסן פון אונדזער נשמה די טראַדיציאָנעלע הייליקייט פון יום־כפור.

און כמעט אַלע אידן וועלן גיין אין שול, וואו זיי וועלן זיך, מער אָדער ווײ־ניקער, אויפהייבן צו אַ העכערער גייסטיקער וועלט.

די פרומע אידן וועלן גיין אין שול אויסגיסן זייער האַרץ פאַר דעם בורא, זיך מתודה זיין אויף זייערע זינד און בעטן אַ „חתימה טובה״ פאַר זיך, פאַר זייערע פאַמי־ליעס און פאַר כל ישראל.

די „פרייע״ וועלן אויך קומען אין שול. און אַפילו די גאַר־פרייע, וועלכע האָבן איבערגעריסן אַלע פעדים מיט דער אידישער תורה, וועלן אין דעם טאָג אויך טראַכטן מיט בייגקעניש נאָך דער אַלטער אידישער שול . . .

צי דאָס איז, ווייל טיף אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין פון זייער אידישער נשמה, ציטערט נאָך אַ רעליגיעזע סטרונקע; צי דאָס קומט דערפון, וואָס זיי פילן אין יום כפור אַ נאָגנדיקע בייענקעניש פון איינזאַמע מענשן און ראָמאַנטישע באַדערפעניש צו קומען הערן די אַלטע טראַדיציאָנעלע מעלאָדיעס פון אונדזערע הייליקע תפלות און פיוטים, וואָס קלינגען און ברומען, יאָר־איין יאָר־אויס, פון די אידישע אַנגעווייטיקטע הערצער פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר — אָבער, אַלע אידן, אויסער די וואָס געפינען זיך אין דעם כף־הקלע פון די ג. שערי טומאָה — וועלן פיבערן מיט דער אימה'דיקער קדושה פון יום כפור — — — — — — —

עס איז דאָ אַ מיסטישע אגדה, אַז אַ גאַנץ יאָר האָט דער שטן אויף אונדז אַ שליטה, אַ חוץ יום כפור . . . אין אָט דעם הייליקסטן טאָג ביי אידן שטייט דער שטן, דער מקטרג, אַ פאַרשעמטער, ער מוז שטומען.

„דו געפינסט, אַז ה ש ט ן איז בגמטריא שס"ד — דאָס הייסט: די צאָלן וואָס די אותיות פון „השטן" רעפּרעזענטירן, באַטרעפן דריי הונדערט מיט פיר און זעכ־ציק — ווי די צאָל פון די יאָר־טעג, ווייניקער איינעם. דאָס מיינט, אַז אַלע טעג פון יאָר האָט דער שטן רשות מקטרג צו זיין אויף אידן, אַ חוץ יום הכפורים, ווען דער הייליקער געבענשט איז ער זאָגט אים: דו טאָרסט זיי ניט רירן, דאָך מעגסטו גיין זען מיט וואָס זיי זיינען באַשעפטיקט. אַזוי שנעל ווי ער גייט און געפינט אַלעמען אין תענית און תפילה, אַנגעטאָן אין ווייסן און איינגעוויקלט אין טליתים ווי מלאכי השרת, קערט ער זיך גלייך אום פאַרשטומט. זאָגט דער הייליקער געבענשט איז ער: וואָס האָסטו געפונען ביי מיינע קינדער? ענטפערט ער, דער שטן: זיי זיינען דאָך ווי מלאכים . . . באַלד דער־רויף בינדט דער הייליקער געבענשט איז ער, דעם שטן אין קייטן און ער שיקט צו די אידן די בשורה פון „ ס ל ח ת י " (שוחר טוב כ"ז).

און באמת איז ניט נאָר דער שטן, דער בייז-גייסט פון הימל, נאָר אַלע בייזע גייסטער און פינסטערע מקטרגים פון אידישן פאָלק אויף דער ערד וועלן מוזן בלייבן פאַרשעמט און פאַרשטומט, ווען זיי זאָלן דערזען דעם אידנטום אונטער דעם הייליקן שיין פון יום כפור ליכט . . .

וואָרום אין אָט־דעם אויסדערווילטן און געבענשטן צענטן טאָג פון תשרי האָט דאָס אידנטום קאָנצענטרירט זיין גאַנצע מענש־און וועלט־דערלייזנדיקע פילאָזאָפיע, ווי די זון־שטראַלן אין אַ ברענגלאָז.

מיט וואָס פאַר אַ שעפערישער גבורה האָט דאָס אידיש פאָלק אויפגעכאַפּט דעם „שבת שבתון", וואָס די תורה האָט באַשטימט אין עטלעכע טרוקענע ווערטער, פאַר פאַרגעבונג, און האָט אים אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל עטישע קדושה, מיט אַזאַ טיפער ג—ט באַהעפטונג און מיט אַזאַ נביאישן וועלט משיחיזם . . .

קיין וואונדער ניט, וואָס אין דעם טאָג פיבערט די אידישע נשמה מיט אַזאַ

מיסטישער קדושה, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך אַלץ וואָס איז ערדיש און מגושמ׳דיק, און זיך־דערהויבנדיק צו דער מדרגה פון מלאכים! . . .

קיין וואונדער ניט, וואָס אונדזערע נביאים, חכמים, צדיקים, מקובלים און פּיטנים האָבן אין אָט דעם „יום הדין הגדול והנורא״ אַזוי פיל אַריינגעטייטשט און אַרויסגעטייטשט, און מיט אַזאַ טיף־רעליגיעזן עקסטאַז אים באַזונגען.

---

יום כפור ענטהאַלט אַלע פיר הויפּט־מאָמענטן פון דער אידישער תורה־פילאָ־פיע—דער קאָסמישער, אוניווערסאַלער, נאַציאָנאַלער און פּערזענלעכער—וועלכע פירן אַלע צו איין און דעמזעלביקן מקור . . . צום א ח ד, צום אָ נ כ י. צו ג אָ ט! . . .

אָט־די מאָמענטן זיינען סימבאָליזירט אין אַלע יום־כפור׳דיקע טראַדיציעס, צערעמאָניעס און מנהגים, און לויכטן אַרויס, ווי טויזנט זונען פון אונדזערע רעליגיעזע, מיסטישע און פרום־פּאָעטישע תפלות און פּיוטים.

און ווען איר ווייסט, אַז דאָס אַלץ איז אַרויסגעלייענט און אַריינגעלייענט געוואָרן דורך די דורות פון צוויי טרוקענע פּסוקים אין דער תורה — דאַן וועט איר אָנ־געפילט מיט אַ טיפער יראת הרוממות פאַר׳ן שעפערישן געניוס פון אידישן פאָלק און איר וועט אָנגעפילט מיט נאַציאָנאַלן שטאָלץ, גליענדיק מיט דער פרייד, וואָס איר זייט אויך אַ רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט פון היסטאָרישן אידנטום.

און גראַדע איצט, ווען מיר פייערן אונדזער יום כפור אין דער טראַגישסטער צייט פאַר אונדזער פאָלק, ווי פאַר דער גאַנצער מענטשהייט; ווען די ציוויליזאַציע גע־פינט זיך, אַ פאַרבלוטיקטע, אַ צעריסענע, אין מלחמה־קאָנוואולסיעס; ווען מענטשלעכע דורך דורות אויסגעקעמפטע און אויסגעוויטיקטע אידעאַלן ליגן געשענדעט און צע־טראָמפּלט; ווען מענשן ריידן די שפּראַך פון באָמבעס און קאַנאָנען, פון טויט און חורבן; ווען מערדער, פאַררעטער און אויסוואורפן זוכן צו באַהערשן די וועלט — גראַדע איצט, ווען צוויי דריטל פון אונדזער פאָלק ליגן פאַרפייניקטע און פאַרבלוטיקטע, פאַר־לוימדעטע און געשענדעטע — דאַרפן מיר מיט שטאָלץ טראָגן די אייביקע וועלט־דער־לייזנדיקע אידעאַלן, וועלכע דאָס אידנטום האָט אַזוי שפע׳דיק און קונסטפול אַריינגע־וועבט אין דעם יום־כפור . . .

און ווען איך וואָלט געהאַט אַ ניצוץ פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, וועלכער פלעגט, אַזוי האַרציק פאַלקסטימלעך זיך אויס׳טענה׳ן מיט גאָט און מלמד זכות זיין אויף אידן אין דעם טאָג פון יום־כפור — וואָלט איך געזאָגט צום רבונו של עולם:

זע, גאָטעניו, ווי דיין פאָלק ישראל האָט דורך דורות באַלעבט און באַשיינט דיין יום כפור!

די גאַנצע פילאָזאָפיע פון דיין תורה אַנטפּלעקט זיך אין דעם יום־כפור, ווי די אידישע חכמים, מקובלים און פּיטנים האָבן אים אויסגעטייטשט און באַזונגען.

דו גאָטעניו, האָסט באַשטימט שיינע סימבאָלישע קליידער פאַר דיין כהן אין

בית המקדש, ווען ער איז געשטאַנען לפני ולפנים פאַר דיר, אָנפירנדיק די צערעמאָניאַלע עבודה — אָבער, גאָטעניו האַרציקער, דיין פאָלק ישראל האָט עס נאָך בעסער און שע־נער געמאַכט פון דיר . . . ווארום די מלבושים וואָס דאָס אידנטום האָט געשאַפן, גראַ־דע אין זיינע לאַנגע גלות־יאָרן, פאַר דעם יום כפור, דורך זיינע הייליקע חכמים, תנ־אים, צדיקים, מקובלים און פיטנים, זיינען אפשר, אַביסעלע שענער ווי די קליידער פון כהן גדול . . .

קוק אַריין אין די מאמרי חז״ל, פאַרנעם אונדזערע שיינע תפלות, הער זיך־צו צו די הערלעכע מיסטישע פיוטים, און זע די בגדי קדושה וואָס אידישע פאָלקס־נשמות קליידן זיך אָן אין דעם טאָג פון יום-כפור . . .

און פאַרגעסן זאָלסטו ניט ,פאָטער אין הימל ,אַז דאָס אַלץ האָבן מיר גע־שאַפן אין אונדזערע שווערע ביטערע און בלוטיקע גלות׳ן פאַר די לעצטע צוויי טויזנט יאָר, ווארום אַמאָל האָט דיין יום כפור געהאַט גאָר אַן אַנדער פנים . . .

דעריבער זאָלסטו פאַרנעמען אונדזערע תפלות און ענטפערן ,,סלחתי״ און אונדז אָנ׳חתמ׳ענען אַ בעסערן יאָר, ווארום דאָס פאַרגאַנגענע יאָר איז געווען אַ פאַרשאָלטע־נער און זאָל זיך אַזאַ יאָר מער ניט אומקערן . . . און מאַך שוין אַ סוף צו דער ,,ממשלת זדון״. זאָלן שוין די טיראַנען פאַרטיליקט ווערן פון דער וועלט, און זאָל דאָס יאָר תש״ב ברענגען דעם געווינשטן שלום פאַר אונדז און פאַר דער גאַנצער וועלט — — — — — —

# סוכות

## סוכות — דער יום־טוב פון אָנגעזאַמלטער תבואה און "זמן שמחתנו".

...בחמשה עשר יום לחודש השביעי חג הסוכות שבעת ימים לד׳ — — —

און ג—ט האָט גערעדט צו משה׳ן אַזוי צו זאָגן: רייד צו די קינדער פון ישראל אַזוי צו זאָגן: אין פופצנטן טאָג פון דעם דאָזיקן זיבעטן חודש (תשרי) אין דעם יום־טוב פון סוכות, זיבן טעג צו ג—ט...

...אַך בחמשה עשר יום לחודש השביע באָספכם את תבואת הארץ — אָבער אין דעם פופצנטן טאָג פון זיבעטן חודש ווען איר וועט איינזאַמלען דעם טרייגטראָג פון לאַנד, זאָלט איר פייערן דעם פייערטאָג פון ג—ט זיבן טעג; אין ערשטן טאָג זאָל זיין אַ רואונג, און אויפן אַכטן טאָג אַ רואונג —

ולקחתם לכם — און איר זאָלט נעמען אין ערשטן טאָג פרוכט פון אַ שיינעם בוים (אתרוג), טייטלבלעטער (לולב) און צווייגן פון אַ געדיכטן בוים (הדסים) און ווערבעס פון טייך (ערבות), און איר זאָלט זיך פרייען פאַר השם אייער ג—ט זיבן טעג...

בסכות תשבו שבעת ימים — אין סוכות זאָלט איר זיצן זיבן טעג: אַלע זיבן טעג: אַלע איינגעבאָרענע אין ישראל זאָלן זיצן אין סוכות.

כדי אייערע דור־דורות זאָלן וויסן, אַז אין ביידלעך האָב איך געמאַכט זיצן די קינדער פון ישראל, ווען איך האָב זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים; איך בין השם אייער ג—ט

וידבר משה את מועדי ד׳ אל בני ישראל —

און משה האָט אָנגעזאָגט די קינדער פון ישראל די יום־טובים פון ג—ט.

---

סכות איז פון אייביק געווען אונדזער שענסטער און פריילעכסטער יום־טוב. ער האָט געשמעקט מיט גאָלדענעם פרוכט און מיט גרינעם בוים, מיט טייך און מיט וואַלד, און אידן האָבן אים געפייערט מיט האַרציקער ערדישער פרייד און מיט דאַנקזאָגונג צו ג—ט פאַר דער שפע פון זייערע פעלדער און דער ברכה פון זייער האַרעוואַניע, נאָך אַ סעזאָן פון שווערער אַרבעט אויפן לאַנד, וואָס האָט געבראַכט די אָנגעזאַמלטע תבואה אין זייערע שפייכלערס.

און ניט נאָר אַמאָל, ווען אידן זיינען געזעסן אין ארץ ישראל און זיינען געווען אַ פויערים־פאָלק, איז דער סכות געפייערט געוואָרן מיט אַזוי פיל שמחה און געזאַנג, נאָר אפילו אין אונדזער לאַנגן ביטערן גלות זיינען די פאַרזאָרגטע און פאַרפאָלגטע אידן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „זינגענדיקע, טאַנצנדיקע „יום־טוב׳דיקע״ אידן, ווי נאָר זיי

האָבן אָפּגעפּאַסט מוצאי יום־כפור און מ׳האָט זיך גענומען מכין־זיין פאַר דעם יום־טוב, אַריינשלאָגנדיק דעם ערשטן פלעקל פאַר דער סוכה . . .

ערשטנס זיינען אידן טאַקע געווען אין אַ לייכטער שטימונג נאָך די שווערע ימים-נוראים׳דיקע טעג. דער אידישער בטחון האָט דעם אידישן מענטשן אונטערגעזאָגט, אַז ער האָט געזיגט אין דעם יום־הדין, און עס גייט אַ ניי־יאָר, מיט אַ נייעם לעבן און נייע ברכות.

און זייענדיק אָפּגעריסן פון דער נאַטור, פון לאַנד און וואַלד, פון בוים און טייך, האָט דאָך דער איד זיך דערפרישט מיט די שמעקנדיקע צווייגן סכך וואָס ער האָט באַקומען פון וואַלד, מיט דעם גאָלדענעם אתרוג און שטאָלצן לולב, און מיט די שיינע הדסים און די צווייגעלעך ערבות וואָס זיינען געקומען פון די דערבייאיקע טייכעלעך . . .

און פילנדיק דעם געזונטן עסטעטישן באַדייט פון דעם יום טוב, האָט דער איד מוסיף געווען גופך משלו אויספּוצנדיק זיין סוכה מיט שמעקנדיקע עפל און עפּלסינען, אויב ער האָט געהאַט, מיט בלומען און פליענדיקע פייגעלעך אויסגעשניטן פון פּאַפּיר אָדער פון אויסגעבלאָזענע אייער. און די קינדער פלעגן דערביי, פריילעכע און טאַנצנדיקע, מיטהעלפן. אַריינזאַפּנדיק דערביי די גאַנצע פרייד פון דעם יום־טוב און זיך נאָך שטאַרקער פאַרפלאַנצן אין דעם אידישן לעבן . . .

אמת דער יום טוב איז אַלץ מער פאַרגייסטיקט געוואָרן. די סוכה און אירע צערעמאָניעס זיינען געוואָרן גייסטיקע סימבאָלן. די סוכה אַליין איז געוואָרן דער סימבאָל פון סוכת־דוד הנופלת . . . אָבער די אַלע אומעטיקע געדאַנקען האָבן ניט געהאָלפן. די שמחת החג, די פרייד פון אָט־דעם שיינעם יום־טוב האָט זיך געגאָסן אין אַלע אידישע הייזער און אָנגעפילט אַלע אידישע הערצער . . .

דאָס איז דערפאַר, ווייל סוכות איז דער יום טוב פון ג—ט׳ס ערד מיט מענטשלעכער פראַצע, וואָס האָט פון דער ערד אַרויסגעבראַכט ג—ט׳ס מתנות פון שפע און ברכה . . .

דעריבער האָט די תורה דריי מאָל אָנגעזאָגט אַז מען זאָל זיך פרייען און דעם יום־טוב און מיט דעם יום־טוב. ניטאָ אין דעם יום־טוב קיין שאָטן פון טרויער וואָס זאָל פאַרטונקלען די שמחה, ווי ביי אונדזער פרייהייט־יום-טוב פסח, וואָס איז געקומען דורך דער מפלה פון מצרים . . . און אפילו שבועות קענען מיר זיך ניט לאָזן וואויל־גיין, ווייל די פרוכט־ביימער זיינען נאָך ניט רייף און זייער גורל הייגנט אויף דעם וואָגשאָל . . .

אָט־אַזוי האָבן אונדזערע בעלי־אגדה אויסגעברייטערט די גרעניצן פון נאַציאָנאַלן אידנטום אויף דעם אוניווערסאַלן לעבן און נאַטור, ווי עס אילוסטרירט דער פאָלגנדיקער וואונדערלעכער אַלמענשלעכער מדרש:

דו געפינסט דריי שמחות פאַרשריבן אין דער תורה ביים יום־טוב סכות: ו ש מ ח ת ב ח ג ך (דברים ט״ז), ו ה יי ת א ך ש מ ח (דברים ט״ז) און

ושמחתם לפני ד׳ אלקיכם שבעת ימים (ויקרא כ״ג). אָבער ביי פּסח ווערט ניט דערמאָנט קיין איינציקע שמחה, וואָרום? ווייל אין פּסח ווערט די תבואה געמשפּט און קיין מענש ווייס ניט אויב עס וועט זיין אַ גוטער שניט אָדער אַ שלעכטער. אויך ביי שבועות שטייט בלויז איין שמחה. וואָרום? ווייל דאַן איז די תבואה שוין איגעווייניק און פּאַרוואָס איז דאָרט ניט געשריבן קיין צוויי שמחות. ווייל די פּרוכט פון די בוימער ווערן געמשפּט. אָבער סכות זיינען אַלע תבואות און פּרוכטן איינגעזאַמלט אין די שפּייכלער און שייערן, דעריבער איז דאָ געשריבן געוואָרן דריי שמחות . . .

דבר אחר, אַן אַנדער פּשט: פאַרוואָס ווערט ניט דערמאָנט קיין איין שמחה ביי פּסח, ווייל די מצריים זיינען דאַן אויסגעשטאָרבן — איר הערט ווייל די שקלאַפּן טרייבער פון אידישן פאָלק זיינען געשטאָרבן אום פּסח, האָט די תורה ניט דערמאָנט קיין שמחה . . .) און אַזוי געפינסטו: אַלע זיבן טעג פון סוכות זאָגן מיר גאַנץ הלל, אָבער פּסח, זאָגן מיר הלל בלויז דעם ערשטן טאָג און די ערשטע נאַכט, פאַרוואָס? ווייל עס ווערט געזאָגט: „בנפול אויבך אל תשמח״ — ווען דיין שונא פאַלט זאָלסטו זיך ניט פרייען און ווען ער ווערט געשטרויכלט זאָל זיין האַרץ זיך ניט פרייען . . . (ילקוט שמעוני, אמור) .

## דער אתרוג טאָר ניט זיין קיין געבאָרגטער . . .

אַז דער יום־טוב סכות איז די פייערונג פון מענשלעכער האַרעוואַניע אויף דער ערד, באַווייזט דער פאַקט וואָס יעדער איד מוז האָבן אַן אייגענעם אתרוג. ער קען ניט יוצא זיין מיט אַ געליענעם ווי מיט אַ גערויבטן. עס מוז זיין אַן אייגענער, פון אייגענער האָרעוואַניע, אָדער אַ געקויפטן פאַר געלט, וואָס רעפּרעזענטירט אייגנטלעך, מענשלעכע אַרבעט.

די גמרא דרינגט עס פון דעם פּסוק, ולקחתם לכם — און איר זאָלט אייך נעמען — מיינט דאָ „לכם״ משלכם פון אייער אייגענס, להוציא את השאול ואת הגזול, אויסצושליסן אַ געבאָרגטן און אַ גערויבטן אתרוג . . .(סוכה ל״ד).

## דער אתרוג סימבאָליזירט אידן און אידישקייט . . .

אונדזערע חז״ל האָבן אין דעם אתרוג און לולב אויך געזען סימבאָלן פון אידן און אידישקייט.

ולקחתם לכם פרי עץ הדר — דאָס זיינען די אידן. אַזוי ווי דער אתרוג האָט אַ טעם און אַ ריח, אַזוי זיינען דאָ אידן וואָס האָבן תורה און האָבן מעשים טובים . . .

כפות תמרים — דאָס איז ישראל — אַזוי ווי דער טייטלבוים האָט אַ טעם און האָט ניט קיין ריח, אַזוי זיינען דאָ אידן וועלכע האָבן תורה און האָבן ניט קיין מעשים טובים . . .

וענף עץ עבות — דאָס איז ישראל: אַזוי ווי דער הדס שמעקט און האָט ניט קיין געשמאַק אַזוי זיינען דאָ אידן מיט מעשים טובים אָבער האָבן ניט קיין תורה . . .

וערבי נחל — דאָס איז ישראל: אַזוי ווי די ערבה האָט ניט קיין טעם און ניט קיין ריח, אַזוי זיינען דאָ אידן וואָס האָבן ניט קיין תורה און ניט קיין מעשיב טובים . . . טאָ וואָס טוט הקב"ה? ער קען דאָך ניט אומברייינגען אַפילו אַזעלכע פּוסטע אידן. נאָר הקב"ה זאָגט: זאָלן אַלע מינים אידן זיך פאַרבינדן אין איין אגודה און זיי וועלן זיך מכפּר זיין איינער פאַרן אַנדערן . . . און אויב אידן האָבן אַחדות, אייניקייט און זיי זיינען אין איין אַגודה ווערט דער רבונו של עולם געהויבן ווי דער נביא זאָגט (עמוס ט'): „הבונה בשמים מעלותיו" — ווען ווערט הקב"ה געהויבן, — ווען עס איז "ואגודתו על ארץ יסדה", ווען אידן ווערן איין אגודה. דעריבער האָט משה אָנגעזאָגט די אידן „ולקחתם לכם ביום הראשון" — ווען אידן פייערן זייער גרויסן פריילעכן יום טוב, זאָלן זיי נעמען די פיר באַזונדערע מינים — אתרוג, לולב, הדס און ערבה — וועלכע שטעלן פאָר די פאַרשיידענע קלאַסן אין אידישן פאָלק, און זיי צונויפבינדן אין איין אגודה און מיט זיי קומען אין בית המקדש זינגען הלל, ווארום ערשט דורך אידישער אייניקייט ווערט ג—ט דערהויבן . . . (ויקרא רבה ל').

## איין סוכה איז גענוג פאַר אַלע אידן . . .

אידישע אחדות איז אויך אויסגעדריקט געוואָרן אין דעם דין אַז אַלע אידן קע־נען יוצא זיין מיט איין סוכה, בעת דער אתרוג דאַרף זיין אַן אייגענער, וואָרום די סוכה וואָס סימבאָליזירט דעם אידישן לעבן דאַרף אונטער איר סכך פאַראייניקן דעם גאַנצן אידישן פאָלק, ווי דאָס ווערט קלאָר אויסגעדריקט אין דער פאָלגנדיקער גמרא:

כל האזרח בישראל — תניא, מיר האָבן געלערנט אין אַ בריתא: אף על פי שאמרו אין אדם יוצא בלולבו של חברו, אבל יוצא בסוכתו של חברו. דכתיב: „כל האזרח בישראל ישבו בסכות, מלמד שכל ישראל ראוים לישב בסוכה אחת — הגם די חכמים האָבן געזאָגט אַז קיין מענש איז ניט יוצא מיט זיין חבר'ס לולב, אָבער דאָך איז ער יוצא מיט דער סוכה פון זיין חבר, ווארום עס שטייט: אַלע איינגעבאָרענע אין ישראל זאָלן זיצן אין סכות, מיינט עס, אַז אַלע אידן זיינן ראוי צו זיצן אין איין סוכה . . . (סוכה, כ"ז).

# וואָרום אַ צו הויכע סוכה איז פסול . . .

די סוכה, ווי געזאָגט, רעפּרעזענטירט דעם אידישן לעבן דעריבער לאָדעט דער איד איין אַלס זיינע געהויבענע געסט אין דער סוכה די אבות הקדושים, זיך פאַר־בינדנדיק מיט דעם בראשית פון אידישן לעבן וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון אברהם אבינו. דעריבער דאַרף דער איד אויך זען, אַז די אידישע צוקונפט וואָס לעבט אין זיי־נע קינדער זאָל זיין פאַרבונדן מיט דער סוכה פון היינט און מיט דער אידישער נאַציאָ־נאַלער סוכה פון מאָרגן . . .

דער איד דאַרף דעריבער זיין באַוואוסט אַז ער זיצט אין אַ סוכה . . . און ביט־נאָר דער איד פון היינט נאָר אַלע אידישע דורות דאַרפן וויסן די אידישע סוכה און איר גורל'דיקן באַדייט פאַרן אידישן פאָלק . . . צוליב דעם האָבן טאַקע אונדזערע חז"ל גע־דרונגען אַז אַ סוכה וואָס איז העכער פון צוואַנציק איילן איז פסול, וואָרום ווען די סוכה איז אַזוי הויך פילט ניט דער איד אַז ער זיצט אין אַ ביידל . . . און אונדזערע דורות דאַרפן וויסן אַז מיר זיצן איןביידלעך . . .

למען ידעו דורותיכם — אַ סוכה וואָס איז העכער פון צוואַנציק איילן איז פסול, פון וואַנען וויים איך עס? — האָט רבה געזאָגט: דער פסוק זאָגט „למען ידעו דו־רותיכם כי בסוכות הושבתי" — איז ביז צוואַנציק איילן ווייסט אַ מענש אַז ער וואוינט אין אַ סוכה, אָבער העכער פון צוואַנציק איילן ווייסט שוין ניט דער מענש צי ער זיצט אין אַ סוכה, משום דלא שלטא בא עינא, ווייל זיין אויג קען ניט דערלאַנגען אַזוי הויך, קען ער מאַכן אַ טעות און מיינען אַז ער זיצט אין אַ שטענדיקער דירה. דעריבער איז אַזאַ סוכה פסול . . . (סוכה ב').

# שבת חנוכה

## שבת חנוכה לייענען מיר תמיד פרעהס חלום און יוספס פתרון, ווייל ער סימבאָליזירט דעם גרויסן קאַמף פון די חשמונאים קעגן אנטיוכוס הרשע.

„ופרעה חולם — וכל הבריות אינן חולמין? אתמהא, אלא חלום של מלך שכל העולם כולו הוא". (בראשית רבה, פ׳ פ"ט).

„למה מדליקין נרות בחנוכה? — בשעה שנצחו החשמונאים ונכנסו לבית המקדש, מצאו שם שמונה שפודים של ברזל, וקבעו אותם והדליקו נרות. (פסיקתא).

שבת חנוכה פאַלט תמיד אויס אין דעם שבת פון פרשה „מקץ". אַזוי האָט געוואָלט אונדזער דורות־אַלטע טראַדיציע, וואָס האָט אויסגעפורמט אונדזער פאָלקס־לעבן מיט נוסח און תוכן און אויסגעשמידט דעם שטייגער און דעם אינהאַלט פון אונדזערע שבתים און ימים טובים . . .

דער היינטיקער שבת איז אַלזאָ ביי אונדז אַ דאָפּלטער יום טוב, — עס איז שבת חנוכה — דער יום טוב פון אידישער גבורה און נצחון איבער טיראַנען און אונטערדריקער פון דרויסן און איבער פאָלקס פאַררעטער און דעגענעראַטן פון אינעווייניק. די פייערונג פון דער באַנייאונג פון בית המקדש מיט דעם ריינעם, הייליקן און אייביקן ליכט, וואָס שטראַלט פון דעם מקור האורה דורך דעם אידנטום . . . דער יום־טוב פון אומבאַזיגבאַרן אידישן פאָלקס־גייסט וואָס ברייגנט אונדז טרייסט, מוט, האָפענונג, און דעם גרויסן סוד פון „נצח ישראל לא ישקר . . ."

און אונדזער פרומע, שיינע און הייליקע מלכה שבתא דערשיינט היינטיקן שבת מיט צוויי לויכטנדיקע קרוינען — דעם כתר פון יום מנוחה וקדושה און די עטרת ישועה פון חנוכה . . .

און מיר באַגעגענען איר מיט טאָפּלטע ליכט — די נרות של שבת און די נרות של חנוכה . . .

און די הייליקע פייערלעך פוןביידע מנורות גיסן זיך צוזאַמען אין אַ שלהבת־יה, אין אַ געטלעכן פלאַם, וואָס באַלויכט אונדזער נשמה מיט האַרץ מיט דער גליקזעליקייט פון עונג שבת און מיט דער יום טובדיקער פרייד פון חנוכה . . .

און ווען מיר זינגען די קאָלירפולע זיסע מיסטישע פּאָעמע „רזא דשבתא", פאַרנעמען מיר אין אונדזער געמיט די זיגרייכע האָפנונגספולע קלאַנגען פון „רזא דחנוכה" . . .

און די „רזא דחנוכה״ קומען צו אונדז גראדע פון דער היינטיקער סדרה מקץ, וואו מיר געפינען דעם סוד און דעם פתרון צו דעם קאמף פון א הייפעלע אידישע העלדן אונטער דער אנפירערשאפט פון די חשמונאים קעגן די צאלרייכע מעכטיקע גריכיש־סירישע ארמייען פון דעם טיראן אנטיוכוס הרשע, וואס האט גע׳חלומ׳ט צו פארניכטן דאס שוואך אידיש פאלק און פארשלינגען זיין תורה ציוויליזאציע און זיין ג—ט־קולטור אין דעם פאגאנישן העלעניזם, מיט דעם ברוטאלן כח פון זיינע באוואפנטע געצנדינערישע ארמייען . . .

ווארום פרעה׳ס חלום, וואס ווערט דערציילט אין דער היינטיקער סדרה מקץ, אלס אן עפיזאד אין דער מכירת יוסף דראמע, איז געווען דער חלום פון ערשטן טיראן, און שונא ישראל אויף דער וועלט — דער פאגאנישער מאטעריאליסטישער חלום אז מאכט איז רעכט — דער חלום פון אלע בלוט־דורשטיקע הערשער און דיקטאטארן נאך אים, וועלכע האבן געזען אין דעם אידנטום זייער ענדלעכע מפלה, און דעריבער האבן זיי געזוכט צו פארניכטן דאס אידיש פאלק.

עס איז מערקווירדיק ווי טיף און העלזעעריש אונדזערע בעלי אגדה האבן ארייגעבליקט אין דעם זין, און אינהאלט פון פרעה׳ס חלום אלס קעגנזאץ צום גייסטיקן וועלט חלום וואס דאס אידנטום האט אויסגעחלומ׳ט אויף דער וועלט, זינט יעקב אבינו האט, ליגנדיק אויף שטיינער, געזען דעם לייטער, וואס שטייט אויף דער ערד און זיין שפיץ דערגרייכט די הימלען און מלאכים גייען אויף אים ארויף און אראפ און . . . וד׳ נצב עליו — ג—ט שטייט איבער אים.

נאר לאמיר זיך צוהערן וואס די תורה דערציילט :

„ויהי מקץ שנתים ימים״ — און עס איז געווען נאך צוויי יאר וואס יוסף האט פארבראכט אין דער תפיסה — „ופרעה חולם והנה הוא עומד על היאור״ — און פרעה, דער מעכטיקער הערשער פון דער דאמאלסטיקער עגיפטישער אימפעריע, חלומ׳ט א חלום . . .

עס איז אבער ניט געווען דער חלום פון אברהם אבינו, וואס האט אויסגע׳חלומט די גרויסע עטישע ג—ט דערקענטעניש.

עס איז אויך ניט געווען דער חלום פון אהבת השם, מסירות נפש און קדוש השם, אויסגע׳חלומ׳ט פון יצחק אבינו, וואס איז אריין אין די בלוטן אוןביינער פון זיינע קינדער . . .

עס איז אויך ניט געווען די וואונדערלעכע פארגייסטיקטע זעאונג, דער חלום פון יעקב אבינו, וואס ער האט אויסגע׳חלומ׳ט, ליגנדיק אויף די הארטע שטעכיקע שטיינער, אויף וועלכע ער האט זיין מידן קאפ אפגערוט, אנטלויפנדיק פון עשו׳ס פארפאלגונגען . . .

אזעלכע ליכטיקע, וועלט־דערלייזנדיקע חלומות זיינען נישט געווען אין דעם וועזן פון דער מאטעריאליסטישער קולטור פון מצרים.

„ופרעה חולם" — וואָס חלומ'ט פרעה? „והנה הוא עומד על היאור" — ער שטייט אויף דעם טייך נילוס . . . .

דער מדרש זאָגט, אַז דער „יאור איז געווען דער קוואַל פון שבע און רעב, פון זאַטקייט און הונגער אין מצרים, ווייל אַן דעם נילוס וואָס האָט באַוואַסערט זייערע פעל־דער, וואָלטן זיי אויסגעשטאָרבן פון הונגער, און דעריבער האָבן די מצרים פאַרגעטערט דעם נילוס און דער יאור איז געוואָרן דער אָפּגאָט פון מצרים.

„א"ר יוחנן: הרשעים מתקיימין על אלהיהם — ופרעה חולם והנה הוא עומד על היאור — אבל הצדיקים אלהיהם מתקיים עליהם — וד' נצב עליו — די רשעים עקזיסטירן אויף זייערע געטער, ווייל עס שטייט והנה הוא עומד על היאור . . . אָבער די צדיקים האַלטן אויף זייער ג—ט, ווייל ביי יעקב אבינו'ס חלום ווערט געזאָגט: „וד' נצב עליו" — גאָט שטייט אויף אים. (ב"ר פ' פ"ט).

רבי יוחנן ציט אַ פּאַראַלעל צווישן דעם אידישן גייסטיקן וועלט־באַנעם, וואָס האָט אויסגע'חלומ'ט די עטישע ג—ט דערקענטניש און דעם פּאַגאַניש־העלעניסטישע חלום פון דער ניט־אידישער וועלט.

וואָס פאַר אַ פנים וואָלט דער כביכול געהאַט ווען ניט דאָס אידיש פאָלק, וואָס האָט אים אַרויסגע'חלומט אויף דער וועלט . . .

גאָט האַלט זיך אויף דער וועלט דורך דער טיפער דערקענטניש פון דעם אידנטום, וואָס ציט זיך דורך דורות צדיקים, קדושים, אַמוראים, תנאים און נביאים ביז צו אברהם אבינו . . . מיר האָבן געבראַכט ג—ט צו דער וועלט און קדושה צום לעבן . . .

אָבער די רשעים, די פּאַגאַנעס וועלכע ציען זייער יניקה פון די ערדישע כחות, לעבן אויף זייערע געטער און עקזיסטירן אַזוי לאַנג ווי זייערע געטער עקזיסטירן . . .

„ופרעה חולם" —און פרעה זעט אין זיין חלום, אַז זיין גאַנץ לעבן הענגט אָפּ פון דעם טייך . . . דעריבער קען זיך די מאַטעריאַליסטישע קולטור פון מצרים ניט פאַרגייסטיקן מיט די געטלעכע זעאונגען פון אונדזערע אבות . . . דעריבער איז פרעה'ס לעבן ניט אייביק, ווייל ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער אייביקייט . . .

די גרויסע עגיפּטישע ציוויליזאַציע איז געווען די מעכטיקסטע און איינפלוס־רייכסטע אין אַלטן מזרח, זיי האָבן געהאַט גרויסע חכמים און חרטומים, קינסטלער און אַרכיטעקטן וואָס האָבן געבויט וואונדערלעכע „סקאַיסקרעפּערס", פּיראַמידן, הייסט עס, מיט גלענצנדע טעמפּלען און פּאַלאַצן — אַ גרויסע מעכטיקע קולטור, אָבער אַ טויטע, אַ נשמה'לאָזע . . . אַ פאָלק פון געבילדעטע גולמ'ס, פון מעכאַנישע ראָבאָטס, וואָס טוען דעם ווילן פון זייער דיקטאַטאָר, ווייל ער האַלט אַ קאַנטשיק אין האַנט, ווי עס שטייט דאָס דייטשע פאָלק אונטער דעם קאַנטשיק פון היטלערן . . .

„ופרעה חולם" — און פרעה ליגט אויפן בויך און חלומט פון דיקע פעטע קי . . .פון מאָגערע און דאַרע קי . . . פון בהמות מיט אַ סך שמאַלץ און בהמות מיט הויט־ביינער . . ..

מער קען פּרעה׳ס קישקע וויזיע ניט דערגרייכן מיט אַלע קונצן און דערגריי־
כונגען פון זיינע חכמים, חרטומים, אינזשינירן און אַרכיטעקטן . . .

„ופרעה חולם״ — און פּרעה זעט נאָר דעם ברוטאַלן בלינדן קאַמף אין דער
רויער נאַטור . . . קי פאַרשלינגען זייערע שוועסטער קי און פּוסטע זאַנגען לעבן אויף
דעם חשבון פון זייערע ברידער־זאַנגען, און עס איז לית דין ולית דין . . .הפקר אַ
וועלט . . . דער שטאַרקער רעגירט . . . ברוטאַלע מאַכט הערשט . . . כל דאלים גבר . . .

„ופרעה חולם — וכל הבריות חולמין? אתמהא אלא חלום של מלך של כל
העולם כולו הוא (מדרש ב״ר פ״ט) — וואָס הייסט ,פּרעה חלומ׳ט? און אַלע אַנדערע
מענשן חלומ׳ען דען ניט? אלא מוז איך זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ חלום פון אַ מלך
וואָס חלומ׳ט אַז די גאַנצע וועלט איז זיינע.

אָט דאָס איז געווען פּרעה׳ס חלום — דער חלום פון אַלע אונטערדריקער און
וועלט דעראָבערער — דער חלום פון דער בהמה צו האָבן שאַרפע ציין, צו האָבן אַ
פולן מאָגן און דער חלום פון דער חיה צו האָבן שאַרפע נעגל כדי צו קענען פאַרצוקן
אַנדערע באַשעפעניש׳ן . . .

קעגן אָט דער פינסטערער נשמה׳לאָזער און גאָטלאָזער קולטור האָט אויפגע־
לויכטן אין מזרח אברהמ׳ס עטישע ג—ט דערקענטניש, וואָס איז געוואָרן דער חלום פון
זיינע קינדער. און עס איז אַנטשטאַנען אַ קאַמף צווישן די דאָזיקע צוויי וועלט חלומות —
דעם חלום פון פּרעה און זיינע נאָכפאָלגנדיקע טיראַנען און דעם חלום פון יעקב אבינו
און זיינע יורשים.

און דאָ זעט פּרעה אַ מאָדנעם חלום: די וועלט געהערט ניט צו די שטאַרקע און
מעכטיקע . . . די מאָגערע, די שוואַכערע, די אויסגעדאַרטע פון ווינט און אויסגעקלאַפּטע
פאַרשלינגען גאָר די פעטע, די שטאַרקע און די מעכטיקע . . . עס פאַלן גאָר גבורים
ביד חלשים און רבים ביד מעטים . . . טאָ וואו איז די גבורה פון דעם ברוטאַלן פיזישן
כח ? . . .

און — „ותפעם רוחו״ — זיין געמיט איז צומישט געוואָרן . . . ער האָט גאָר
נישט געוואוסט אַז עס איז דאָ אַ העכערער און שטאַרקערער כח ווי ברוטאַלע גוואַלד.
ווי פיזישע גבורה . . .

און דאָ האָט ער זיין גאַנצן לעבן גע׳חלומט אַ חלום צו פאַרכאַפּן מער לענדער
און פאַרשקלאַפן נאָך מער מענשן — אַ חלום של מלך של כל העולם כולו הוא.

און דעם זעלביקן פאַגאַנישן ברוטאַלן חלום האָט אויך גע׳חלומ׳ט אַנטיוכוס
הרשע ,ער האָט געדענקט, אַז מיט זיינע גרויסע חיילות וועט ער פאַרניכטן דעם שוואַכן
אונטערדריקטן אידישן פאָלק, אַז די געצנדינערישעגריכישע קולטור וועט פאַרשלינגען
די אידישע תורה קולטור . . . ער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט. אַז עס איז דאָ אַ שטאַר־
קערע גבורה ווי פיזישע מאַכט — די גבורה פון גייסט . . .

דער פסיקתא ברענגט אַן אינטערעסאַנטע אגדה׳לע וואָס גיט אַן אַנדער אור־זאַך, וואָרום מיר צינדן ליכטלעך אום חנוכה.

„למה מדליקין נרות בחנוכה? — בשעה שנצחו בניו של חשמונאי ונכנסו לבית המקדש, מצאו שם שמונה שפודים של ברזל, וקבעו אותם, והדליקו בתוכם נרות״ — פאַרוואָס צינדט מען ליכט אום חנוכה? ווייל ווען די חשמונאים זין האָבן געזיגט און זיינען אַריין אין בית המקדש האָבן זיי דאָרט געפונען אַכט אייזערנע שפּיזן, האָבן זיי די דאָזיקע וואָפן אַריינגעשטעלט אין בית המקדש און געמאַכט דערפון לייכטער, וואו זיי האָבן אַריינגעשטעלט און אָנגעצונדן ליכט . . .

אַזוי פאַרשטייט דער פסיקתא דעם היסטאָרישן זין פון דעם זיג פון חנוכה און זיין משיח׳ישער באַדייט פאַר דער גאַנצער וועלט — פון די אייזערנע שפּיזן האָט מען לייכטער געמאַכט . . . אויף די שפּיצן פון די שפּיזן, וואָס האָבן געדינט צו הרג׳ענען מענשן, האָט מען ליכט אַריינגעשטעקט צו באַלויכטן דעם בית המקדש, דעם צענטער פון קדושה, אמת און שלום אויף דער וועלט . . .

פרעה האָט ביי זיינע חרטומים און חכמים ניט געקענט געפינען אַ באַשייד צו זיין חלום, וואָס איז געווען לויט זיין וועלט באַנעם למעלה מן הטבע, און ער האָט געמוזט אָנקומען צו אַ אידישן געפאַנגענעם אינגל, וואָס זאָל אים פותר חלום זיין . . .

ער האָט אָבער מיט זיי קיין פעולה ניט געטאָן . . . אין דעם צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט לעבן נאָך די פעלקער מיט דעם ברוטאַלן פינסטערן חלום פון בלוט דורשטי־קע טיראַנען און דיקטאַטאָרן וועלכע האָבן דערקלערט אַ פאַרניכטונגס קריג קעגן דעם אידישן פאָלק, אָבער דער אידישער גייסט וועט נאָך שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער צושטערונג פון זייערע פינסטערע חלומות און אין דער מפּלה פון די היטלערס און מוס־סאָליניס און דאַן וועלן מיר פייערן אַ יום טוב שכולו חנוכה . . .

# פסח

## אין דעם יום טוב פסח פייערט דאָס אידישע פאָלק דעם נצחון פון דער אייביקער פרייהייט אידייע איבער טיראַניי פאַר אַלע צייטן

„ד׳ גאולות מכאן: והוצאתי, והצלתי, וגאלתי, ולקחתי, כנגד ד׳ גזרות שגזר פרעה, וכנגדן תקנו חכמים ד׳ כוסות, לקיים מה שנאמר: כוס ישועות אשא ובשם ד׳ אקרא. (מדרש שמות רבה ו׳).

פסח דער חג החירות, דער פרייהייט יום טוב, וועלכן דאָס אידישע פאָלק איבער גאָר דער וועלט איז מקבל פנים, היינט אָוונט, מיט שירה און לויב־געזאַנג און מיט קאָלירפולע סימבאָלישע צערעמאָניעס ביי די פייערלעכע טראַדיציאָנעלע סדרים, איז דער ערשטער פון אַלע אונדזערע שיינע, הערלעכע און הייליקע ימים טובים.

דער חג הפסח איז ניט־נאָר דער ערשטער כראָנאָלאָגיש, ווייל די אידן האָבן אים געפייערט ביי יציאת מצרים, איידער די תורה איז געגעבן געוואָרן ,נאָר ער איז אויך דער ערשטער אין זיין נאַציאָנאַלן באַדייט און אוניווערסאַלער וויכטיקייט.

דער חג החירות איז נאָך מער ווי דאָס, ער איז דער שליסל צו אַלע ימים טובים, וועלכע ווערן געפייערט, אַלס „זכר ליציאת מצרים", און ניט־נאָר צו די ימים טובים; נאָר אויך צום גאַנצן אידנטום . . .

מיט דער וואונדער־געשיכטע פון יציאת מצרים מאָטיווירט די תורה כמעט אַלע אירע מצוות פון בין אָדם למקום און בין אָדם לחברו.

אויף קיינע פון די היסטאָרישע געשעענישן, אפילו ניט די קאָסמישע פאַסי־רונגען פון מתן תורה ביים באַרג סיני, האָט די תורה ניט אַזוי שטאַרק און אַזוי אָפט ניט באַטאָנט, אַז מיר זאָלן געדענקען און תמיד טראָגן אין אונדזער זכרון „דעם טאָג פון דיין אַרויסגיין פון מצרים" . . .

ביי קיינע פון אונדזערע ימים טובים איז ניטאָ קיין ספּעציעלע מצוה צו ריידן און צו דערציילן וועגן דער געפייערטער פּאַסירונג, ווי ביי פסח, ווען מיר פייערן די באַ־פרייאונג פון מצרים, ווי מיר זאָגן עס היינט אָוונט אין דער הגדה: ואפילו כלנו חכמים" — און אפילו מיר זיינען אַלע געלערנטע, פאַרשטענדיקע, אַלטע לייט, אַלע וויסן מיר די גאַנצע תורה — איז דאָך פאַר אונדז אַ מצוה צו דערציילן פון יציאת מצרים און דער וואָס מערט צו דערציילן וועגן יציאת מצרים, איז ער אַלץ מער געלויבט" . . .

ביי קיינע פון אונדזערע ימים טובים, ווי הייליק און ווי וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין, האָט די תורה אַזוי פיל ניט אָנגעזאָגט צו דערציילן און אויפצוקלערן די קינדער פון די צוקינפטיקע דורות וועגן זייערע געפייערטע פאַסירונגען, ווי ביים יום טוב פון

יציאת מצרים, און דער בעל הגדה זאָגט נאָך: „געלויבט איז דער אויבערשטער, געבענשט איז ער, וואָס ער האָט געגעבן אַ תורה צו זיין פאָלק ישראל, געבענשט איז ער, קעגן די פיר זין וועגן וועלכע די תורה האָט גערעדט: איינער אַ חכם, איינער אַ רשע, איינער אַ תם און איינער אַ שאינו יודע לשאול" — עפּעס אַזוי ווי די גאַנצע תורה וואָלט גערעדט וועגן די פיר זין, וועלכע דאַרפן אויפגעקלערט ווערן אין די הלכות הפסח . . .

אַ פיל העכערע חשיבות ווערט צוגעטיילט דער געשעעניש פון יציאת מצרים אין די עשרת הדברות, וואו דער „אנכי" אַנטפּלעקט זיך מיט יציאת מצרים, און ניט מיט דעם וועלט־באַשאַף, ווי עס האָט, אייגענטלעך, געדאַרפט זיין.

דאָס באַווייזט אַז די אויסלייזונג פון מצרים אַנטדעקט מער פאַר אונדז דעם מהות פון ג—ט, ווי די בריאת העולם . . .

דערפילנדיק דעם גרויסן נאַציאָנאַלן און אוניווערסאַלן און, אויב איר ווילט, דעם קאָסמישן באַדייט, פון יציאת מצרים, האָבן אונדזערע חכמי התלמוד והמדרש — יענע גייסטיקע ריזן אונדזערע, וועלכע האָבן דערקלערט און אויסגעטייטשט די תורה, אויסוועבנדיק דעם גרויסן, שטאַרקן און אייביקן קולטור־געוועב פון דעם אידנ־טום — באַטראַכט טאַקע די יציאת מצרים דראַמע אַלס דער העכסטער און גרעסטער אַקט פון ג—ט נאָך דעם וועלט־באַשאַף און אונדזערע מקובלים האָבן אין דער גאולה פון מצרים געזען אַ תקון צו דער פגימה פון דער יצירה, כביכול . . .

דער טעם דערפון איז, וואָס ביי בריאת העולם, האָט זיך דער בורא אַנטדעקט דורך דעם מדת הדין, בעת ביי יציאת מצרים האָט ער זיך דערקענט דורך דעם מדת הרחמים, מיט „אהיה אשר אהיה", ווי ג—ט זאָגט צו משה רבנו אַז אפילו צו די אבות האָט ער זיך ניט דערקענט מיט זיין נאָמען ד' . . .

באַשאַפנדיק די וועלט מיט דעם מדת הדין, זאָגן אונדזערע רעליגיעזע מיס־טיקער, האָט ג—ט אַריינגעגעבן בלינדע נאַטור־כחות (און ווילדע און ברוטאַלע אינ־סטינקטן אין דעם מענשן — און די יצירה האָט געוואַרט אויף איר תיקון . . . זי האָט זיך געענויטיקט אין דערגענצונג, פון דעם זעלביקן ג—טלעכן קוואַל וואָס שטראָמט מיט מים און חסד — אַט דער קוואַל האָט זיך געעפנט דורך יציאת מצרים . . .

און ניט נאָר דער טאָג פון יציאת מצרים, נאָר דער גאַנצער חודש ניסן איז דערהויבן געוואָרן אַלס דער ערשטער חודש פון אַלע חדשים, ניט קוקנדיק אויף דער גמרא, וואָס זאָגט אין ראש השנה, אַז אין תשרי איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן . . .

און בעת מיר פייערן אונדזער ראש השנה דעם ערשטן טאָג אין תשרי, הויבן מיר אָן צו ציילן די חדשים פון ניסן, ווייל דעם חודש פון יציאת מצרים קומט די בכורה איבער דעם חודש פון בריאת העולם — „ראשון הוא לכל חדשי השנה" . . .

אויף דעם פסוק: „החודש הזה לכם", זאָגט דער גרויסער תנא ר' מאיר: לי ולכם היא הגאולה כביכול אני נפדיתי עמכם, שנאמר: אשר פדית לך ממצרים גוים

ואלקיו (שמות רבה ט״ו) — די גאולת מצרים איז פאַר מיר ווי פאַר אייך, איך כביכול בין אויסגעלייזט געוואָרן מיט אייך צוזאַמען . . .

ווארום מיט דער אויסלייזונג פון דעם אידישן פאָלק פון מצרים איז באַפרייט געוואָרן דער מדת הרחמים, די גאולה־כחות, וואָס זיינען געווען פאַרבאָרגן אין דעם אידישן פאָלק, זינט אברהם אבינו איז געקומען צו דער גרויסער עטישער ג—ט־דערקענטניש, און וואָס זיינען באַפרייט געוואָרן פון זייער באַהעלטעניש, ווען זיי האָבן זיך געַ׳טובל׳ט אין קדושה ביים באַרג סיני . . .

דורך יציאת מצרים האָט ג—ט, לויט אונדזערע מיסטישע אגדות, געמאַכט דעם אידישן פאָלק פאַר דעם שותף צו זיין יצירה, פאַר דעם גרויסן אייביקן און ליכטיקן כח, וואָס וועט ברענגען די אָרדנונג פון דעם מדת הרחמים אין אַ וועלט פון מדת הדין . . .

דעריבער זיינען טאַקע די מענשן מיט די ברוטאַלע נאַטור־אינסטינקטן פון ווילדע חיות אונדזערע ביטערסטע שונאים, ווייל זיי קענען ניט פאַרטראָגן אונדזער עטיק, אונדזער נביאישן אומרו צו ברענגען די גאולה אויף דער וועלט . . .

פסח איז די פייערונג פון דער גרעסטער, מענש און וועלט־דערלייזנדיקער אידייע — די אידייע פון פרייהייט! — פרייהייט פאַר פאָלק און מענש, פרייהייט פון דער פערזאָן און אינערלעכער פרייהייט פון דער נשמה . . .

מיר פייערן טאַקע אַ גרויסע היסטאָרישע נאַציאָנאַלע געשעעניש, אָבער ווי אונדזערע אַלע ימים טובים ענטהאַלט דער פסח אַן אוניווערסאַלן פונק וואָס בליצט און וואַרימט זיין אינהאַלט . . .

דער חג החירות דערציילט אונדז, אַז דאָס מענשלעך לעבן איז הייליק, זיין פערזאָן איז הייליק און זיין פרייהייט טאָר ניט אונטערדריקט ווערן . . .

דער געדאַנק פון דער גמרא אין קדושין: „כי לי בני ישראל עבדים עבדי הם ולא עבדים לעבדים״ — אַז קיין מענש טאָר זיך ניט לאָזן פאַרשקלאַפן און קיין מענש טאָר ניט פאַרשקלאַפט ווערן, ווארום מענשן זיינען קנעכט ביי ג—ט אָבער ניט ביי מענשן, איז פראָקלאַמירט געוואָרן מיט דער יציאת מצרים דראַמע דורך דעם אידישן פאָלק צו דער גאַנצער מענשהייט . . .

די יציאת מצרים דראַמע ענטהאַלט פיר וואונדערלעכע גאולה־אַקטן פון ג—ט אין זיין קאַמף כביכול פאַר דער פרייהייט פון אידישן פאָלק קעגן מענשלעכע באַר־באַרן און טיראַנען — די אַקטן פון „והוצאתי״, „והצלתי״, „וגאלתי״ „ולקחתי״ — די ערשטע צוויי באַשטייט פון פיזישער רעטונג — איך וועל זיי אַרויסציען און ראַטע־ווען פון דער טיראַניי. דער „וגאלתי איז שוין אַ העכערע מדרגה פון גאולה און דער „ולקחתי״ איז שוין גאָר אַ הויכע מדרגה פון גייסטיקער אויסלייזונג דורך ג—ט־באַ־העפטונג . . .

אָט די דאָזיקע פיר גאולה־אַקטן שטעלן מיט זיך פאַר די אויסגעלייטערטע עטישע און מיט ג—ט פאַרגייסטיקטע אהבת המקום און אהבת הבריות . . .

„ארבע גאולות יש כאן: והוצאתי, והצלתי ,וגאלתי, ולקחתי כנגד ארבע גזירות שגזר עליהם פרעה, וכנגדן תקנו חכמים ד׳ כוסות בליל הפסח לקיים מה שנאמר: כוס ישועות אשא ובשם ד׳ אקרא״ (מדרש שמות רבה ו׳) — דער טיראַן פרעה, ווי אַלע טיראַנען, האָט פאַרשקלאַפט דעם אידישן פאָלק אונטער פיר גזרות פון מאָרד, קנעכטשאַפט, גייסטיקע פייניקונג און אַרויפגעצוואונגען אויף זיי זיין פאַגאַנישע קול־טור, האָט אים דעריבער גב״ה דערקלערט אַ קאַמף קעגן אַלע פיר גזרות און דעריבער האָבן אונדזערע חכמים מתקן געווען די פיר כוסות וויין וואָס מיר טרינקען ביים סדר כדי מקיים צו זיין וואָס ווערט געזאָגט (אין תהלים קט״ו) דעם כוס פון הילף הייב איך און די גאַנצע נאַטור ווערט באַפרייט פון דעם קאַלטן ווינטער און די זון גיסט אירע וואַרעמע גע־בענשטע שטראַלן אויף דער ערד אויפלעבנדיק מענש, חיה און פלאַנץ — דאַן הייבן מיר אונדזערע כוסות פון ישועה און רופן אין דעם נאָמען פון דעם הייליקסטן אין אונדז, וואָס וועט דאָך אַמאָל ברענגען די ישועה פאַר אַלע געדריקטע און געפייניקטע . . .

עס וואָלט געווען אַ ביטערע איראָניע, ווען מיר וואָלטן געפייערט פסח בלויז אַלס אנדענק פון אונדזער ערשטער היסטאָרישער גאולה, אין די אַלע פינסטערע וויס־טע יאָרן פון אונדזער לאַנגן גלות . . .

מיט וועלכן מוט וואָלטן מיר היינט געקענט זיך זעצן ביים סדר אַלס בני־חורין, ווען מיליאָנען פון אונדזערע ברידער אין מזרח און צענטראַל אייראָפּא געפינען זיך אין די מורא׳דיקע גיהנום׳ס פון די אַלע נאַצישע און פאַשיסטישע טיראַנען, ווען מיר זאָלן אין דעם פסח זען בלויז אַ פאַרגאַנגענע היסטאָרישע גאולה־פּאַסירונג ? . . .

אָבער פייערנדיק אונדזער אַמאָליקע גאולה פון מצרים, פייערן מיר אויך די גרויסע אייביקע אידייע פון פרייהייט די גאולה פאַר אַלע צייטן מעגן זיי זיין אַזוי פינסטער און ביטער ווי היינט.

אַז דעריבער מוזן מיר יעדן יאָר דערציילן און איבערדערציילן די געשיכטע פון פסח און ניט מיד ווערן צו פאַרטייטשן און דערקלערן עס צו אונדזערע קינדער אין אַלע דורות און אַלע צייטן, און זאָלן זיי וויסן דעם גאולה־זין פון יציאת־מצרים . . .

לאָמיר זיי אויך איצט דערציילן, אַז אין דעם טאָג וואָס אונדזערע עלטערן זיינען אַרויס פון מצרים, האָט ג—ט איבערגעאַנדערשט זיין יצירה. ער האָט באַשאַפן אַ פאָלק, אויף וועמען די נאַטור האָט קיין שליטה ניט, ווי דער נביא זאָגט: פייער וועט דיר ניט פאַרברענען און טייכן וועלן דיר ניט פאַרפלייצן . . .

און ווי מיר זאָגן היינט אָוונט אין דער הגדה: „בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו והקב״ה מצילנו מידם״ . . .

און דעריבער איז ביי אונדז דער חודש ניסן דער ערשטער פון אַלע חדשים פון יאָר, ווייל אין דעם חודש פון יציאת מצרים איז אַ נייע בעסערע וועלט איבערגע־שאַפן געוואָרן ,אַ וועלט פון ליכטיקע פרייהייט־אידעאַלן, וואָס וועלן מיט מסירת נפש פאַרשפרייט ווערן צווישן אַלע פעלקער און ראַסן, ביז עס וועט זיין „לא ישא גוי אל גוי חרב״ און ומלאה כל הארץ דעה כמים לים מכסים —

# דער סימבאל פון די פיר כוסות ביים סדר

## זיי פרעזענטירן פיר גאולה׳ס און יעדער איד מוז זיי אויסטרינ־קען אַלס אַ טאָוסט צו די "פיר פרייהייטן" פון אונדזער חג החירות — עס איז דאָ אַ פינפטער כוס וואָס מיר גיסן אָן פאַר אליהו הנביא, דעם מבשר פון אונדזער קומענדיקער גאולה . . .

Dי שיינע לבנה׳דיקע סדר־נאַכט, די ליכטיקע ליל־שימורים — יענע ווייסע דופטיקע וואונדער־נאַכט פון פסח — לאָזט זיך ווידער אַראָפּ צו אונדז אין געגאַד און ברכה, ברייגענדיק אין אירע שוץ־פליגלען אונדזער הערלעכן און הייליקן פרייהייטס־יום־טוב. דער חג החירות וועלכן מיר זיינען מקבל פנים ביי צערעמאָניעל פייערלעכע טישן, מיט פאַרבנרייכע סודות׳פולע סימבאָלן, מיט שירה און לויב־געזאַנג צו אונדזער גרויסן ג—ט און מיט דופטיקע וויניקע טאוסטן צו אונדזער גאולה פון אמאָל, איבערלאָזנדיק דעם אָנגעפילטן כוס של אליהו. מיט גלויבן און בטחון ,אויף אונדזער קומענדיקער און לעצטער אויסלייזונג . . .

דורך שווערע וואָלקענס פון בלוט און פייער, דורך מלחמה און וועלט חורבן. קומט צו אונדז היינט אונדזער ליבע, שטילע און פרידלעכע סדר־נאַכט.

אירע ווייסע פליגל זיינען פאַרשמירט אין בלוט און פאַרסמאָליעט פון פייער . . . זי קומט אָבער דאָך צו אונדז ווי תמיד, מיט איר שפע פון ברכות און הייסע הבטחות, אָנפילנדיק אידישע הערצער מיט מוט, גלויבן און בטחון . . .

און ווידער וועלן אידן דערציילן און איבערדערציילן דאָס אַלט־מעשה׳לע, די וואונדערלעכע עפּאָפּעיאַ פון דער יסורים׳דיקער אידישער פאָלקס געבורט, פון די גורל׳דיקע חבלי־לידה פון זיין פרייהייט, וואָס איז אַראָפּגעלאָזן געוואָרן אויף דער וועלט איינגעוויקלט אין צער און קאַמף, אין בלוט און פייער . . .

דם ואש ותמרות עשן ! . . .

אָט אַזוי איז דער גורל׳דיקער וועג פון גאולה פאַר פאָלק און ג—ט כביכול . . .

אויף דעם פסוק ,,החודש הזה לכם" זאָגט דער גרויסער תנא רבי מאיר: ,,לי ולכם היא הגאולה, כביכול אָני נפדיתי עמכם, שנאמר .אשר פדית לך ממצרים גוים ואלקיו" (שמות רבה ט״ו) — די גאולת מצרים איז פאַר מיר ווי פאַר אייך, איך כביכול בין אויסגעלייזט געוואָרן מיט אייך צוזאַמען . . .

דעריבער איז דער חג הפסח געוואָרן די גרויסע ליכטיקע זון אין דער קאָנס־טעלאַציע פון אונדזערע אַלע הערלעכע און הייליקע ימים טובים, ווייל זיי אַלע דרייען זיך אַרום אים און ציען זייער ליכט פון אים, פון דעם חג החירות . . .

דעריבער האָבן אים אונדזערע חכמים און מקובלים אָנגעלאָדן מיט אַזאַ קאָליר־פולער און געדאַנקענרייכער מיסטיק און דער פאָלקס גייסט האָט אים אויסגעפוצט מיט אַזוי פיל סימבאָלן און אַלעגאָרישע מעשה׳לעך און לידעלעך, וועלכע זיינען אַזוי פרום־פאָלקסטימלעך אריינגעפלאָכטן אין דער הגדה.

דער חג הפסח איז ניט נאָר דער ערשטער כראָנאָלאָגיש, ווייל מיר פייערן די ערשטע היסטאָרישע נאַציאָנאַלע פאַסירונג, וואָס איז פאָרגעקומען איידער די תורה איז נאָך געגעבן געוואָרן — נאָר ער איז אויך דער ערשטער אין זיין נאַציאָנאַלן באַדייט און אוניווערסאַלער וויכטיקייט.

דער חג החירות איז נאָך מער ווי דאָס. ער איז דער שליסל צו אַלע ימים טובים, וועלכע זיינען „זכר ליציאת מצרים״, און ניט נאָר צו די ימים טובים, נאָר צום גאַנצן אידנטום.

מיט דער וואונדער־געשיכטע פון יציאת מצרים מאָטיווירט די תורה כמעט אַלע מצוות, אי פון בין אדם לחברו ,אי פון בין אָדם למקום.

אויף קיינע פון די היסטאָרישע געשעענישן, אַפילו ניט די קאָסמישע פאַסירונג פון מתן תורה ביים באַרג סיני, האָט די תורה ניט אַזוי שטאַרק און ניט אַזוי אָפט באַטאָנט, אַז מיר זאָלן געדענקען און תמיד טראָגן אין אונדזער זכרון „דעם טאָג פון דיין אַרויסגאַנג פון מצרים״ . . .

ביי קיינע פון אונדזערע ימים טובים איז ניטאָ קיין ספּעציעלע מצוות צו ריידן און צו דערציילן וועגן דער געפייערטער פאַסירונג, ווי ביי פסח .ווי מיר זאָגן עס ביים סדר: „ואפילו כלנו חכמים — און אפילו מיר זיינען אַלע געלערנטע, פאַרשטענדיקע, אַלטע לייט, אַלע וויסן מיר די תורה, — איז דאָך פאַר אונדז אַ מצוה צו דערציילן פון יציאת מצרים, און דאָך וואָס מערט צו דערציילן וועגן יציאת מצרים איז ער אַלץ מער געלויבט . . .

ביי קיינע פון אונדזערע ימים טובים, ווי הייליק און וויכטיק זיי זאָלן ניט זיין, האָט די תורה אַזוי פיל מאָל ניט אָנגעזאָגט צו דערציילן און אויפצוקלערן די קינדער פון די צוקונפטס דורות, ווי ביים יום טוב פון יציאת מצרים.

דאָס איז, ווייל דורך יציאת מצרים איז לויז געוואָרן אַ דינאַמישע עטישע קראַפט, וואָס איז געווען געבונדן אין שקלאַפעריי און אויסגעלייטערט געוואָרן דורך מורא׳דיקעליידן, צו באַפרייען די וועלט פון הערשער און אונטערדריקער און דערהויבן די מענשן צו זייער הייליקער מענשלעכער חשיבות, פאַר וועלכער זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן בצלם אלקים . . .

דורך יציאת מצרים האָט ג—ט, לויט אונדזערע מיסטישע אגדות, געמאַכט דעם אידישן פאָלק פאַר דעם שותף צו זיין יצירה, פאַר דעם גרויסן אייביקן און ליכטיקן כח, וואָס וועט ברענגען די אָרדנונג פון מידת הרחמים אין אַ וועלט פון מידת הדין . . .

דעריבער זיינען טאַקע די מענשן מיט די ברוטאַלע אינסטינקטן פון ווילדע

חיות אונדזערע ביטערסטע שונאים, ווייל זיי קענען ניט פאַרטראָגן אונדזער מאָראַל, אונדזער עטיק, אונדזער נביאישן אומרו צו ברענגען די גאולה אויף דער וועלט . . .

פסח איז, אַלזאָ, די פייערונג פון דער גרעסטער הייליקסטער, מענש און וועלט־דערלייזנדיקער אידייע — די אידייע פון פרייהייט ! . . .

די יציאת מצרים דראַמאַ ענטהאַלט פיר וואונדערלעכע גאולה־אַקטן, פאַר וועלכע אונדזערע חכמים האָבן מתקן געווען, אַז יעדער איד מוז טרינקען פיר כוסות ביים סדר — די אַקטן פון „והוצאתי“, „והצלתי, „וגאלתי“ און „ולקחתי“ — די ערשטע צוויי באַשטייט פון פיזישער רעטונג — איך וועל זיך אַרויסציען און ראַטעווען פון טי־ראַניי. דער „וגאלתי“ איז שוין גאָר אַ הויכע מדרגה פון גייסטיקער אויסלייזונג דורך ג—ט־באַהעפטונג . . .

אָט די דאָזיקע פיר גוואַלד־אַקטן שטעלן מיט זיך פאָר די אויסגעלייטערטע עטישע און מיט ג—ט פאַרגייסטיקטע גאולה פון אהבת המקום און אהבת הבריות . . .

„ארבע גאולות יש כאן: והוצאתי, והצלתי, וגאלתי, ולקחתי“. כנגד ארבע גזרות שגזר עליהם פרעה, כנגדן תקנו חכמים ארבע כוסות בליל הפסח לקיים מה שנאמר. „כוס ישועות אשא ובשם ד׳ אקרא (שמות רבה י׳) — דער טיראַן פרעה האָט ווי אַלע טיראַנען נאָך אים, פאַרשקלאַפט דעם אידישן פאָלק אונטער פיר גזירות פון מאָרד, קנעכטשאַפט, גייסטיקע פייניקונג און דעגראַדאַציע, האָט אים דעריבער ג—ט דער־קלערט אַ קאַמף קעגן אַלע פיר גזירות, און דעריבער האָבן אונדזערע חכמים מתקן געווען די פיר כוסות ווייך, וואָס מיר טרינקען ביים סדר, כדי מקיים צו זיין, וואָס עס ווערט געזאָגט (אין תהילים ק׳ י״ט) דעם כוס פון הילף הייב איך און אין נאָמען פון ג—ט רוף איך — — — — — —

יעדער כוס, וואָס מיר טרינקען ביים סדר ,איז אַלזאָ אַ פייערלעכער טאָוסט צו אונדזערע פיר גאולות צו אונדזערע פיר פרייהייטן, וואָס ג—ט האָט אַזוי חסד׳פול פאַרקערפּערט אין יציאת מצרים.

עס איז פאַראַן נאָך אַ פינפטע און לעצטע גאולה, וואָס ג—ט האָט פאַר־שפּראָכן ביי די פיר גאולות פון יציאת מצרים און דאָס איז „והבאתי“ — און איך וועל זיי ברייגנען צו זייער ארץ — פאַר אָט־דער צוקונפטיקער גאולה, וועלן מיר ערשט טרינקען דעם פינפטן כוס הישועה, ווען דער אַקט פון „והבאתי“ וועט דורכ־געפירט ווערן, און מיר וועלן צוריק עטאַבלירט ווערן אין אונדזער היימלאַנד. דערווייל גיסן מיר אָן דעם פינפטן כוס פון „והבאתי“ און שטעלן עס אַוועק פאַר אליהו הנביא, דעם מבשר פון דער גאולה, און מיר זאָגן דערביי דעם „שפוך חמתך על הגוים אשר לא ידעוך“ — גיס אויס דיין צאָרן אויף די פעלקער וואָס ווילן פון דיר ניט וויסן און דערלאָזן ניט דעם אָנקום פון דעם גואל וועלכער וועט דאָך אַמאָל מוזן קומען . . .

און ביז דאַן לאָמיר הייבן אונדזערע כוסות פון ישועה און רופן אין דעם נאָמען פון דעם הייליקסטן אין אונדז, וואָס וועט זיכער ברייגנען די ישועה פאַר אַלע געדרוקטע און געפייניקטע . . .

# קהלת

## דער רעליגיעז־פילאָזאָפישער מעסעדזש פון ספר קהלת און וואָרום מיר לייענען עס שבת חול המועד סוכות

„אָמר רב יהודה בריה דרב שמואל בר שילת משמיה דרב: בקשו לגנוז ספר קהלת מפני שדבריו סותרים זה את זה, ומפני מה לא גנזוהו? — מפני שתחילתו דברי תורה וסופו דברי תורה . . . (שבת, ל׳).

און ווידער קומט עס אונדז אויס צו לייענען דעם ספר קהלת און נאָכאַמאָל שטודירן מיר איבער די אַלטע אייביקע וועלט רעטענישן, וועלכע פאַרטונקלען די זוניקע פרייד פון אונדזער פריילעכסטן יום טוב סוכות — דער „זמן שמחתנו — מיט זייערע נאָגנדיקע ספקות און פעסעמיסטישע פראַגעס, וואָס פילן אונדז אָן מיט אַזאַ טיפן אומעט — יענע אַגנאָסטישע פראַגעס פון „מי יודע?״, איבער וועלכע עס האָבן זיך געבראָכן די קעפּ פון אַלע וועלטלעכע חכמים, פילאָזאָפן און דענקער פון אַלע דורות און האָבן קיין ענט־פער ניט געפונען — וואָס איז וועלט און לעבן? וואָס איז טויט? איז דאָ אַ פּלאַן און אַ חשבון אין דער יצירה? אָדער איז דאָס אַ אַליין אַ צופאַל, בלינדער פאַטום ? . . . און וואָס איז די פעולה פון דער גאַנצער מענטשלעכער האָרעוואַניע און דער יאָגעניש פון מענטשן נאָך גליק אונטער דער זון? — „מה יתרון לאדם בכל עמלו שיעמול תחת השמש ? . . .

און עס שטעלט זיך די פראַגע: וואָרום האָט די טראַדיציע באַשטימט אַז דער ספר קהלת זאָל געלייענט ווערן דוקא אין דעם יום טוב, ווען עס איז אַ באַזונדערע מצוה זיך צו פרייען („והיית אך שמח״)?

עפּעס אַזוי ווי עס איז ניט באַשערט דעם אידן קיין פולע פרייד אין זיין לעבן. טאָמער איז ער שוין פאַרפלייכטעט געוואָרן זיך צו פרייען און דאַנקען ג—ט פאַר דער אַנגעזאַמלטער תבואה, איז די טראַדיציע געקומען אַריינגעשטעלט אין דעם פריילעכן נוסח פון שמחת החג אַ זכר לחורבן . . . חול המועד סכות זאָל מען לייענען דעם ספר קהלת, וואָס יאָגט אָן אַן אָסיענדיקן טרויער אויף אונדזערע נשמות ביז מיר קומען צום לעצטן פסוק, צו „סוף דבר״ . . .

וואָס איז דער זין פון דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דעם פרומען אָפּטימיזם פון שמחת החג און דעם קלאַסישן פעסעמיזם פון קהלת, וועלכער שליסט זיין פילאָזאָפישע דיסקוסיע מיט דער רעזאָלוציע פון „את האלקים ירא ואת מצותיו שמור כי זה כל האדם״ — האָב מורא פאַר ג—ט און היט אָפּ זיינע געבאָטן, וואָרום דאָס איז דער גאַנ־צער צוועק, תכלית פון דעם מענטשן . . .

נאָך אַ זאַך איז שווער צו פאַרשטיין ווארום איז דער ספר קהלת וואָס איז פול מיט אַפּיקורסישע געדאַנקען אַריינגענומען געוואָרן צווישן די הייליקע ספרים פון תנ״ך? די גמרא (אין שבת ל׳) זאָגט טאַקע: „בקשו לגנוז ספר קהלת מפני שדבריו סותרים זה את זה״ — די חכמים וואָס האָבן צונויפגעשטעלט דעם תנ״ך האָבן געוואָלט באַהאַלטן דעם קהלת־בוך, ווייל זיינע ווערטער זיינען זיך סותר איינער דעם אַנדערן, און פאַר־וואָס האָט מען עס ניט באַהאַלטן? — „מפני שתחלתו דברי תורה וסופו דברי תורה״ — ווייל זיין אָנהויב איז מיט אַ רעליגיעזן געדאַנק וואָס איז מבטל די עולם הזה („הבל הבלים״ און „מה יתרון לאדם בכל עמלו״ וכו׳) און זיין סוף איז מיט אַ רעליגיעזן רוף צו מורא האָבן פאַר ג—ט און אָפּהיטן זיינע מצוות.

עס פרעגט זיך אָבער, איז דען דער ערשטער און לעצטער פסוק גענוג צו כשר׳ן דעם גאַנצן ספר פון צוועלף קאַפּיטלעך וואָס זיינען פול מיט אַזויגע אָפּענע אָפּ־לייקענונגען און אַגנאָסטישע געדאַנקען, וועלכע זיינען קעגן די גרונט־יסודות און דעם גאַנצן וועלט־באַנעם פון דער אידישער תורה?

דער מחבר דריקט אויס זיינע ספקות אין דער העכערקייט פון מענשלעכן מין איבער די בעלי חיים; ער צווייפלט אין השארת הנפש ,אין אַ יענער וועלט און איז דעריבער מסופק אין שכר ועונש און אין השגחה פרטית . . .

ער קומט מיט זיינע ספקות צו אַ פינסטערן פאַטאַליזם. ער הויבט אָן גלויבן אין אַ ווילדן באַשערט־זיין, אין דער פאָראויס באַשטימונג פון עפּעס אַ בלינדער, שטו־מער ניט־בר־דעת׳דיקער קראַפט, אַזוי ווי למשל, דער טונקעלער שווערער שיקזאַל אין וועלכע די פאַגאַנישע גריכן האָבן אַמאָל געגלויבט.

איז דען גענוג געווען דער ערשטער און דער לעצטער פסוק צו כשר׳ן אַזאַ פון אויבנאויף ניט־רעליגיעז ווערק?

ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אביסל טיפער אין די חכמה׳דיקע ווערטער און שאַרפע בליציקע אַפאָריזמען פון קהלת, דערזעען מיר אָבער, אַז זיין פעסימיזם איז ניט קיין צושטערנדיקער, ניט קיין דעסטרוקטיווער, נאָר פאַרקערט, אַ שעפערישער און קאָנסטרוקטיווער, וואָס פירט אַלס פועל־יוצא צו דעם אָפּטימיזם פון דער אידישער תורה און צו דעם גליק פון רעליגיעזן גלויבן . . .

פון דעם שטאַנדפונקט איז דער ספר קהלת אַ פּאָעטיש־פילאָזאָפישער ענט־פער צו אַלע אַגנאָסטיקער און סקעפּטיקער, צו אַלע מאַטעריאַליסטן און צווייפלער, וועלכע זוכן צו בויען דעם מענשלעכן גליק פון יחיד און פון דער געזעלשאַפט, אויף דעם צווייפלהאַפטן אומפאַרגעסלעכן פונדאַמענט פון שיקזאַל, פון בלינדן גורל אָדער פאַנטאַסטישן פאַטום . . .

די דיסקוסיע פון דעם מחבר איבערגייענדיק פון איין קאַפּיטל צו דעם אַנ־דערן פירן צו באַווייזן, אַז אָן דעם גלויבן אין ג—ט און זיין תורה איז דאָס גאַנצע מענשלעכע לעבן נאַריש און נישטיק . . . ווארום זאָל דען דער מענש זיין גוט ווען עס

איז ניטאָ קיין בעל הבית און קיין פלאַן אין דעם לעבן? די געזעלשפאַט מוז דעגענערירט און פארפוילט ווערן פון אייגענער שלעכטסקייט און צו וואָס דער מענש זאָל ניט שטרעבן וועט ער אַלץ קומען צו „הבל הבלים" — אַלץ: זיין רייכקייט, זיין חכמה, זיין לוסטיקייט, זיינע זינד מיט וויין, ווייב און געזאַנג, דאָס אַלץ איז דאָך סוף כל סוף מער ניט ווי הבל הבלים . . .

אויב דער מענש איז אָפּגעריסן פון דעם רעליגיעזן פאָדים וואָס פאַרבינדט אים מיט זיין ג—ט, דאַן בלאָנדזשעט ער אויף דער וועלט ווי אין אַ עולם התוהו און וואָס פאַר אַ באַדייט האָט דען דער גאַנצער מענש מיט זיינע אַלע ערדישע און אַזוי־גערופענע ערדישע שטרעבונגען און אויפטואונגען אין פאַרגלייך מיט דער אייביקער, אומפאַרענ־לעכקייט פון דער נאַטור ?

וואָס איז דאָ די פעולה פאַר דעם מענשן מיט זיין גאַנצער האָרעוואַניע וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון.

דור הולך ודור בא — אַ דור פאַרגייט און אַ דור קומט צוגיין און די ערד בלייבט אייביק שטיין.

און די זון גייט אויף און די זון גייט אונטער און ווידער שטרעבט זי צום זעל־ביקן אָרט און ווידער גייט זי דאָרט אויף . . .

און וואָס איז דער ג—טלאָזער מענש וואָס גייט אַרויס פון דעם פאַטאַליסטישן שטאַנדפּונקט, אויב ניט ווי „פיש וואָס ווערן געפאַנגען אין נעץ, און אַזוי ווי די פיי־געלעך וואָס ווערן פאַרטשעפּעט אין דער פאַסטקע, פונקט אַזוי ווערן די מענשן־קינדער פאַרפלאָנטערט אין דער בייזער שעה וואָס באַפאַלט זיי אַזוי פּלוצלונג ? . . .

און אַזוי מאָראַליזירט קהלת אין דעם גאַנצן קלאַסישן און קינסטלערישן ספר, איבער וועלט און לעבן, איבער מענש און נאַטור, און ווייט אונדז אָן מיט אַ שעפערישן אומעט, וואָס קוועלט אַרויס פון זיין מאָראַליזירנדיקן פּעסימיזם ביז ער קומט צום שלוס אַז „סוף דבר הכל נשמע" — און מיר כאַפּן זיך אויף פון דער פריערדיקער שטי־מונג און וועלכע מיר האָבן זיך געפונען בעת מיר זיינען געווען אָפּגעריסן אויף איין ווייַלע פון ג—ט . . .

און דאָס מיינט די גמרא אַז צוליב דעם ערשטן און לעצטן פסוק האָט מען דעם ספר קהלת אַריינגענומען צווישן אונדזערע הייליקע ספרים, ווייל דער אַריינפיר און דער שלוס פון דעם ספר באַווייזן אַז דער גאַנצער אינהאַלט איז הורתו ולידתו בקדו־שה, אַז ער זוכט צו פאַרשטאַרקן דעם רעליגיעזן וועלט־באַנעם פון דעם אידנטום, און אַלס אַזעלכער דינט עס פאַר אַן ענטפער צו די אפיקורסים ,אַגנאָסטיקער, פאַטאַליסטן, מאַטעריאַליסטן און צו אַלע, וואָס בויען זייער וועלט אויף „נישט מיט גאָרנישט" . . .

די טראַדיציע האָט דעריבער צוגעפּאַסט דעם ספר קהלת צו דעם חג־האסיף, וועלכער איז דער יום טוב פון פעלד, גאָרטן און וואַלד, דער יום טוב פון איינגעזאַמלטער תבואה און אַנדערע נאַטור־מתנות, וואָס ג—ט האָט באַשאָנקען דעם מענשן — אָט אין

דעם פרייליכסטן יום טוב פון אַלע ימים טובים — זאָל דער איד ניט פאַר׳שכור׳ט ווערן פון זיין ערדישער פרייד און ניט אַריינפאַלן אין מאַטעריאַליסטישער שמחה — דעריבער האָט די טראַדיציע באַשטימט אַז אונדזער שמחת החג פון סכות זאָל געליי־טערט ווערן מיט דעם מאָראַליזירנדיקן פעסימיזם פון קהלת, וואָס פירט צו דער גרויסער פרייד פון דעם „סוף דבר הכל נשמע״ . . .

די אידישע טראַדיציע האָט צוגעשריבן דעם ספר קהלת צו שלמה המלך, דעם טראַדיציאָנעלן זינגער פון „שיר השירים״ און דעם מחבר פון „משלי״.

עס ווערט געזאָגט, אַז שלמה המלך האָט צוערשט אין זיינע יונגע יאָרן גע־שריבן דעם שיר השירים, דעם פּאָעטישן געזאַנג פון ליבע און גענוס; דערנאָך, אין זיינע מיטעלע יאָרן, האָט ער פאַרפאַסט דעם ספר פון קלוגע רעליגיעזע אַפאָריזמען און פרומער לעבנס־חכמה, משלי; ווען ער איז אַלט געוואָרן האָט ער געזאָגט „הבל הבלים״ (פסיקתא רבתי).

וואָס פאַר אַ טיפער לעבנס חכמה ענטהאַלט דער דאָזיקער מאמר חז״ל — „כשאדם נער אומר דברי זמר; הגדיל — אומר דברי משל; הזקין — אומר דברי הבלים״ — אַזוי איז אויך דאָס גאַנצע מענשלעך לעבן: אין דער יוגנט זינגען מיר, אין די מי־טעלע יאָרן באַמיען מיר זיך צו זיין קלוג, ווען מיר ווערן אַלט, קומען מיר צוריק אויף דעם לעבן ווי אויף אַ פוסטן פאַרפלויגענעם חלום . . .

צום שלוס וויל איך באַמערקן, אַז די מאָדערנע ביבל פאָרשער און אידישע היסטאָריקער גייען זיך פאַנאַנדער מיט דער טראַדיציע וואָס גלויבט אַז שלמה המלך איז געוועזן דער פאַרפאַסער פון קהלת. זיי דענקען אַז דער מחבר פון קהלת איז פון אַ פיל שפּעטערער צייט. גרעץ, למשל באַשטימט די געבורט פון ספר קהלת אין דער צייט פון טיראַנישן קעניג הורדוס. ער ווייזט אָן אויף פילע אָנדייטונגען אין דעם טעקסט, ווי למשל, אויף דעם פסוק „כי עוף השמים יוליך את הקול״, וואָס גרעץ טייטשט אויס אַלס אַ וואָרנונג קעגן די שפּיאָנען פון דעם מלך רשע, אין וועמענס טיראַנישער הער־שאַפט ער זעט די סיבה פון דעם מחבר׳ס פאַרצווייפלונג אין די מענשן און זייער גע־רעכטיקייט און פון זיין פינסטערן פעסעמיזם.

אַנדערע פאָרשער זעען אין דעם ספר קהלת אַ השפעה פון אַלט הינדוסישער חכמה. אַנדערע דענקער אַז אין דעם ספר זיינען רעפּרעזענטירט די דריי אַלטע סעקטעס ביי אידן: די אסיים, צדוקים און פרושים.

אָבער דאָס געהערט שוין צו דער פרייער ביבל פאָרשונג, וואָס האָט דאָ מיט אונדז ניט צו טאָן. פאַר אונדז איז גענוג די טראַדיציע, וואָס האָט צוגעשריבן דעם ספר קהלת צו שלמה המלך, ווארום אַזאַ ווערק איז ג—ט־געבענשט און ג—ט־אינספּירירט און בלויז דער „חכם מכל אדם״ האָט עס געקענט אָנשרייבן און אַלס אַזעלכעס האָט עס אַ געהויבן אָרט צווישן אונדזערע הייליקע קולטור־אוצרות — — — — — — —

# שיר השירים

## די ראָמאַנטישע פאַרהעלטניש צווישן ג—ט און פאָלק אין אונדזער רעליגיעזער פּאָעזיע. — ווי אַזוי דער "שיר־השירים" פון ארץ ישראל של מטה איז געוואָרן די הייליקע ראָמאַנטיק פון ארץ ישראל של מעלה, — וואָרום די טראַדיציע האָט באַשטימט צו לייענען "שיר השי־רים שבת חול המעד פסח

„שיר השירים” — שיר המשובח והמעולה שבשירים...
„הנך יפה רעיתי, הנך יפה” — אָמר רבי עקיבא לא היה כל העולם כלו כדאי סיום שניתן בו „שיר השירים” לישראל; שכל הכתובים — קודש, ושיר השירים — קודש קדשים ...
(תנחומא, תצוה).
„לכה דודי נצא השדה” — אמרה כנסת ישראל לפני הקדוש ברוך הוא: רבונו של עולם! אל תדינני ביושבי כרכים שיש בהם גזל ועריות ושבועת שוא, ושבועת שקר אלא נצא השדה — בוא ואראך תלמידי חכמים שעוסקים בתורה מתוך הדחק.
(עירובין כ”א).
רבי עקיבא אומר: המנענע קולו ב„שיר השירים” בבית המשתאות ועושה אותו כמין זמר, אין לו חלק לעולם הבא.
(תוספתא סנהדרין י”ב).

„שיר השירים” — דאָס געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען ...

„שיר השירים” — שיר המשובח והמעולה שבשירים ((תנחומא) — דאָס גע־רימסטע און דערהויבנדיקסטע ליד פון אַלע לידער ...

„שיר השירים — די ראָמאַנטישע פּאָעזיע פון דער זוניקער ארץ ישראל של מטה, וואָס איז אָנגעלאָדן געוואָרן מיט דער הייליקער ראָמאַנטיק פון דער מיסטישער ארץ ישראל של מעלה.

און פּאַסירט האָט דאָס, ווען דאָס ערדישע ארץ ישראל איז אָפּגעריסן געוואָרן פון אידישן פאָלק; ווען עס איז פאַרשטערט געוואָרן דער קול חתן און קול כלה אין די שטעדט פון יהודה און אין די גאַסן פון ירושלים און עס איז פאַרשטומט געוואָרן דער ליבעס געזאַנג פון דער יונג־בחור׳שאַפט און יונג־מיידלשאַפט צווישן די בערג און טאָלן, פעלדער און וועלדער, אונטער די בלויע זוניקע הימלען — דאַן האָבן אונדזערע גרויסע חכמים — יענע וואונדערבאַרע סטראַטעגיקער אין דעם קאַמף פאַר דעם קיום האומה — דערזען פאָראויס, אַז מיר וועלן פאַרוואָרפן ווערן אין פרעמדע קאַלטע לענ־

דער, אונטער קופּערנע הימלען, אין ענגע, פאַרשטיקטע געטאָס, אָפּגעריסן פון פעלד און וואַלד; פון טייך און קוואַל, פון בלום און בוים.

האָבן אונדזערע גייסטיקע ריזן אויסשמידער פון אידישן לעבן, דערפילט די גרויסע סכנה, מיר זאָלן, חלילה, ניט דערשטיקט ווערן צווישן די ענגע, זונלאָזע געטאָ־מויערן . . . ווארום אַ פאָלק מוז קענען זינגען . . . זיינע קינדער מוזן געפינען אויס־דרוק צו אייערע ראָמאַנטישע בענקענישן און יוגנט־חלומות . . .

האָבן זיי אויסגעשפּרייט זייער אָדלער־פליגל, און אַ פלי געטאָן אין הימל אַריין און פון דאָרט אונדז געבראַכט די ארץ ישראל של מעלה, אָנפילנדיק איר מיט דער זוני־קער ראָמאַנטיק און קאָלירפולער עקזאָטיק פון ארץ ישראל של מטה . . .

אַזוי זיינען די ליבעס־לידער פון „שיר השירים", וואָס זיינען געזונגען געוואָרן אין נאָמען פון דעם ראָמאַנטישן מלך שלמה, געוואָרן הייליקע סערענאַדעס, וואָס דער „מלך שהשלום שלו (שהש"ר) האָט געזונגען צו זיין געליבטער „געזעלנטע", די כנסת ישראל און ביינקשאַפט לידער וואָס זי, זיין פאַר'קנס'טע כלה, האָט געזונגען צו איר גע־ליבטן חתן — קודשא בריך הוא . . .

און דאָס ליד איז דאָס שענסטע און הערלעכסטע פון אַלע לידער אין דער וועלט, ווייל עס איז קודש־קדשים'דיק, ווי עס פּאַסט פאַר דעם אייביק יונגן מחבר פונ'ם ספר הספרים . . .

זאָגט רבי עקיבא, דער גרויסער מאַרטירער־תנא און העלד, וועמעס אהבת השם איז געווען טיפער ווי דער ים און ברענענדיקער ווי די זון: „לא היה כל העולם כדאי ביום שניתן בו „שיר השירים" לישראל: שכל הכתובים קודש ושיר השירים קודש־קדשים (תנחומא, תצוה) — די גאַנצע איז ניט ווערט געווען אין דעם טאָג, ווען דער שיר השירים איז געגעבן געוואָרן צו די אידן, ווארום די „כתובים" פון תנ"ך זיי־נען בלויז קדש, הייליק, הייסט עס, אָבער „שיר השירים" איז קדש־קדשים, דאָס היי־ליקסטע פון די הייליקסטע . . .

רבי עקיבא, דער גייסטיקער ריז, גרויסער רעוואָלוציאָנער, און נאָך גרעסערער ראָמאַנטיקער וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין יונג לעבן מיט אַ ראָמאַן און פאַרענדיקט אַזוי־קודש־קדשמ'דיק מיט דער גוואַלדיקער ליבע צו זיין ג—ט — ווער נאָך, ווי רבי עקי־באַ וואָס האָט געלעבט, גע'חלומ'ט און געאָטעמט מיט דעם „ואהבת" האָט אַזוי שטאַרק געפילט די קודש־קדשים'דיקייט פון דער ראָמאַנטיק אין „שיר השירים" ! . . .

אָט דער זעלביקער קודש קדשים'דיקער רבי עקיבא, וואָס האָט אין זיין אהבת השם אַזוי געבענקט נאָך קדוש־השם; אָט דער זעלביקער רבי עקיבא וואָס האָט געטראָגן אין זיין האַרצן אַזוי פיל אהבת הבריות, ליבע צו אַלע מענשן, ווי ער פלעגט זאָגן „חביב אדם שנברא בצלם" (אבות ג') — ער האָט געוואוסט אָפּצושאַצן דעם הויכן ווערט פון ראָמאַנטיק, אין לעבן אָבער פון דער אמת'ער און דערהויבנדיקער ראָמאַנטיק — די ליבע צו ג—ט און צו מענש . . .

און אַזוי איז דער „שיר השירים״ געוואָרן אַ קדש־קדשים׳דיק געזאַנג, מיט וועלכע קיין אומה ולשון אויף דער וועלט איז ניט געבענטשט געוואָרן.

דעריבער זאָגט רבי עקיבא: „דער וואָס זינגט „שיר השירים״ אין אַ שענק און ער מאַכט עס פאַר אַ מין לידל, האָט ניט קיין חלק לעולם הבא. (תוספתא סנהדרין י״ב).

בלויז די געבענטשטע ,וואָס האָבן אַ חלק אין דער צוקונפטיקער וועלט, קענען פאַרשטיין די קודש־קדשים׳דיקייט פון שיר השירים . . .

דעריבער האָבן אידן געזונגען דעם שיר השירים אין מאָמענטן פון באַזונדערער קדושה און יום־טובדיקייט, ווי פרייטיק צו נאַכט, ווען דער איד האָט מקבל פנים געווען די הייליקע מטרוניתא, די שיינע, פרומע כלה שבת . . .

און דער פרומער אויסגעצוואָגענער און אויפגעפוצטער חתן האָט באַגעגנט יעדן פרייטאָג נאָך זונגאונטערגאַנג זיין פרומע, שיינע כלה ביים שוועל פון דעם ליכטיקן אויפגעראַמטן בית המדרש מיט דער סערענאַדע: „קום אַריין, געליבטע כלה, קום אַריין אין פריידן און אין פרייד . . .

און נאָך דער שיינער סעודה מיט די זמירות איז דער איד געווען ראָמאַנטיש אָנגערעגט און זיין נשמה יתרה פלעגט זיך פאַנאַנדערזינגען מיט דעם זיסן טראַדיציאָנעלן ניגון: „שיר השירים אשר לשלמה״ . . .

די טראַדיציע וואָס האָט אַזוי מיט אַזוי פיל געשמאַק אַריינגעוועבט די פינף מגילות אין אונדזערע נאַציאָנאַלע ימים טובים, ווען יעדע מגילה דאַרף געלייענט ווערן בציבור אין די שולן, האָט אויסגעקליבן דעם „שיר השירים״ פאַר דעם חול המועד פסח.

ערשטנס איז פסח די פאָסיקסטע צייט פאַר אַ ליבעס ליד.

עס איז דער חודש האביב, דער פרילינג־מאָנאַט ,און די לופט איז פול מיט ראָמאַנטישקייט. דער קאַלטער ווינטער מיט די פרעסט און שניי־שטורמס זיינען אַוועק. די נאַטור הויבט אָן זיך אויסטשוכען פון דעם קאַלטן האַרטן שלאָף, די כחות פון אונטער דער ערד ווערן שעפעריש דורך באַהעפטונג, דורך ליבע . . . אַ ליכטיקע מילדע זון, קלאָרע הימלען, גלעטנדיקע ווינטעלעך. די גאַנצע בריאה לעבט אויף . . .

און דאָ פייערן מיר ,אונדזער יציאת מצרים . . . פרישער מוט און נייע האָפנונגען באַלעבן די אידישע הערצער, און דורך דעם אידישן געמיט ציט זיך אַ ליכטיקער געזאַנג צו דער דערוואַכטער נאַטור און צו איר באַשאַפער.

דערצו ענטהאַלט דער פסח אַזעלכע גרויסע נאַציאָנאַלע, און אוניווערסאַלע מאָמענטן ! . . . ג—ט׳ס בונד מיטן אידישן פאָלק ,דער נצחון פון פרייהייט איבער שקלאַפעריי, די פראָקלאַמירונג פון דער מענשלעכער חשיבות, און פון דער הייליקייט פון לעבן; דער חג החירות ברענגט אונדז די גאולה און פון דעם ענדלעכן זיג פון דעם מענטשן איבער דער חיה, ווי אויך פון דער פאַרווירקלעכונג פון דער נבואה אַז די וועלט וועט פול ווערן מיט דעת ד׳ אַזוי ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים — אין דעם

יום טוב פילט דער איד, ווי זינגען אַ הימנע צו זיין גרויסן ג—ט, אַ סערענאַדע צו זיין געליבטן אין הימל און אים אויסזינגען אַלע מעלות וואָס ער באַזיצט און אַלע וואונדער וואָס ער האָט געטאָן, און ער געפינט עס אין „שיר השירים״.

ווי דער זוהר פ׳ תרומה זאָגט: „שיר השירים כללא דכל אוריתא, כללא דרזא דאבהן כללי דגלותא דמצרים וכו׳ כלות חזון דגלותא ביני עממיא ופרקנא דגלו־תא דתחית המתים״ — שיר השירים איז כולל די גאַנצע תורה, גלות מצרים וכו׳ כולל גאולת מצרים צווישן די אומות העולם און זייער גאולה, און עס איז אויך כולל תחית המתים.

„דער שיר השירים״ איז, אַלזאָ דער גאָלדענער שליסל צו די גייסטיקע אוצ־רות פונם אידנטום, פונקט אַזוי ווי אונדזער ליבער פסח ענטהאַלט די רזי דרזין פון אונדזער תורה קולטור און דעם סוד פון אונדזער לעבן . . .

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס דער „שיר השירים״ איז געוואָרן דער טעקסט־בוך פאַר אַלע אונדזערע רעליגיעזע דיכטער, פּאָעטישע דענקער בעלי אגדה, פייטנים, מקובלים און פאָלקס דרשנים, וועלכע זיינען געווען אונדזערע „מינע־זינגער״, „טרובאַדורן״ און „באַרדן״, וואָס האָבן אַזוי דראַמאַטיש און ליריש אויסגע־זונגען דורך די דורות דעם וואונדערלעכן עפּאָס פון דעם אידנטום — דער ראָמאַן וואָס אונדזער פאָלק האָט געשפילט פאַר די לעצטע טויזנט יאָר מיט דעם רבונו של עולם.

די גמרא (עירובין כ״א) ציט אַ פּאַראַלעל צווישן דעם אידישן פאָלק און די אומות העולם דורך דעם פסוק פון „שיר השירים״: „לכה דודי נצא השדה״ — קום, מיין געליבטער, לאָמיר אַרויסגיין אין פעלד: „אמרה כנסת ישראל לפני הקדוש ברוך הוא: רבונו של עולם! אל תדינני כיושבי כרכים שיש בהם גזל ועריות ושבועת שוא ושבועת שקר אלא נצא השדה — בא ואראך תלמידי חכמים שעוסקים בתורה מתוך הדחק — די כנסת ישראל האָט געזאָגט צום הייליקן געבענשט איז ער: הער פון דער וועלט: זאָלסט מיר ניט משפּט׳ן ווי די איינוואוינער פון גרויסע שטעדט, וואו עס איז דאָ גזלה, זנות, פאַלשע שבועות און שקר, נאָר קום אַרויס אין פעלד אין די אידישע געטאָס, און איך וועל דיר ווייזן ווי תלמידי חכמים לערנען תורה פון גרויס נויט . . .

און פּאַראַפראַזירנדיק די שיינע אַגדה פון דער גמרא, טייטשן מיר אויך דעם „לכה דודי נצא השדה״, ציענדיק אַ פּאַראַלעל צווישן דעם ראָמאַן וואָס האָט זיך ענט־וויקלט ביי אידן אין זייערע באַציאונגען צו ג—ט און דער מיטאָלאָגיע פון אַנדערע פעל־קער.

ביי קיין אומה ולשון האָט נאָך ניט געהערשט אַזאַ פּאַרגייסטיקטע, אַזאַ צניעות׳דיקע, אַזאַ ריינע און הייליקע ראָמאַנטיק, צווישן ג—ט און פאָלק, ווי נאָר די נביאים און שפּעטער אונדזערע פרומע גייסטרייכע בעלי אגדה האָבן עס אויסגעשפּו־נען אין זייערע פּאָעטישע אַפּאָריזמען און פערלדיקע מאמרים.

# ל״ג בעומר — דער זיסער זוניקער יום־טוב פאר אידישע קינדער

די ל״ג בעומר פרייד וואָס האָט פאַרטריבן דעם אומעט
פון די אבלידיקע ספירה טעג. — אַ יום טוב וואָס איז
פאַרפלאָכטן צווישן היסטאָרישער ווירקלעכקייט
און פאָלקס לעגענדע. — די פאַרבינדונג פון
ל״ג בעומר מיט רבי עקיבאס תלמידים און
בר־כוכבאס אויפשטאַנד. — רבי
שמעון בר־יוחאַיס יאָרצייט און ווי
עס ווערט געפייערט אין ארץ
ישראל מיט דער באַרימטער
הדלקה אויף דעם תנאיס
קבר אין מירון ביי צפת.

**ל״ג** בעומר !...

וואָסערע זיסע, מיט בענקעניש אָנגעכאָפּטע קינדער־זכרונות אין דעם טאָג פון דעם זוניקן שמעקנדיקן יום טוב, וואָס האָט זיך מיט אַזוי פיל יוגנטלעכער פרייד, מיט אַזוי פיל שטיפערישער לוסטיקייט צעגאָסן אין אונדזערע קינדערשע הערצער, פאַרטרייבנדיק דעם שווערן ערנסט פון די אבל׳דיקע ספירה־טעג ...

שוין גלייך נאָך פסח, ווען מיר זיינען איינגעשפּאַנט געוואָרן אין דעם יאָך פון חדר, האָט זיך אויף דער אידישער גאַס געפילט די שטילע אבלות פון די ספירה טעג. אידן זיינען געוואָרן ערנסטער, איינגעהאַלטענער מיט זייער פרייד, שפּאָרעוודיקער מיט זייער לאַכן. מ׳האָט ניט געטאָרט אָפּשערן די האָר. מ׳האָט ניט געטאָרט פראַוועןקיין חתונות און אַנדערע שמחות. אַ טרויער־שטימונג האָט פאַרכאַפּט דעם אידישן לעבנס־נוסח ...

אין דער מיטאָלאָגיע פון די אַלטע גריכן, למשל, אָדער אין די געזאַנגען פון די געצנדינערישע טייטאָנער, פאַגאַנישע רוימער און סקאַנדינאַווישע זאַגאַס, געפינט איר ראָמאַנען צווישן זייערע געטער מיט מענשן־קינדער אויף דער ערד. דאָס איז אָבער ניט געווען קיין הימלישע ליבע, די „אהבה בת השמים״, וואָס דערהויבט און פאַרגייס־טיקט דעם מענשן, נאָר פאַרקערט זינלעכע, תאווה׳דיקע פלייש און בלוט גלוס־טונגען וואָס האָבן אַרונטערגעשלעפּט די געטער צו די נידריקסטע חיה׳דיקע אינ־סטינקטן פון די מענשן ...

זייערע געטער פלעגן זיך פארליבן אין א שיינער פרוי, א ילוד אשה. האבן געגלוסט צו איר ווי פראסטע בשר ודמ׳ס און געזוכט צו באפרידיקן זייערע תאוות ווי יעדע נידריקע חיה . . . יופיטער אדער צעאוס פלעגט זיך גאנץ אפט א הוליע טאן מיט דעם מין היפה פון מענשלעכן געשלעכט. די באוואוסטע „פארטיס״ און הוליאנקעס אויף דעם פארנאס אדער אלימפ האבן געהאט א שם אין דער גריכיש־רוימישער וועלט. מ׳פלעגט במחילה, זיך אנטרינקען מיט נעקטאר און פארבייטן מיט אמבראזיא און הוליען מיט די נאקעטע פרויען ביזן גרויסן טאג אריין . . . ווילדע אינטריגעס פון אייפערזוכט פון איין געטין אויף דעם אנדערער און פון איין „גאט״ אויף דעם אנדערן „האלב גאט״, צוליב זיין געליבטע וואס האט אים פארראטן, מאוס׳ע רכילות און גיפטיקע לשון הרע פון איין מעטרעסע אויף דער אנדערער אין דעם געטלעכן הימל געצעלט און ביטערע קריגערייען, וועלכע האבן זיך גאנץ אפט געענדיקט מיט געמיינע מארדן, ווערן באזונגען פון די גרויסע קלאסישע דיכטער און דראמאטורגען פון דעם אלטערטום.

דאס איז געווען דער באצי פון יענע פעלקער צו זייערע „געטער״, וועלכע זיי האבן פארמענשלעכט מיט זייער אייגענעם לעבן פון שכרות, תאווה, זנות און רציחה.

גאנץ אנדערש איז דער ראמאן וואס אונדזער פאלק האט געשפילט מיט זיין גרויסן ג—ט, לויט ווי ער ווערט באזונגען פון די קלאסישע נביאים, ווי געשילדערט אין די אגדות פון תלמוד און מדרשים, ווי ער איז שפעטער פארטיפט, פארשפרייט און אויפגעפאסט געווארן פון אונדזער פאלקס פאנטאזיע.

אויך אונדזער ג—ט האט געשפילט א ליבע מיט זיין פאלק ישראל, אויך ער, כביכול, איז געווען אייפערזיכטיק אויף זיין געליבטער, די כנסת ישראל, וועלכע האט אים געשוואוירן אייביקע ליבע און טרייקייט . . . ניט איינמאל איז דער „פארליבטער״ ברוגז געווארן און זיך ווידער איבערגעבעטן מיט זיין גאנץ אפט צעלאזענער געליבטער — אבער אונדזער „געליבטער״ איז אין דעם באגריף פון פאלק קיינמאל ניט „פארמענשלעכט״ געווארן, נאר די „געליבטע״ האט זיך, אין איר ליבע צו איר אויסדערוויילטן ,פארגייסטיקט און זיך דערהויבן צו איר ג—טלעכן חתן . . .

שוין די גרויסע נביאים, ווי עמוס, הושע, ישעיה, מיכה ,ירמיה און די אנדערע האבן סימבאליזירט די פארהעלטניש צווישן ג—ט און זיין פאלק ישראל אין א ראמאן, ג—ט איז טאקע מעכטיק און פורכטבאר, אבער צו זיין אויסדערוויילטער אומה איז ער א ווייכהארציקער ראמאנטישער פארליבטער, וואס בענקט תמיד נאך זיין פארקנס׳טער כלה און קוקט ארויס מיט אפענע ארעמס, זי זאל זיך אומקערן צו אים . . .

ווי שיין און הארציק זיינען ג—ט׳ס ווערטער דורך דעם נביא ירמיהו, וואס דערמאנט זיך אין מיטן זיינע שטראף־רייד, מיט אזוי פיל בענקשאפט ,אז ער האט נאך ניט פארגעסן דעם טאג פון דער חתונה מיט דעם אידישן פאלק ביים בארג סיני, ווען די אידן האבן אים אזוי געטריי נאכגעפאלגט אין דעם זאמדיקן מדבר אין א ניט־געזייט לאנד ! . . .

הושע באַטראַכט דאָס אידישע פאָלק אַלס אַ פאַר׳קנס׳טע אויף אייביק, אָבער ער ווי אַזוי: „און איך האָב דיר פאַר׳קנס׳ט אויף אייביק; איך האָב דיר פאַר׳קנס׳ט מיט גערעכטיקייט און מיט רעכט, מיט גענאַד און מיט רחמנות; איך האָב דיר פאַר־קנס׳ט מיט אמונה און ג—ט־וויסן״ . . .

אָט אַזוי האָבן אונדזערע נביאים פאַרשטאַנען דעם באַצי צווישן ג—ט און זיין פאָלק ג—ט וועט דעריבער קיינמאָל, אין גאַנצן ניט פאַרלאָזן זיין פאָלק, ווייל ער איז צו־פיל פאַרליבט אין אים . . . ער וועט זיך אַמאָל צוקריגן מיט זיין „געליבטער״, איר שרעקלעך באַשטראָפן, ווען זי גייט אַוועק אַמאָל אָן אַ זייט און מאַכט חנדלעך צו פרעמ־דע מענער, אָבער אַזוי שנעל ווי זי קומט צוריק צו אים, איז ער איר מוחל, ווייל „וואו עס איז דאָ ליבע איז דאָ פאַרגעבונג״ . . .

די דאָזיקע ראָמאַנטישע סימבאָליזאַציע צווישן ג—ט און פאָלק, וואָס איז צו־ערשט פאַרבילדלעכט געוואָרן פון אונדזערע נביאים, האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אין אַ הערלעכן דופטנדיקן גאָרטן מיט די שענסטע פאַרבנרייכע עקזאָטישע בלומען אין אונדזער רייכער פּאָעטישער און מיסטישער אגדה ליטעראַטור פון תלמוד, מדרש און זוהר.

וועלכע וואונדערלעכע לירישע ראָמאַנסן עס זיינען אַרויס צו אונדז פון דעם „בלומען גאָרטן״ פון דער אגדה, ווי הייערליך היינע ,רופט עס: — ראָמאַנסן פון פאַר־גייסטיקטער און פאַרגעטלעכער ליבע פון אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעלעבט אין זיין ג—ט מיט אַ קודש־קדשים׳דיקער פאַרליבטקייט פון אַ רבי עקיבא ! . . .

בלויז דער געניוס פונאַ פאָלק וואָס האָט געקענט געבן דער וועלט די מתנה פון אַ עטישער ג—ט דערקענטניש, האָט געקענט שפּילן אַזאַ ראָמאַן מיט זיין בורא . . . און דער „שיר השירים איז געוואָרן דאָס געזאַנג פון דעם דאָזיקן ראָמאַן, אין וועלכע די עראָטיק פון די יונגע בלוטן, די ליידנשאַפט פון דעם פלייש, איז פאַרגייסטיקט גע־וואָרן אין אַ מיסטישער הייליקער ראָמאַנטיק צווישן דעם אידישן פאָלק און זיין ג—ט . . .

קיין וואונדער ניט, וואָס דער דאָזיקער ראָמאַנטישער און עראָטישער מיסטי־ציזם פאַרנעמט אַזאַ גרויסן אָרט אין דער אידישער קבלה.

מיט דער תורה שפּילן מיר אויך אַ ראָמאַן, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס אין אונדזער ליבע צום רבונו של עולם שפּילן מיר די ראָלע פון דער כלה, בעת מיט דער תורה זיינען מיר אין דער בחינה פון חתן . . .

עס איז מערקווירדיק, מיט וואָס פאַר אַ ריינעם, הייליקן און גייסטיקן באַצי אידן האָבן זיך פאַרהאַלטן צו ליבע צווישן מאַן און פרוי, אַז זייער סאַמע הייליקסטער און טייערסטער אוצר איז סימבאָליזירט געוואָרן מיט דער ליבע צווישן מאַן און ווייב . . .

ווער קען וויסן, אפשר איז דאָס טאַקע געווען דער פסיכאָלאָגישער סוד פון אונדזער טהרת המשפחה . . .

און דאָ איז פרילינג, אַנהייב זומער, ווען די גאַנצע נאַטור האָט דערוואַכט און־

טער אַ מבול פון ליכט און שטראַלן, טויזנט נייע לעבנס זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים און עס מאַניעט און עס ציט אויף דרויסן זיך צו שפּילן מיט די שטיפערישע זומער־פייגעלעך, מיט די ערנסטע, באַשעפטיקטע זשוקעלעך, וואָס קריכן און ווידמע־נען זיך אויף ג—ט׳ס ערד, זיך צוהערן צו דעם גאָלדענעם געזאַנג פון די פאַרשיידענע פייגעלעך און צוזען ווי קלוג זיי בויען זייערע נעסטן אין די בוימער און אונטער די דעכער.

און דאָ איז דאָס אידישע לעבן אַזוי פאַרדאַמט ערנסט אַזוי צוריקגעצויגן און אַזוי איינגעהאַלטן. ניטאָ קיין פרייד, קיין געזאַנג . . . די מאַמע איז פאַרזאָרגט, דער טאַטע איז פאַרטראַכט, און דער רבי איז שטרייננ . . .

אידן ציילן ספירה . . .

און מיר קינדער, ציילן אויך די ספירה טעג. מיר וואַרטן אויף דעם ל״ג בעו־מר, אויף דעם זוניקן טאָג, ווען דער טאַטע וועט ווערן פריילעכער, ווייל ער האָט קיין תחנון ניט געזאָגט. די מאַמע וועט האָבן קאָלירטע אייער אין ציבעלע שאָלעכץ אָדער אין אַנדערע פאַרבן. דער עלטערער ברודער וועט אויסמאַכן אַ בויגן פון אַ האַלבן רייף און אויסשניצן אַ פייל פון אַ גענזענע פעדער, און דער רבי אין חדר וועט זיין אויפגע־לייגטער, לערנען אין חדר אַ האַלבן טאָג און דערנאָך גיין מיט אונדז אין וואַלד, דער־ציילן אונדז מעשיות, קלייבן יאַגעדעס, לויפן נאָך פייגעלעך און זיך שפּילן אין „לוי־פעניש״, אין „באַהעלטעניש״, לויפנדיק פון בוים צו בוים ,און זיך פאַרשטעקנדיק היב־טער אַ קוסט, בעת אונדזערע האַרציקע און קלינגענדיקע געלעכטערס פלעגן זיך צוזאַ־מענגיסן מיט דעם געזאַנג פון די פייגל אין וואַלד.

און ווען מיר זיינען מיד געוואָרן פון אונדזערע שטיפערייען און שפּילערייען, פלעגן מיר זיך אויסזעצן אַרום דעם רבי׳ן אונדזערן, וועלכער האָט אונדז דאַן דער־ציילט אַזעלכע וואונדערלעכע מעשיות פון אַמאָליקע גרויסע אידישע העלדן, וואָס האָבן געקעמפט מיט אמת׳ע פיילן און בויגנס, מיט שפּיזן און מיט שווערדן פאַר זייער פאָלק און לאַנד אונטער דער אָנפירער׳שאַפט פון איינעם אַ בר־כוכבא, און אַז דער גרויסער תנא רבי עקיבא האָט אים צוגעשטעלט פיר און צוואַנציק טויזנט פון זיינע תלמידים אַלס קעמפער, וועלכע זיינען געפאַלן אין די שלאַכטן קעגן די רוימער, וואָס זיינען אָנגע־פירט געוואָרן צווישן פסח און שבועות . . .

אָבער עס איז געווען ל״ג בעומר, דער דריי און דרייסיקסטער טאָג פון ספירה, ווען בר־כוכבא האָט געוואונען אַ גרויסע שלאַכט געגן די רוימישע לעגיאָנערן, און דע־ריבער פייערן מיר היינטיקן טאָג אין אָנדענק פון יענעם אידישן נצחון אויפ׳ן שלאַכט־פעלד . . .

און נאָך מעשיות האָט דער רבי אונדז דערציילט וועגן איינעם אַ גרויסן און היי־ליקן תנא רבי שמעון בן יוחאי, ווען די ברוטאַלע רוימישע מאַכט האָט פאַרפאָלגט, צוליב אַ וואָרט וואָס ער האָט זיך אויסגערעדט קעגן זייער ג—טלאָזער הערשאַפט. איז

אַט דער הייליקער תנא אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אין אַ הייל צוזאַמען מיט זיין זון רבי אלעזר, וואו זיי זיינען געזעסן און געלערנט תורה פאַר דרייצן יאָר. און דאָרטן האָט רבי שמעון בן יוחאי אָנגעשריבן דעם „זוהר הקדוש" און עס איז געווען אין דעם טאָג פון ל"ג בעומר, וואָס רבי שמעון בן יוחאי איז נפטר געוואָרן איבערגעבנדיק אין דעם טאָג פון זיין אַוועקגיין פון דער וועלט אַלע סודות טמירין צו זיינע תלמידים און דערי־בער איז דער טאָג פון ל"ג בעומר אַזאַ גרויסער יום טוב, וואָס פאַרטרייבט די אבלות פון די ספירה־טעג . . .

***

ווי כמעט אַלע אונדזערע ימים טובים, איז דער ל"ג בעומר פאַרוואָרצלט ערגעץ אין אונדזער היסטאָרישער ווירקלעכקייט.

ווי פילע פון אונדזערע פאָלקס־ימים־טובים ,איז די היסטאָרישע ווירקלעכ־קייט פון ל"ג בעומר פאַרפלאָכטן מיט לעגענדע און מיסטיק, און מיר ווייסן איצט ניט וואו עס הייבט זיך אָן די היסטאָרישע ווירקלעכקייט און עס ענדיקט זיך די פאַנטאַסטי־שע לעגענדע . . .

עס איז קיין ספק ניט, אַז דער אורשפּרונג פון ל"ג בעומר איז פאַרבונדן מיט עפּעס אַ גרויסער וויכטיקער נאַציאָנאַלער געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט אין דעם טאָג, און זיכער האָט אָט־די געשעעניש געהאַט צו טאָן מיט רבי עקיבא'ס תלמידים, נאָך וועמעס טויט די טראַדיציע האָט אַרויפגעלייגט די אבלות פון די ספירה־טעג, ווי די גמרא (יבמות מ"ב:) זאָגט דאָרט, אַז רבי עקיבא האָט געהאַט צוועלף טויזנט פּאָר תל־מידים און זיי אַלע זיינען אויסגעשטאָרבן פון פסח ביז שבועות.

לויט דער פרומער טראַדיציע, זיינען רבי עקיבא'ס תלמידים ניט געשטאָרבן אין די טעג וועו מען זאָגט ניט קיין תחנון. די טעג זיינען די זיבן טעג פון פסח, די דריי טעג פון ראש חודש אייר און אין סיון און אין די זיבן שבתים פון די ספירה וואָכן. ווען מען נעמט אָט־די תחנון־לאָזע טעג אַרונטער בלייבט אינגאַנצן צוויי און דרייסיק טעג אין וועלכע די תלמידים פון רבי עקיבא זיינען אויסגעשטאָרבן. דעריבער איז דער 33־טער טאָג פון ספירה אַ יום טוב און מ'זאָגט ניט אין אים קיין תחנון . . . אַזוי דערקלערט דער אוצר כל מנהגי ישראל.

עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז ל"ג בעומר האָט צו טאָן מיט בר כוכבא'ס אויפשטאַנד קעגן די רוימער, וואָס איז אַזוי שטאַרק געשטיצט געוואָרן פון רבי עקיבא, און אין זכר פון אָט־דעם קאַמף האָבן אידישע קינדער זיך געשפּילט מיט פייל און בויגנס . . .

עס איז אויך קיין ספק ניט, אַז דער ל"ג בעומר איז פאַרבונדן מיט דעם יאָרצייט פון רבי שמעון בן יוחאי, ווייל אַזוי ווערט ער געפייערט אין ארץ־ישראל פאַר די לעצטע הונדערטער יאָרן. שוין אין די צייטן פון ארי הקדוש האָט מען

געפייערט ל״ג בעומר דעם יאָרצייט פון יענעם גרויסן תנא־מיסטיקער, וועלכער איז, לויט דער טראַדיציע, דער אַנטדעקער פון דער קבלה.

די פייערונג פון ל״ג בעומר מיט אַ „הדלקה״ לכבוד ר׳ שמעון בן יוחאי׳ס יאָרצייט ווערט דורכגעפירט מיט גרויס פּאַראַד און דעם גרעסטן עקסטאַז אין ארץ־ישראל ביי דעם קבר פון דעם תנא, וואָס געפינט זיך אין מירון ביי צפת. טויזנטער מענשן קומען צו דער פייערונג. עס ווערט דאָרט אויפגעשטעלט אַ זייל, אויף וועלכן עס שטייט אַ גרויסע קופּערנע קערה, וואָס ווערט אָנגעפילט מיט אויל. די מצוה פון אָנצינדן די אויל ווערט פאַרקויפט „פער אָקשען״ און דער געווינער צינדט עס אָן מיט אַ וועקסענער ליכט. דער ריזיקער עולם אַרום דער קערה ווערט אַריינגע־וואָרפן אין אַ גוואַלדיקער התלהבות, וואָס וואַקסט פון מינוט צו מינוט בעת די קערה ברענט זיך פאַנאַנדער. מען טאַנצט אין ווילדן עקסטאַז אַרום דער קערה און מען זינגט: „בר יוחאי, בר יוחאי, כי לא הדא משאן הצדיק הדא והדא משאן הצדיק״.

יעדער וואָס האָט עפּעס: אַ קלייד, אַ היטל, אַ יאַרמעלקע אָדער אַן אַנדער חפץ, וואַרפט עס אַריין אין דעם פלאַם, וואָס ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער און מען קען עס זען פון מיילן ווייט. די צערעמאָניע האַלט אָן אַ גאַנצע נאַכט און ווען איין טאַנצנדיקער רינג פון עולם פאַלט אַוועק פון מידקייט און דערשעפּונג, איז דאָ באַלד אַן אַנדער רינג, וואָס פאַרנעמט דעם פּלאַץ טאַנצנדיק מיט באַנייטער און פאַרשטאַרקטער התלהבות, און אַזוי האַלט עס אָן דורך דער גאַנצער נאַכט ביז אויף מאָרגן, ווען די טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן געבראַכט זייערע קינדער, שערן אָפּ זייערע האָר און וואַרפן זיי אַריין אין דער ברענענדיקער קערה, אַלס אַ סגולה פאַר דעם גייסטיקן און פיזישן געזונט פון די קינדער.

אָט אַזוי האָט דער ליבער ל״ג בעומר זיך פונאַנדערגעצווייגט אין פאַר־שיידענע קאָלירפולע פייערונגען אין ארץ ישראל און אין גלות.

דער עיקרשט איז ער, אָבער, געווען און וועט בלייבן אַ זיסער, זוניקער קינדער־יום־טוב! . . .

# מגילת רות

## די שיינע בלום פון יהודה, וואָס די טראַדיציע האָט אונדז צוגעטראָגן אַלס „גרינס פאַר שבועות"

### די אַלעגאָרישע מלבושים און סימבאָלישע פּערל, אין וועלכע אונדזערע חכמים האָבן אָנגעטאָן די שיינע ליטעראַרישע פאָלקס־אידיליע, וואָס איז אַריינגענומען געוואָרן צווישן אונדזערע הייליקע שריפטן. — וואָרום מיר לייענען די מעשה רות אום שבועות? — "רות" אַלס ליטעראַרישע פּערל אין דער וועלט־ליטעראַטור. — אַ ליטעראַריש־פּסיכאָלאָגישע באַגרינדונג אַז שמואל הנביא איז געווען דער פאַרפאַסער פון "רות".

„מגילת רות" — די דופטיקע און אייביק־פרישע ליטעראַרישע בלום פון די פעל־דער פון יהודה, וואָס די טראַדיציע אונדזערע האָט אויסגעקליבן און אונדז צוגעטראָגן אַלס „גרינס פאַר שבועות" — איז אַ רירנדיק־שיינע, זיס־חנ׳עוודיקע און שטיל־צני־עות׳דיקע פאָלקס־אידיליע פון דעם אַלט־גראָען אידישן נאַטור־לעבן, וואָס איז קאַ־נאָניזירט און געהייליקט געוואָרן צווישן אונדזערע הייליקע שריפטן, די „כתובים", און איז איינע פון די פינף „מגילות", וועלכע גייען לויט דעם פאָלגענדיקן סדר: שיר השירים, רות, איכה, קהלת און אסתר.

אָט־די איינטיילונג פון די פינף מגילות איז, אפשר, ניט אין כראָנאָלאָגישן איינקלאַנג מיט די תקופות, אין וועלכע זיי זיינען געשאַפן געוואָרן. דערפאַר, אָבער, שטימט דער סדר מיט דער אָרדנונג פון די ימים טובים, אין וועלכע זיי ווערן גע־לייענט, אָנהויבנדיק מיט פּסח, ווען מיר לייענען שיר השירים; שבועות — רות; תשעה באב — איכה; סכות — קהלת, און פורים — אסתר.

ווי אַלע אונדזערע הייליקע שריפטן, איז אויך די מגילת רות ארומגעוועבט געוואָרן פון אונדזערע רעליגיעזע חכמים, מקובלים און פּאָעטישע דרשנים מיט אַלעגאָרישע פּירושים און מיסטישע געדאַנקען, וואָס לויכטן, ווי זונען, מיט זייער עטישן וועלט־באַנעם און לעבנס־חכמה אין דעם היכל פון אונדזערע קולטור־אוצרות.

נאַטירלעך, די גאַנצע מעשה פון רות איז אַן אמת׳ע. די האַנדלונגען זיינען אַזוי פאָרגעקומען ווי זיי ווערן באַשריבן, און די העלדן פון דער דערציילונג זיינען ניט קיין אויסגעטראַכטע. דערפירט דאָך דער מחבר צו דעם אורשפּרונג פון דוד דעם פאָטער און גרינדער פון מלכות בית דוד און פון דעם צוקונפטיקן מלך המשיח . . .

בן ישי, דעם שענסטן און וואונדערלעכסטן אידישן קעניג, דעם נעים זמירות ישראל.

אודאי איז אַלץ וואָס איז געשריבן געוואָרן אין רות, אמת און קודש. אָבער, דאָך, מאי קא משמע לן? וואָס לאָזט אונדז די געשיכטע רות הערן אויסער איר נאַטור־שיינקייט און אידילישער פראַכט? וואָס איז דער מוסר־השכל פון דער גאַנצער מעשה?

גלאַט אַ מעשה, אָן אַ מוסר־השכל, אָן לעבנס־חכמה און אָן עטישער קדושה וואָלט מען דאָך ניט אַריינגענומען צווישן אונדזערע הייליקע שריפטן . . .

אָדער, האָט אונדז דער מחבר געוואָלט לאָזן הערן אַ מעסעדזש פון נאַציאָנאַלן באַדייט, פון קיום האומה, פון קדושת הארץ, וואָס איז פונקט אַזוי וויכטיק פאַר דער דערהאַלטונג פונעם אידנטום? . . .

אלזאָ, וואָס איז דער מוסר־השכל פון אָט־דער צניעות'דיקער פאָלקס־אידיליע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון איר הויפּט־העלדין — רות?

און שוין ביים ערשטן פסוק „ויהי בימי שפוט השופטים” — גיט דער מדרש אַ שפּילעוודיקן קנייטש די דאָפּל־ווערטער „שפוט השופטים”, וואָרפנדיק אַ ליכט אויף דעם סאָציאַלן היגטערגרונט, אויף וועלכן די מעשה רות האָט זיך אָפּגעשפּילט:

„ויהי בימי שפוט השופטים” — אוי לדור ששפטו את שופטיהם ואוי לדור ששופטיהם צריכים להשפט (רות רבה פ׳ א׳) — אַז ווי איז צו דעם דור, וואָס האָט גע'משפט זייערע ריכטער און ווי איז צו דעם דור, וועמעס ריכטער דאַרפן גע'משפט ווערן!

דעריבער איז דאָס לאַנד געשטראָפט געוואָרן מיט אַ הונגער, ווייל די פּירערשאַפט איז געווען אַ פאַרדאָרבענע און פירער ווערן פאַרדאָרבן, ווען די געפירטע זיינען פאַרדאָרבן, און צוויי מאָל ווי איז צו אַזאַ דור! . . .

אָבער דער גרעסטער מוסר־השכל פון דער געשיכטע רות איז, לויט דער גמרא, אַ טיף־נאַציאָנאַלער . . .

אבימלך מיט זיינע צוויי זין, מחלון און כליון, זיינען באַשטראָפט געוואָרן דערפאַר, ווייל זיי האָבן פאַרלאָזן ארץ־ישראל אין צייט פון אַן אומגליק און זיינען אַוועק קיין חוץ לארץ זוכן זייער גליק . . .

„. . . וכן היה רבי שמעון בן יוחאי אומר: אלימלך, מחלון וכליון גדולי הדור היו ופרנסי הדור היו ומפני מה נענשו? מפני שיצאו מארץ לחוץ ארץ” (בבא בתרא צ״א) — אלימלך מיט זיינע צוויי זין זיינען געווען די פירער פון דעם דור און גרויסע לייט, אלא פאַרוואָס זיינע זיי געשטראָפט געוואָרן? ווייל זיי האָבן פאַרלאָזן ארץ־ישראל אין צייט פון הונגער און אַרויסגעגאַנגען אין חוץ לארץ . . .

אַן אַנדער אורזאַך איז דאָ אין דער גמרא, אַז די „גדולי הדור” זיינען באַשטראָפט געוואָרן, ניט אַזוי צוליב פאַרלאָזן ארץ־ישראל, ווי צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך, צוליב זייער אייגענעם אומגליק, ניט פאַראינטערעסירט אין דעם אומגליק פון זייערע מיטמענטשן . . .

„שהיה להם לבקש רחמים על דורן ולא בקשו" — זיי האָבן געדאַרפט בעטן רחמים אויף זייער דור אין ארץ־ישראל און זיי האָבן עס ניט געטאָן. זיי האָבן גע־טראַכט וועגן זייער אייגענעם הונגער, און פירער טאָרן ניט טראַכטן פון זיך אין צייט פון אַ פאָלקס אומגליק . . .

אמת׳ע „גדולי הדור" און „פרנסי הדור" דאַרפן האַנדלען ווי דער היינטי־קער גאון הדור הרב הראשי, ר׳ יצחק אייזיק הערצאָג, וועלכער איז געקומען אין אַמעריקע בעטן רחמים פאַר זיין דור אין ארץ־ישראל, און אַזוי שנעל ווי ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין שליחות, איז ער צוריק אָפּגעפאָרן צו זיינע ברידער אין ארץ־ישראל, צו זיין מיט זיי אין מאָמענט פון דראָענדיקער סכנה . . .

אינטערעסאַנט איז די סימבאָלישע אויסטייטשונג פון די נעמען פון די העלדן פון „רות", וואָס מיר געפינען אין תלמוד און מדרש.

„מאי ר ו ת ? אמר ר׳ יוחנן: שזכתה ויצא ממנה דור שריוהו להקב"ה בשירות ותשבחות" (ברכות ז׳:) — וואָס מיינט דער נאָמען רות — זאָגט ר׳ יוחנן, אַז רות איז פון דעם שורש רוב, וואָס מיינט זעטיקן — זי האָט זוכה געווען וואָס פון איר איז אַרויסגעקומען דוד המלך, וואָס האָט געזעטיקט דעם הייליקן, געבענשט איז ער, מיט שירים און לויבגעזאַנגען.

„אלימלך" — האָט ער געהייסן דערפאַר, וואָס ער האָט געזאָגט: „אלי תבוא מלכות" — צו מיר וועט קומען די מלוכה . . .

„נעמי" — שהיו מעשיה נעים ונעימים.

„מחלון" — שנמחו מן העולם.

„כליון" — שכלו מן העולם (רות רבה פ׳ ב׳).

נאַטירלעך, האָבן אונדזערע חכמים באַגריפן אַז די הויפּט־העלדין פון דער געשיכטע איז די שיינע, ריינע און געטרייע רות, ווען זיי האָבן פאַרהערלעכט אַלס צדיקת ניט קוקנדיק וואָס זי איז געווען אַ טאָכטער פון פאַגאַנישן מואב . . . איז זי דאָך אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין די עלטער־באָבע פון דוד המלך!

איר זיך ניט־וועלן שיידן פון איר אָרימער עלנדער שוויגער, איר באַהעפטן זיך צום אידישן ג—ט אין דעם מאָמענט פון איר גרעסטער נויט און הילפלאָזיקייט, ווי די סצענע ווערט אַזוי רירנדיק און האַרציק געשילדערט אין „רות", האָט איר געמאַכט פאַר אַ מוסטער פון טרייהייט פאַר אַלע דורות, און דערפאַר טאַקע האָט די טראַדיציע אויסגעקליבן צו לייענען מגילת רות אין דעם יום טוב פון מתן תורה, כדי אידן זאָלן זיך אָפּלערנען אַ מוסר פון דער פרומער געטרייער רות, וועלכע האָט נאָכגעפאָלגט דעם אידישן ג—ט אין יסורים און אָרימקייט:

". . . ומה ענין רות אצל עצרת שנקר את בעצרת בזמן מתן תורה? — ללמדך שלא נתנה תורה אלא על ידי יסורין ועניו . . ."(ילקוט שמעוני).

עס זיינען דאָ נאָך אַנדערע טעמים, וואָס ווערן אָנגעגעבן וואָרום „רות" ווערט געלייענט אום שבועות.

איין טעם איז, ווייל עס איז דאָ אַ טראַדיציע אַז דוד המלך׳ס יאָרצייט פאַלט אויס אין דעם צווייטן טאָג שבועות און לויט דעם דרש פון „מספר ימיך אמלא״, איז דוד אויך געבוירן געוואָרן אין דעמזעלביקן טאָג — ווערט דעריבער געלייענט די מעשה וועגן זיין עלטער־באָבען, וואָס שליסט זיך מיט דער גאַנצער גענאַלאָגיע פון דוד׳ס משפחה.

מיר שיינט, אַז די טראַדיציע האָט צונויפגעפּאַרט רות מיט שבועות, ווייל דער יום טוב איז אַמאָל געפייערט געוואָרן אַלס „חג הביכורים״, אַ יום טוב, וואָס האָט געשמעקט מיט פעלד און גאַרטן, מיט גראָז און תבואה. אין גלות האָבן מיר אָנגעוואוירן דעם „ריח השדה״, מיר האָבן פאַרלאָרן דעם קאָנטאַקט מיט דער געזונ־טער, ריינע נאַטור מיט דער שמעקנדיקער ערד, און דער יום טוב איז געוואָרן דער „זמן מתן תורתנו״. מיר זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון דער נאַטור און פאַרגייס־טיקט געוואָרן ביז אין די הימלען אַריין. האָט אונדז די פאָלקס־טראַדיציע געהייסן לייענען אום שבועות די „מגילת רות״, וואָס איז אַ שטיק פריש, דופטיק נאַטור־לעבן פון דער אַלטער יהודה, כדי מיר זאָלן דערשמעקן דעם ריח השדה, זיך דערמאָנען אין אונדזער אַמאָליקן געזונטן לעבן אויף די פעלדער פון ארץ־ישראל, און דורך דעם וועלן מיר פילן אין דעם יום טוב שבועות אויך זיין צווייטן מאָמענט — דעם מאָמענט פון חג הבכורים . . .

און איצט, אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם מחבר פון „רות״.

מאַנכע אַזוי־גערופענע תנ״ך־פאָרשער ווילן האָבן, אַז די קלאַסישע אידי־ליע פון דער אידישער יונג־בחור׳שער שופטים־עפּאָכע אין ארץ־ישראל, איז גע־שריבן געוואָרן אַלס אַ פּראָפּאַגאַנדע־ווערק פון אַ קעגנערישן צייט־גענאָסע פון עזרא און נחמיה, וועלכע האָבן מיט דער גרעסטער שטרענגקייט באַקעמפט געמישטע חתונות ביי אידן.

דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַ פאַלשע השערה, און מיין באַגרינדונג איז ניט קיין היסטאָריש־וויסנשאַפטלעכע, נאָר אַ פּסיכאָלאָגיש־ליטעראַרישע.

ווען מיר טוען אויס די מגילת רות פון אירע אַלעגאָרישע מלבושים און סימבאָלישע פערל, אין וועלכע אונדזערע חז״ל האָבן זי אויסגעפּוצט און מיר באַ־טראַכטן זי פון אַ וועלטלעך־ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט, דאַן דערזעען מיר פאַר זיך איינע פון די שענסטע אידיליעס אין דער קלאַסישער וועלט ליטעראַטור, וועלכע נויטיקט זיך ניט אין אַנדערע באַצירונגען און באַפּוצונגען . . . זי איז רירנדיק שיין אין איר נאַטירלעכער פשטות און הייליק אין איר אומגעפעלשטער תמימות׳דיקייט.

איר געפינט ניט אין „רות״ קיין שלעכטן, בייזווייליקן כאַראַקטער. אַלע אירע העלדן זיינען ערלעך, האַרציק גוט. קיינער ווייס ניט פון פאַרדאָרבנקייט און האָט, ניטאָ דאָרט קיין קאַמף צווישן מענשן, ניט קיין צוזאַמענשטויס צווישן גוטסקייט און שלעכטסקייט אין מענשלעכע הערצער. אַלע העלדן זיינען גוט און געטריי. זיי קענען

גאָר אַנדערש ניט זיין. זיינען זיי דאָך אַ שטיק פון דער נאַטור גופא, וואָס איז גוט און געטריי.

גוטסקייט און ליבע, טרייקייט און הערלעכקייט זיינען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַלע טיפּן אין דער דערציילערישן געוועב פון דער רות־שאַפונג.

נאַטירלעך, די הויפּט־העלדין, די מואב׳ערין רות, שטראַלט אַריבער די אי־בעריקע פיגורן, אַפילו די אומעטיקע „זיסע״ נעמי, מיט איר נעשמה׳דיקייט, נאַטיר־לעכער טרייהייט און שטילער צניעות.

מיר זעען, אַז דער פאַרפאַסער האָט ניט געהאַט קיין שום אַנדער טענדענץ, ווי אויסצומאָלן אַ בילד פון דעם פרידלעכן, האַרציקן, שטילן נאַטור־לעבן, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געפירט אין זיין פריער יוגנט, ווען עס איז געווען צוזאַמענגעהאָפטן מיט דעם לאַנד, פאַרבונדן מיט זיין ג—ט און אין פרידן מיט דער גאַנצער וועלט.

אַ קינסטלער וואָס קען אויסמאָלן אַזעלכע אידעאַלע טיפּן, מיט אַזעלכע שטילע איינגעהאַלטענע פאַרבן, אויף אַ הינטערגרונט פון אַזאַ רואיק, פרידלעך און תמימות־דיק נאַטור־לעבן — אַזאַ ג—ט געבענשטער דיכטער האָט אַליין ניט געהאַט קיין בייזקייט אין זיין שעפערישער נשמה. ער האָט ניט געזוכט זיך מיט קיינעם ניט צו קריגן און קיינעם ניט צו קריטיקירן. ער האָט בלויז אויסגעזונגען אַ בייַנקענדיק ליד פון אַ פרידלעך לעבן אין דעם שויס פון דער נאַטור. ער האָט אויסגעמאָלן אַ שטיק „שטיל־לעבן״, אין וועלכן די מענשן אין אים זיינען געוואָרן אַ טייל פון דער רואיקער, מיט זון־באַגאָסענער לאַנדשאַפט, פון די פעלדער פון בית לחם יהודה, און צוזאַמען מיט די פעלדער האָט ער אָפּגעשפּיגלט די האַרציקע פאָלקס־מענשן, וועלכע זיינען געווען אַזוי ריין און אוממבאַפלעקט, ווי די נאַטור אַליין איז געווען איידער די „אָנגעקריינקלטע בלאַסע פאַרבונפט״ האָט איר ברודיק געמאַכט . . .

ניין, ניט קיין קריטיקער און קעגנער פון עזרא און נחמיה וואָלט געקענט אָנשרייבן אַזאַ זיסן, מיט אַזוי פיל חן אָנגעגאָסענע פאָלקס־אידיליע.

דער פאַרפאַסער פון „רות״ האָט געמוזט זיין אַ איש הרוח, אַ נביא, וואָס האָט אַליין מיטגעמאַכט דאָס נאַטור־לעבן פון יענער צייט.

און גערעכט איז די גמרא (בבא בתרא י״ד), וואָס באַהויפּטעט, אַז שמואל הנביא האָט געשריבן דעם ספר רות.

שמואל, דער וואַנדערנדיקער נביא, וועלכער פלעגט אַרומגיין צווישן די אידישע ישובים און האָט צוגעזען דאָס לעבן אויף די פעלדער פון יהודה, איז געווען דער פאַרפאַסער פון אָט־דער צניעות׳דיקער און האַרציקער פאָלקס־אידיליע, איבער וועלכער עס ווייט אַזאַ צאַרט אומעט, אַזאַ נאַגנדיקע בייַנקשאַפט, אַזאַ קינדישע פאַר־חלומט׳קייט, וואָס באַצווינגט אייך מער ווי דאָס שטאַרקסטע דראַמאַטישע ווערק.

און דעריבער איז די מגילת רות אַן אייביק־פרישע שמעקנדיקע ליטעראַ־רישע בלום, וואָס אַ קינסטלער־נביא האָט אויסגעשניטן פון די פעלדער פון יהודה, וועלכע די טראַדיציע האָט אונדז צוגעטראָגן אַלס „גרינס פאַר שבועות״.

# די „איכה״ וואס דארף היינטיקן תשעה באב געלייענט ווערן אויף דייטשלאנד

## (מעדיטאַציעס צו אונדזער נאַציאָנאַלן טרויער־טאָג אין יאָר תשי״ב)

מיר שטייען איצט פאַר דעם טרויעריקסטן קלימאַקס פון אונדזערע „דריי וואָכן״ אבלות, פאַר דעם פאַטאַלן טאָג פון דער גרויסער אידישער טראַגעדיע, פאַר דעם פאַר־שאָלטענעם טאָג, וואָס איז געוואָרן פאַר אונדז אַ „בכיה לדורות״ . . .

מאָרגן אָוונט איז שוין תשעה־באב, ווען אידן ווערן אבלי ציון וירושלים, אָנצינדנדיק יאָרצייט־ליכט פאַר זייערע ביידע נאַציאָנאַלע חרבנות, און אויסשרייענ־דיק, ביים טונקעלן, צאַנקענדיקן שיין פון די יאָרצייט־ליכט, זייער האַרץ־רייסנדיקן צער און ווײ איבער די אַלטע וואונדן, וואו האָבן זיך נאָך ניט פאַרהיילט און איבער די נייע וואונדן, וואָס מערן זיך אויף אונדזער פאָלקס־קערפּער פון יאָר צו יאָר, זינט טיטוס הרשע האָט פאַרברענט אונדזער בית המקדש, מיט אַכצן הונדערט צוויי און זיבעציק יאָר צוריק — — —

**און אידן, וואָס זיינען נאָך ניט אָפּגעריסן געוואָרן פון פאָלקס־טראַדיציעס, וועלן מאָרגן אָוונט צושליסן זייערע געשעפטן און פאַרלאָזן זייערע אָפיסעס און פאַב־ריקן און זיך פאַרזאַמלען אין די שולן און זיך באַהעפטן מיטן אידישן פאָלקס־צער, וואָס וויינט, קלאָגט און ברומט אין דער אידישער פאָלקס־נשמה, אין דעם טאָג פון תשעה באב, שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר.**

פרומע אידן וועלן פאַסטן, זיצן אויף דער ערד ווי אבלים, און פאַרגיסן אַ טרער אויף דעם נייעם גרויליקן חורבן, וואָס איז אייגנטלעך אַ היסטאָרישער אויס־גאַנג פון אונדזער אַלטן חורבן . . .

אויך נאַציאָנאַלע אידן, וואָס אָטעמען מיטן אידישן פאָלקס־לעבן, און אפילו די ביז איצט דערוויטערטע אידן, וועלן היינטיקן תשעה באב קומען אין די שולן, זיך באַהעפטן מיטן פאָלק און אויסגיסן הערצער איבער אונדזער היינטיקער גרעסטער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע זינט דעם חורבן בית המקדש, ווייל היינט ,דאַכט זיך, איז אין בית אשר אין שם מת, און אַלע זיינען מיר היינט פרישע אבלים . . . אבלים אויף ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס און קרובים, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך אַלע מיתות משונות אויף קידוש השם.

מיר זיינען אבלים נאָך הונדערטער טויזנטער באַנענטע ליבע לאַנדסלייט, וואָס ליגן איצט באַגראָבן אָן תכריכים אין מיילן־לאַנגע מאַסן־קברים אויף די וויסטע

פעלדער פון אוקראַינע, פוילן, ליטע, גאַליציע, רומעניע, סלאָוואַקיע און בעסאַראַביע.

מיר זיינען אין פאַרגאַנגענעם יאָר געוואָרן אבלים, און ווערן איצט מיט יעדן טאָג פרישע אבלים נאָך הונדערטע אידישע קהלות וואָס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן, נאָך שולן און בתי־מדרשים, וואָס זיינען אַוועק מיטן רויך און נאָך הונדערטע ספר־תורה׳ס, וועלכע זיינען צעריסן און געשענדעט געוואָרן!

מיר זיינען אַלע אבלים. ניטאָ קיין אידיש הויז אפילו דאָ, אין דער געבענשטער אַמעריקע, וואו עס איז קיין אבל ניטאָ, און גרויס איז אונזער בראָך! און טיף ווי דער ים איז אונדזער טראַגעדיע!

און זאָלן אונדזערע הייניטיקע קינות צערייסן די הימלען און זאָל אונדזער אומעטיקער נאָגנדיקער ניגון פון דער אַלטער „איכה״, וואָס מיר לייענען אין די שולן, אָפּקלינגען מיט דער גאַנצער שוידערלעכקייט פון אונדזער היינטיקן חורבן אויפשטורעמענדיק וועלט און גאָט! . . .

אָדער, ניין! . . . ניט געקלאָגט און ניט געוויינט זאָל זיין! . . . מיר קענען סיי ווי סיי אונדזער וויטיק ניט אויסשרייען. וועלן מיר בעסער פאַרדעקן אונדזערע וואונדן דערשטיקן אין אונדז דעם צער פאַרשטשירען די ציין און — שטומען! . . .

מיר וועלן בלויז וואַרפן פינסטערע תרעומות׳דיקע בליקן כלפי שמיא און — שווייגן!

זאָל ער דאָרט, דער רחום וחנון, זיך פאַרקלייבן אין זיין פאַרבאָרגענעם פלאַץ, וואָס „מסתרים״ איז זיין נאָמען און זיך דאָרט גוט אויסוויינען פאַר שאַנדע . . .

אפשר איז דאָס טאַקע געווען דער מיין פון דער גמרא (חגיגה ה״) וואָס האָט געטייטשט דעם פסוק (אין ירמיה י״ג): „במסתרים תבכה נפשי מפני גוה״ — הקדוש ברוך הוא האָט אַ פלאַץ ערגעץ אין הימל און „מסתרים״ איז זיין נאָמען און דאָרטן פאַרקלייבט ער זיך און וויינט און קלאָגט אויף דעם אידישן שטאַלץ — ער כביכול שעמט זיך, הייסט עס, פאַר דעם אידישן שטאָלץ . . .

און גראַדע היינט, שטייענדיק ביזן האַלז אין בלוט פון מיינע ברידער און שוועסטער, איבער די מיילן־לאַנגע מאַסן־קברים פון אונדזערע הרוגים וקדושים, ווילט זיך מיר אומבייטן די יוצרות און ענדערן דעם נוסח פון אונדזער תשעה באב . . .

ניט מיר דאַרפן קלאָגן און וויינען, נאָר אונדזער בלוטיקער, עלנדער און פחדנות׳דיקער שונא, וואָס באָדט זיך אין אונדזער בלוט און וואָס איז פאַראורטיילט אונטערצוגיין אין חורבן און שאַנד!

עס ווילט זיך מיר אומדרייען דעם טיש און אויסשרייען אַ קלאָגנדיקע „איכה״ אויף אונדזער שונא־פאָלק:

איכה היתה לזונה!

ווי אַזוי, אַ דייטשלאַנד, ביזטו געוואָרן פון אַ פאָלק פון דיכטער און דענקער, צו אַ באַנדע פון מערדער און הענקער!

וואָס האָט דאָ פּאַסירט מיט דיר, אָ גרמניה?

יאָ, דו האָסט פאַרלאָרן דעם לעצטן וועלט־קריג, וואָס דו אַליין האָסט אָנ־געצונדן, און דאָס האָט געברענט ווי אַ פייער אין דיינע ביינער. דיין נאַציאָנאַלער שטאָלץ איז געווען פאַרוואונדעט און דו האָסט זיך איבערגעגעבן צום טייוול . . .

אָבער, אויך דאָס אידישע פאָלק האָט אַמאָל פאַרלאָרן אַ גרויסע מלחמה. מיר האָבן דורכגעמאַכט אַ גרעסערן חורבן איידער דו און אונדזער שטאָלץ איז מער געטראָטן געוואָרן פון די פיס פון די פאַגאַנישע רוימער . . . מיר, אָבער, האָבן געהאַט די גוואַלדיקע מאָראַלישע גבורה זיך אויסצולאַכן איבער אונדזערע שונאים און אונדזערע גייסטיקע פירער האָבן, אנשטאט צו טראַכטן פון נקמה, נאָך מער פאַר־טיפט און געלייטערט, און אונדזער תורה, פאַרטזעצנדיק ווייטער די אידישע שעפע־רישקייט אויף דעם געביט פון רעליגיע און עטיק . . .

די גוואַלדיקע מאָראַלישע גבורה פון אידישן פאָלק האָסטו, געזונקענע עמלק׳ס טאָכטער, ג ע ק ע נ ט זען גראַדע אין די מאָמענטן פון אונדזערע צווי׳ גרעסטע נאַציאָנאַלע טראַגעדיעס, פון וועלכע מיר זיינען אַרויסגעקומען מאָראַליש געשטאַרקט און גייסטיק געלייטערט. דער גלות בבל האָט אונדז גראַדע אויסגעקו־רירט פון דער געצנדינערישער חולאת, ברייעגנדיק מיט זיך די גאָלדענע באַנייטע שעפערישע תקופה פון עזרא, די סופרים און דערנאָך די אנשי כנסת הגדולה.

דאָס וואָס די גרויסע נביאים האָבן ניט געקענט אויפטאָן, האָט דער גלות בבל גראַדע באַוויזן אויפצוטאָן.

אויך אין די בלוטיקע ווייענישן פון צווייטן חורבן האָבן מיר באַפעסטיקט דעם אידנטום מיט זיינע אייביקע אידעאַלן דורך יבנה און די אַנדערע ישיבות, וועלכע זיינען פאַרמערט געוואָרן גראַדע אין גלות.

און דו, מעכטיק און פייאיק דייטשיש פאָלק, האָסט פאַרלאָרן אַ גרויסע מלחמה, וואָס דו האָסט אַליין אַרויסגערופן, ביזטו גלייך פאַרפאַלן אין דעם מורא־דיקן זומפּ פון פאַגאַנישער ווילדקייט און מאָראַלישער געזונקענהייט.

דיינע נאַבעלע זין, דיינע לעסינגס, שילערס, קאַנטס, פאָן הומבאָלדטס און בעטהאָווענס, ווערן פאַרלאַכט פון דיר אַליין און געטראַמפּלט מיט די פיס פון דיינע ווילדע צעלאָזענע קינדער, בעת דיינע טאָמאַס מאַן׳ס זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון דיינע גרעניצן.

און אין דיין לאַנד הערשן סאַדיסטן, האָמאָסעקסואַליסטן, אונטערוועלט־העלדן און באַנדיטן!

דיינע שטעט זיינען פאַראומרייניקט געוואָרן פון מאָרד, רויב און זנות. דיינע אוניווערזיטעטן זיינען פאַרפאַלשעוועט געוואָרן און דיינע ביבליאָטעקן זיינען אָנגע־פּילט געוואָרן מיט פאַלשע, משוגענע ביכער, געשריבן פון קראַנקע, פאַרברעכערישע און פסיכאָפּאַטישע מחות! . . .

אָ ווי נידעריק, אָ גרמניה, דו ביזט געפאַלן!

און דאָס איז נאָך ניט אַלץ. דיין סוף וועט זיין נאָך פיל ערגער, ווען דער טאָג פון רעכנשאַפט וועט קומען. דו וועסט אַליין אויפגעריסן ווערן פון דיינע אייגענע קינדער, וועלכע דו האָסט געלאָזט דערציען פאַר רויבער, ליגנער, פאַרברע־כער און מערדער . . .

ווען דער גרויסער טאָג וועט קומען, ווען דו וועסט ליגן אויף די קני און שרייען „קאַמעראַד”, זיך בעטנדיק שלום, וועט דער גאַנצער טייוולשער היטלעריזם, מיט וועלכן דיין יוגנט און גרויסע טיילן פון דיין פאָלק זיינען פאַר׳סמ׳ט געוואָרן, אויפגעריסן ווערן און דו וועסט פאַרצערט ווערן פון אַ שרעקלעכן כאַאָס און חורבן, וואָס וועט זיין דער רעזולטאַט פון דיין פאַרלאָרענער מלחמה און פון דעם באַנקראָ־טירטן נאַציזם, וואָס האָט דיר געוואָרפן אין כף הקלע! . . .

אָט די „איכה” וואָלט איך געוואָלט לייענען היינטיקן תשעה באב אויף דייטש־לאַנד, וועלכע האָט זיך איבערגעגעבן דעם טייוול אין די הענט און זיך פאַרמאָסטן אָנצופירן אַ פאַרניכטונגס־קריג קעגן דעם אידישן פאָלק, וואָס האָט שוין באַוויזן זיין מאָראַלישע גבורה און זיין אומבאַזיגבאַרע שטאַרקייט, גראַדע אין די מאָמענטן פון נאַציאָנאַלע אומגליקן.

איז דאָס, אפשר, דער מיין פון דעם מדרש וואָס זאָגט, אַז אין דעם טאָג וואָס איז הרוב געוואָרן דער בית המקדש, איז געבאָרן געוואָרן דער גואל?

אויב אַזוי, איז וואָס שטאַרקער דער חורבן אַלץ שטאַרקער איז דער גואל . . .

מעגן מיר פון היינטיקן חורבן אונדזערן דערוואַרטן די אמת׳ע גרויסע גאולה — און דעריבער: נחמו נחמו עמי!

# אינהאלט